דאָזיקער ועד איז געווען, ווי באוווּסט, צונויפגעשטעלט פון לאַנגיעריקע יידישע ישובים, באַרימט אלס איינהייטן פון אדמיניסטראַטיווער, רעליגיעזער און יורידישער פירונג. לויט דעם הייסט עס, אז דאָס יידישע רוזשאַן האָט עקזיסטירט נישט ווייניקער ווי פינף הונדערט יאָר קלאָר און דייטליך, און ביי טויזנט יאָר לויט אַלע באַזירטע השערות. מיטן פאַרניכטן רוזשאַן האָט דער שונא פאַרניכטעט איינעם פון די עלטסטע יידישע ישובים אין פוילן — און זיין פאַרברעכן איז אומבאַשרייבליך.

## עקאָנאָמיע און געזעלשאַפטליכעס לעבן

מיר קענען נישט פעסטשטעלן גענוי, וואָס איז געווען די עקאָנאָמישע באַזע פון די רוזשאַנער יידן אין די אַלטע צייטן. אויך קענען מיר נישט באַשטימען זייער געזעלשאַפטליכן לעבן. אָבער אויך דאָ, לויטן פאַרגלייך מיט אַנדערע ישובים אין מאַזאָוויע, וועלן מיר נישט האָבן קיין טעות, אויב מיר וועלן פעסטשטעלן, אז די מלאכות זענען געווען זייער ערשטע און מערסטע באַשעפטיקונג, און דערנאָך זענען געקומען האַנדל און דאָס אַנדערע.

א׳ לעווינסאָן, אין זיין אויספירליכן בוך "די געשיכטע פון יידן אין וואַרשע", באַשטימט, אז עס איז שווער צו ציען זיכערע קאָנסעקווענצן וועגן די באַשעפטיקונגען פון די מאַזאָ־ווישע יידן אין דער צייט ווען זי איז אָנגעשלאָסן געוואָרן צום פוילישן קעניגטום און אין די נאָענטע יאָרהונדערטן צו דעם, אָבער פון פאַרשידענע אַנאַלאָגיעס קאָן מען זאָגן, אז:

(א) די מאַזאָוויער יידן האָבן ווייניק זיך פאַרנומען מיט געבן הלוואות אויף פּראָצענט. מיט דעם האָבן זיך פאַרנומען פיל קריסטן, צווישן זיי גלחים און אַנדערע גייסטליכע.

(ב) די מאַזאָווישע יידן, אזוי ווי די יידן פון גאַנץ פוילן, האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרשידענע מלאכות; און אין נאָמען פון יצחק שיפּער ברייננגט ער: "נאָך א ראיה אז די יידן האָבן זיך פאַרנומען מיט מלאכות איז די לאַטיינישע בראָשור "דער ענטפער פון די יידן וועגן האַנדל" פון יאָר 1539, אין וועלכן דער אַנאָנימער מחבר שטעלט פעסט, אז אין פוילן זענען כמעט נישאָ קיין קריסטליכע בעלי־מלאכות, און די צאָל פון די יידישע בעלי־מלאכות איז דריי מאָל גרעסער ווי די צאָל פון די קריסטליכע."

דאָס אַלץ ווערט געזאָגט כדי צו פעסטשטעלן די פאַקטן פון אונדזער קיום אין גלות און אין גלות פון פוילן. דאָס איז אויך א צוגאָב צו דער אומגליקליכער אַפּאָלאָגעטיק, וואָס אונדזערע שונאים האָבן אויף אונדז געצוווּנגען אין די פאַרשידענע תקופות. מיר דאַרפן אונטערשטרייכן דעם פאַקט, אז אונדזער פאָלק האָט שטענדיק געוווּסט ווי זיך צוצופּאַסן צו די שווערסטע אומשטענדן און איז אויך געווען נוציק און לעבנסוויכטיק פאַר די גויים — צו להכעיס זייער כעס און שנאה. די אייגנשאַפט האָט אים אָפּגעטיילט פון די אַנדערע פעלקער און א דאַנק איר האָט ער געקענט עקזיסטירן אין אַלע פאַרוואָרפענע עקן אפילו, זיך פאַראַנקערן און פירן ווייטער דאָס לעבן און חלומען וועגן ציון. ערשט נאָך די מלאכות האָט דער ייד — געצוווּנגען דורך די אומשטענדן — ענטוויקלט דעם האַנדל, און דאָס כדי צו פאַרקויפן די איבעריקע אַרבעטס־פּראָדוקטן, וועלכע דער אָרטיקער מאַרק האָט נישט געקענט פאַרנוצן. אזוי אַרום האָבן זיך ענטוויקלט זיינע סוחרישע פעיִקייטן, אָבער די הויפּט באַשעפטיקונג זיינע איז געווען די מלאכה.

אזוי געפינען מיר רוזשאַן א שטאָט מיט זעקס צעכן פון פאַרשידענע מלאכות און באַדי־נונגס באַשעפטיקונגען ("ענציקלאָפּעדיאַ פּוּווּשעכנאַ"), א גאַרבערייַ און אַן אָנהויב פון בורשטין באַאַרבעטונג. אויב אין יאָר 1401 האָט רוזשאַן באַקומען א סטאַטוס פון שטאָט, נאָך

דעם וואָס זי איז געווען א סטאראָסטוואָ שוין א לאנגע צייט, איז די אורבאניזאציע צו פארדאנקען די יידן, וועלכע זענען געזעסן אין איר און זי ענטוויקלט אלס א שטאָט: מערק און געריכט־אינסטאנצן, פריווילעגיעס צו באפרייען פון צאָל־אמט, אָפשטעלן געוויכטן, א באָד און דאָס גלייכן.

וועגן דער רעליגיעזער און געזעלשאפטליכער אָרגאניזירונג פון די יידן אין רוזשאן האָבן מיר צוויי נאָטיצן: איינע א קלאָרע, אז "אין 18טן יאָרהונדערט איז זי געווען אן אונטער־קהלה און באשטאנען אלס א טייל פון קהלת מאקאָוו" ("יעווריייסקאיא ענציקלאָ־פעדיא"); און די צווייטע, א וויניקער אויסגעשפּראָכענע אָבער א פריערדיקע, אז אין צייט פון עקזיסטענץ פון "ועד ארבע ארצות" (1530—1766) איז רוזשאן געווען א פולשטענדיק אומאָפהייניגיקע קהלה און האָט געהערט צום ועד דירעקט און האָט אויסגעפילט אלע פליכטן פון א זעלבסטשטענדיקער קהלה.

פאר די פריערדיקע יאָרהונדערטן איז נישטאָ קיין עדות וועגן קהלת רוזשאן, אויסער די אלגעמיינע רייד פון יצחק שיפּער וועגן דעם 12טן יאָרהונדערט: "...אין אונטערשייד מיט דער שווערער לאגע פון די קהלות אין רוסלאנד ענטוויקלט זיך דאָס יידישעס לעבן אין מאזאָוויע און שלעזיען און פון צייט צו צייט שטייען דאָרט אויף נייע קהלות."

## ציפערן און וואקלונגען

פאקטן פאר דעמאָגראפישער סטאטיסטיק וועגן יידן אין רוזשאן געפינען זיך נאָר פון אָנהויב פון 18טן יאָרהונדערט. ביז דאן זענען נישטאָ קיין פיל ציפערן וועגן פאָליאקן און אנדערע, נישט גערעדט וועגן יידן. פון דאָס ביסל וואָס מען קאָן געפינען באקומען מיר אזא בילד וועגן דער יידישער באפעלקערונג דאָרטן. אויף זיכער קאָן מען זאָגן, אז ביז דער תקופה, וועלכער עס שילדערט פנקס רוזשאן, געפינט זיך די יידישע באפעלקערונג אין אן אויסערגעוויינליכער פארמערונג.

לויט דער "יעווריייסקאיא ענציקלאָפעדיא" קריגן מיר אזא בילד:

| | |
|---|---|
| אין יאָר 1765 | 173 יידן אין רוזשאן |
| אין יאָר 1856 | 773 יידן אין רוזשאן |
| אין יאָר 1897 | 1698 יידן אין רוזשאן |

אויב מיר וועלן אריינשטעלן אין דער טאבעלע דאָס יאָר 1828 פון "סלאָוואניק געאָגראַ־פיטשני", וועלכער גיט אָן 304 יידן, וועלן מיר באקומען א דיאגראמע, וואָס איז אין שטענדיקן אויפשטייג, ביז פארדאָפּלונג און נאָך מער. אָבער אין פארגלייך מיט די צאָלן פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג אין רוזשאן איז די פארמערונג פון דער יידישער באפעלערונג קאפריז און שווער צו דערקלערן.

אין 1828 זענען דאָ אין רוזשאן 304 יידן צווישן 1021 איינוווינער — געגוויע 30%.
אין 1856 זענען דאָ אין רוזשאן 773 יידן צווישן 1326 איינוווינער — 58%.
אין 1897 זענען דאָ אין רוזשאן 1698 יידן צווישן 3621 איינוווינער — געגוויע 47%.

## סוף דבר

מיר האָבן געווידמעט אונזער איבערבליק צייט און מי פיל מער ווי די רעזולטאטן באווייזן דאָס. מיר האָבן געהאָפט צו געפינען מער, אָבער מוזן זיך באגנוגנען מיט דעם וואָס מיר האָבן געפונען, ווייל די צייט איז קורץ און מיר מוזן אויפשטעלן א זכר די קהלות,

וועלכע זענען פארניכטעט געוואָרן. עס איז אויך וויכטיק, אז די גאנצע וועלט זאָל וויסן דעם אמת און זאָל זען די ריכטיקע געשטאַלט פון אונדזערע קהלות:

(א) אונדזערע קהלות זענען באַשטאַנען פון פרידליכע, פרידנס־ליבנדע מענטשן, וועלכע זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד און דערביי באַרייכערט די לענדער אין וועלכע זיי זענען געזעסן און האָבן ענטוויקלט פאַר זיך אַ פּראָדוקטיוון לעבן נישט אויפן חשבון פון אַנדערע.

(ב) דער שטענדיקער טרויס וועגן ציון און ירושלים האָט געבראַכט דערצו, אַז ביי יעדער געלעגנהייט פון שיבת ציון פלעגן יידן פאַרלאָזן זייערע וווינערטער מיט פרייד און דאַנק.

(ג) די פלייסיקייט פון די יידן האָט ערוועקט אינסטינקטן פון קנאה און שנאה, וועלכע האָבן געפירט צו אַנטיסעמיטיזם.

(ד) אין קיין צייט און קיין רעזשים האָבן יידן נישט זוכה געווען צו אַן אָפּשאַצונג פון די, וועלכע האָבן הנאה געהאַט פון זייער פלייסיקייט.

דאָס איז ריכטיק און וויכטיק צו וויסן אין אַלע דורות און אין אַלע לענדער פון זייער פאַרשפּרייטונג.

די רעדאַקציע

**אַפּענדיקס צו דעם היסטאָרישן איבערבליק**

# פון די קוועלן

**ענציקלאָפּעדיע פּאָווש עכטנאַ**

**רעדאַקטאָר: שמואל אָרגלבאַנד**

1866

רוזשאַן (Różan)... אַ שטאָט אין פּלאָצקער גובערניע, פּולטוסקער קרייז, זיצט אויפן נאַרעוו. אין אַלט־פּוילן איז ר׳ געווען די צענטער שטאָט פון דער ארומיקער געגנט. עס געפינען זיך אין איר אַ פעסטונג און אַ קרייז־געריכט.

...אין 1424 האָט יאַן, דער פירשט פון מאַזאָוויע, איר געגעבן פּריווילעגיעס פון אַ שטאָט און האָט אָנגעשלאָסן אָן איר אַרומיקע דערפער און אַ סך אַקער־ערד. אין אירע פּריווי־לעגיעס זענען געווען אַ באַשטעטיקונג פאַר אַ באָד, אַ פּריזערריי און וואָג־קאָנטראָל, און אויך דאָס רעכט אַרויפצולייגן וועג־אָפּצאָל און אַנדערע אָפּצאָלן.

די קעניגין באָנאַ האָט דאָ אויפגעבויט איינעם פון אירע פּאַלאַצן און פלעגט דאָ וווינען פון צייט צו צייט.

...אין די נאָטיצן פון 1654 געפינען זיך דאָ 320 הייזער. ... אין 1581 איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ סקלאַד פאַר זאַלץ, וועלכער איז געווען אַ צענטראַלער סקלאַד. די זאַלץ צושטעלער האָבן געדאַרפט ברענגען אין סקלאַד טויזנט פעסער זאַלץ פון ווייעליטשקאַ און פינף הונדערט פון באָכניאַ. זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט צו פאַרקויפן דעם זאַלץ אויף זייער אייגענער פאַראַנטוואָרטליכקייט ווען ס'איז פאַרגאַנגען צוויי וואָכן נאָכן אים אַריינברענגען.

...אין די צייטן פון אויגוסטוס דעם צווייטן איז די שטאָט חרוב געוואָרן אין דעם שוועדישן קריג און אַלע אירע אַלטערטימער זענען פאַרשוואונדן. דער איינציקער בנין וואָס איז געבליבן איז געווען די מויער פון דער קאַטוילישער קירכע. אין די לעצטע יאָרן איז די

קירכע ווידער אויפגעבויט געוואָרן, אָבער אירע גאָטישע קאָרידאָרן זענען אזוי רואינירט געוואָרן, אז מען האָט נישט געקענט זיי רעקאָנסטרואירן.

דער פרעכטיקער פאַלאַץ און די דריי אנדערע קירכן זענען פארניכטעט געוואָרן ביזן גרונט.

...אין שטאָט זענען געווען זעקס צעכן: שפינערס, וועבערס, שטריקערס, פעלצנמאכער, שניידערס און שוסטערס. און ס'איז אויך געווען א חברה מיטן נאָמען "ערד־ארבעטער ברידערליכקייט".

...אין יאָר 1813 איז פארניכטעט געוואָרן דער מאגיסטראט מיט זיין טורעם. אויף די שטיינער, פון וועלכע מען האָט ברוקירט די גאסן פון שטאָט, קאָן מען נאָך היינט (1866 — די רעד.) זען טיילן פון אויפשריפטן, וועלכע דערציילן, אז די שטיינער זענען גענומען געוואָרן פון דער געביידע פון מאגיסטראט.

...צום היינטיקן טאָג געפינען זיך דאָרט 151 הייזער. עס איז דאָרט דאָ א גארבעריי און א מאגיסטראט. לויטן געזעץ פירן זיך דאָרט זעקס יארידן א יאָר.

**סלאָווניק געאָגראַפּיטשני**

**רעדאקטאָר: וולאדיסלאוו וואלעווסקי**

אויפלאגע פון 1888

רוזשאן (Różan)... א שטעטישער ישובביים טייך נארעוו, ביים ארייננגוס פון דער ראָזשאניצא. געהערט צו שיעלונער קרייז, 88 וויאָרסט פון ווארשע, פארבונדן מיט איר דורכן שאָסיי ווארשע־קאָוונע, 34 וו' פון פולטוסק, 28 וו' פון אָסטראָלענקא, 62 פון לאָמזשע.

...א קאטוילישע קירכע מיט א מויער, א בית־מדרש, א מאגיסטראט געביידע, א ביר־ברויעריי און אויך א ברויעריי פון מעד.

172 הייזער, 2414 איינוווינער (די צאָל פון די יידן נישט דערמאָנט — די רעד.).

אין 1828 זענען געווען אין ר' 114 הייזער און 1021 איינוווינער, צווישן זיי 304 יידן. אין 1860 זענען געווען 151 הייזער, 1810 איינוווינער (אָן א צאָל פון די יידן — די רעד.). ארכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען האָבן אנדעקט קברים און גריבער פון א פרעהיסטאָרישן ישוב. דער אלטערטימלעכער ישוב איז געוויס פארוואנדלט געוואָרן אין א יורידישן און האנדלס צענטער פון דער גאנצער סביבה.

...נעבן דער פעסטונג, וועלכע פארנעמט דעם גאנצן בערגל ביים נארעוו, האָט זיך קאָנצענטרירט א ישוב, וועלכער האָט באקומען דעם סטאטוס פון א שטאָט אין אָנפאנג פון 15טן יאָרהונדערט. יאן, דער פירשט פון מאזאָוויע, האָט אין יאָר 1401 געשאָנקען 29 אקער פעלדער א מענטשן מיטן נאָמען פּאָקשיוואָקא, כדי ער זאָל זיי אָנשליסן אָן דער סטאראָסטוואָ פון ר'.

א דאָקומענט פון דעם פירשט, וואָס איז ארויסגעגומען געוואָרן אין טשעכאנאָוו, באשטע־טיקט און פארברייטערט די פריווילעגיעס פון שטעטישן ישוב אין ר' און גיט נאָך צו די פריווילעגיעס פון באשטעטיקן א באָד, א פריזעריי, וואָג קאָנטראָל, באפרייאונג פון אָפּצאָל און אנדערעס.

...מיטן אָנשלוס פון מאזאָוויע צום פוילישן קרויז איז ר' פארוואנדלט געוואָרן אין א פאָלקאָמענע קרייז שטאָט, אין וועלכער עס זענען פאָרגעקומען אָרטיקע און קרייז געריכטן. סאווינטשיצקי רופט זי אָן "א שטאָט פול מיט לעבן און באוועגונג".

...לויט דער טראַדיציע האָט דאָ געבויט די קעניגין באָנא איר פּאַלאַץ און פלעגט דאָ פאַרווײַלן פון צייט צו צייט.

...לויט די נאָטיצן פון 1564 זענען אין ר׳ געווען 320 הייזער, וועלכע האָבן נישט געצאָלט אַקציז און אָפּצאָל.

אין 1581 איז געגרינדעט געוואָרן אַ צענטראַלער סקלאַד פון זאַלץ. דער אויפזעער פון דער זאַלץ פּראָדוקציע האָט זיך פאַרפליכטעט צושטעלן אין דעם סקלאַד יעדן יאָר 1000 פעסער זאַלץ פון וויעליטשקאַ און נאָך 500 פעסער פון באָכניאַ. אין משך פון די ערשטע צוויי וואָכן איז דער פאַרקויף געווען לויט די אינסטרוקציעס פון שטאָט; נאָך די צוויי וואָכן האָט ער געקענט פאַרקויפן ווי ער האָט געזען פאַר ריכטיק.

...די הכנסות פון אַריבערפאָרן דעם נאַרעוו האָבן געהערט דער שטאָט.

...אין 1526 האָט אַננאַ, די פירשטין פון מאַזאָוויע, באַשטעטיקט די פּריווילעגיעס אויפן בריק (דורכפאָר אָפּצאָל — די רעד.) דער שטאָט ר׳, און זיגמונט האָט זיי ווידער באַשטעטיקט.

...די קעניגין באָנא האָט ערלויבט די איינוווינער אין 1549 האַקן האָלץ אין די וועלדער אַרום ר׳. ... אירע ערד האָט דאַן געהאַלטן 1943 מאָרג.

...אין 1664 האָבן געהערט צו ר׳ קרייז די דערפער: פּרעזיזשאַנאָוו, לוס, זאַלוזשע, ראָזשאַנאָוו, גראַבאָווקאַ און זלאָטאָווקאַ.

...אין 17טן יאָרהונדערט איז ר׳ חרוב געוואָרן צוליב אָפטע מלחמות (די שוועדישע אינוואַזיעס — די רעד.) און צוליב די עפּידעמיע פון דער דזשומע. אין ענדע פון דעם יאָרהונדערט האָט די שטאָט זיך אָנגעפאַנגען צוריקבויען.

פון אירע אַלטערטימליכקייטן איז געבליבן נאָר די קירכע אויפן נאָמען פון דער הייליקער אַננאַ, וועלכע מען האָט רעקאָנסטרואירט אין 1841. די ווידער־אויפבוי אַרבעטן האָבן אין גאַנצן אָפּגעמעקט דעם באַזונדערן סטיל פון איר בוי, וואָס איז געווען אָנגענומען אין אָנפאַנג פון 16טן יאָרהונדערט און וועלכער צייכנט זיך אויס מיט זיינע שפּיציקע געוועלבן. פון פּאַלאַץ און די דריי אַנדערע קירכן איז נישט געבליבן קיין זכר. די אַלטע מאַגיסטראַט געביידע מיט איר באַרימטן טורעם זענען פאַרניכטעט געוואָרן אין 1813.

...פון דער שטאָט ר׳ איז אַרויס מאַטשיי דער רוזשאַנער, וועלכער האָט געדינט פון יאָר 1430 אַלס אַ שרייבער פון דעם פירשטנטום און ער האָט עס איבערזעצט די מאַזאָווישע קאָנסטיטוציע (פון לאַטייניש אויף פּויליש — די רעד.). די געשיכטע פון ר׳, צוזאַמען מיט אַ דאָקומענט פון 1403, האָט פאַרשריבן ה׳ גוואַרעצקי אין זיין בוך "פּלאָצקער זכרונות", 1830.

...אין 1877 האָט מען געפונען בורשטין אין די וועלדער פון ר׳.

**יעווריייסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ**

**רעדאַקטאָר: ד״ר ל׳ קאַצענעלסאָן**

1908

...אין דער עפּאָכע פון זשעטשפּאָספּאָליטאַ איז ר׳ געווען אַ צענטער שטאָט (אין איר זיצט דער קרייז־ראַט — די רעד.), און זי האָט געהערט צו דער מאַזאָוויעצקער גובערניע.

אין 18טן יאָרהונדערט איז ר׳ געווען אַן אונטער־קהלה און צוגעהערט דער קהלה פון מאַקאָוו.

אין 1765 זענען געווען אין איר 173 יידן.
היינט געהערט ר׳ צו לאָמזשער גובערניע, מאקאָווער קרייז (פריער פלאָצקער גוב.).
ר׳ געהערט צו די יידישע שטעט, אין וועלכע די יידן האָבן נישט אָנגעשטויסן זיך מיט באגרענצונגען פון תחום־המושב און אנדערע באגרענצונגען.
לויטן באפעלקערונגס־פארשרייב אין 1865 זענען אין ר׳ געווען 553 קריסטן און 773 יידן.
לויט דער סטאטיסטיק פון 1897 זענען געווען 3721 איינוואוינער מיט 1698 יידן.

**פנקס ועד ארבע ארצות**
**ישראל הלפרין**

...אין א שריפטליכער באקאנטמאכונג פון א קאָמיסיע פון 22סטן אפריל 1766 (י״ג אייר תקכ״ו) ווערט פעסטגעשטעלט, אז מען דארף איינמאָנען ביי די יידן 3 זלאָטעס פער פערזאָן צו באצאָלן די חובות פון די ועדים, און מען האָט באשטימט די טערמינען און סומען ווען און וויפל און ווו צו באצאָלן די חובות. די מאָנערס זענען געווען מערסטנס פון די ״פעסטונגען״ קראקאָוו, לוואָוו, קאליש; פארשידענע אינסטיטוציעס אין רוסלאנד, גרויס־פוילן און אנד׳; און פריוואטע מענטשן. (צווישן די שטעט, וועלכע מען האָט די יידישע איינוואוינער פארפליכטעט צו צאָלן די חובות, געפינט זיך אויך ר׳, און די רשימה איז נישט קיין גרויסע — די רעד.)

**וויעלקא ענציקלאפעדיא פאוושעכנא**
**ווארשע, 1967**

רוזשאַן, א שטעטל אין מאקאָווער קרייז, וואָיעוואָדסטוואָ ווארשע, אויפן נארעוו.
אין 1965 — 1400 איינוואוינער, אָ קרייז־וועג, באדינונגס צענטער, אן אלטערטימלעכע פעסטונג, באַשטייט פון פיר פאַרטן (1885).
געזעץ־געבונג אלס שטאָט פון 1373. פון 15טן יארהונדערט דער זיץ־פלאץ פון דער ״ערד״ (לאנדווירטשאפטליכער קרייז ראט) און פון קרייז ראט. נאכן אנשלוס פון מאַזאָווישע צום קרוין (1562) אויך א שטאָטישע סטאראָסטווע.
אין 16טן יאָרהונדערט א צענטער פאר לאנדווירטשאפטליכער אינדוסטריע. פון 1581 א זאַלץ רעזערוואַר. חרוב געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה חרוב געוואָרן און שטארק געשעדיקט.

## צו דער געשיכטע פון שטעטל
(פראגמענט)

רוזשאַן — אָ שטאָט אין מאָקאָווער פאָוויאט, ליגט ביים אריינפאַל פון רוזשאַניטצע אינעם נארעוו, 20 קל״מ מזרחדיק פון מאָקאָוו־מאַזאָוויעצקי, אויף דער וועג־קרייצונג ווארשע־אָסטראָלענקאָ און טשעכאנאָוו—אָסטרוּוו־מאַזאָוויעצקי.
דער ישוב רוזשאן, פריער אריינגענומען אין די גרענעצן פון דער זאקראָטשימער ערד, האָט אין יאָר 1378 באקומען די לאָקאַציע־פּריווילעגיע. אין יאָר 1403 האָט דער מאַזאָווישער פירשט, יאַנוש דער ערשטער, באַשטעטיקט און אויסגעברייטערט די פריווילעגיע צוטיילנ־

דיק דער שטאָט די כעלמינער רעכט און אָנערקענענדיק פאַר איר די הכנסות פון באָד און פון דער שטאָטישער וואָג. פון 15־טן יאָרהונדערט איז רוזשאַן געווען די הויפּט־שטאָט פון דעם א. ג. רוזשאַנער אָדער מאַקאָווער געביט, אַ צענטער פאַר א פּאָוויאַטאָווע געריכט און סטאַראָסטווע. אין 1564 האָט רוזשאַן געציילט 330 הייזער, מן הסתם אַ 2,000 איינוווינער. אין יאָר 1581 האָט מען דאָ איינגעשטעלט אַ סקלאַד פון זאַלץ פאַרן צפונדיקן מאַזאָוושע. אין שטאָט האָבן זיך דעמאָלט געפונען פינף האַנטווערקער־צעכן, וועבערס, שטאָף, שניידערס, קירזשנערס און שוסטערס, ווי אויך א פּויערים־געמיינדע, וועמענס עקזיסטענץ זאָגט עדות וועגן דער גרויסער באַדייטונג פון דער לאַנדווירטשאַפט פאַר דער שטאָט. די רוזשאנער סוחרים האָבן געפירט אַ האַנדל מיט תבואה און וואַלד־פאַבריקאַטן, ווי געהילץ, סמאָלע, אויך וואַקס און האָניק; דאָ האָט מען אויך געהאַנדלט מיט פעל.

די אויפבלי־תקופה פון שטאָט האָט געדויערט ביז דער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט. אין דער צווייטער העלפט פון זיבצטן יאָרהונדערט האָט רוזשאן געציילט א 250 איינוווינער. אין יאָר 1777 זענען דאָ געווען 65 הייזער.

אין נײַנצטן יאָרהונדערט האָט רוזשאן זיך אַנטוויקלט פּאַרהעלטניסמעסיק שנעל. דאָ זענען פאָרגעקומען 6 יאַרידן אין משך פון יאָר, ס'האָט געאַרבעט אַ גאַרבעריי, אַ ברויעריי און א פאבריק פון מעד. דער וווּקס אין דער צאָל איינוווינער פון 582 אין יאָר 1810 ביז 1810 איינוווינער אין יאָר 1860 איז וואָס אַן אמת נישט געגוּגנט געווען איינצוהאַלטן שטאָטישע רעכט, וועלכע זענען צוגענומען געוואָרן אין יאָר 1869, נאָר דער ווייטערדיקער וווּקס פון דער באַפעלקערונג — 4435 אין יאָר 1910 — האָט דערמעגלעכט זיי צוריק באקומען אין יאָר 1919.

אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז רוזשאן 2 מאָל פאַרניכטעט געוואָרן: אין יאָר 1939 און אין די יאָרן 1944—1945 און אויך צוליבן אויסליידיקן זיך פון דער באַפעלקערונג אַ דאנק דער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק פונעם אָקופּאַנט.* 95% געביידעס זענען פערוואַנדלט געוואָרן אין חורבות און פון די 6,000 איינוווינער אין יאָר 1939, זענען אין יאָר 1945 געבליבן 730.**

אין יאָר 1961 האָט די צאָל איינוווינער אין רוזשאַן באַטראָפן 1393. די עיקר־באַשעפטיקונג פון דער באפעלקערונג איז לאַנדווירטשאַפט. פאַראַן דאָ 28 האַנטווערקער־וואַרשטאַטן, א פאַרם צו האָדעווען פוטער־חיות און אַ מיל. ס'עקזיסטירט דאָרט אַ פאָלקס־שול און א פּעדאַגאָגישער ליצעאום. פאַרנעמט א שטח פון 12,77 קוו. קל"מ. דער צענטער פון פּלאַנירן די שטאָט מיט אַ רעגולערן בוי איז דער רינעק. אַ פּאַראַפיע־קלויסטער אין

* אין דעם פאַל (פון אויסראָטן די יידישע באַפעלקערונג) און ביים אָנגעבן אַנדערע ציפערן און פאַקטן פונעם שטעטל, ווערט מיט קיין וואָרט, אפילו נישט מיט קיין רמז, דערמאָנט דער נאָמען ייד, צי באַרירט וועלכער ס'איז יידישער מאָמענט אין דער געשיכטע פון רוזשאַן. דער מקור פונוואַנען מיר האָבן גענומען די אַלע ידיעות איז דאָך דערשינען אין פּוילן, אין 1967!
(Miasta Polskie w Tysiącleciu צווייטער באַנד. וואַרשע — 1967).

** אין יאָר 1932 האָט רוזשאַן געציילט ביי אַ 3000 יידן (רעד').

לויט דער "יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" (ס. פּעטערבורג, 1912) האָבן אין יאָר 1765 געלעבט אין רוזשאַן 173 יידן.

אין "ענציקלאָפּעדיטשעסקי סלאָוואר" פון בראָקהאוס, דערשינען אין יאָר 1899, ווערט רוזשאַן באַצייכנט אַלס אַ ישוב אין מאַקאָווער אויעזד, לאָמזשער גובערניע, אויפן טייך נאַרעוו. די צאָל איינוווינער — 3252. אַ קלויסטער, אַ שול.

גאָטישן סטיל, אויפגעשטעלט אוודאי אין דער ערשטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט, פונאַנדערגעבויט אין 19־טן און 20־סטן יאָרהונדערט.

## לתולדות העיירה
(קטע)

רוז'אן — עיר במחוז (פּוביאַט) מאקוב, שוכנת ליד שפך הרוז'אניצה לתוך הנארב, עשרים ק"מ מזרחית למאקוב—מאזובייצקי, על פרשת הדרכים וארשה—אוסטרולנקה וצ'כאנוב—אוסטרוב—מאזובייצקי.

היישוב רוז'אן, שקודם היה כלול בגבולות האדמות של זאקרוצ'ימה, קיבל בשנת 1378 את זכויות המיקום (לאָקאַציע־פּריווילעגיע). בשנת 1403 אישר הנסיך של מאזובשה, יאנוש הראשון, והרחיב את הזכויות (פריווילגיה) בתיתו לעיר את חוקת כלמינו (כעלמינער רעכט) והכיר בזכותה על ההכנסות מבית־המרחץ ומן המשקלות העירוניים. החל מן המאה ה־15 היתה רוז'אן הבירה של מה שכונה המחוז של רוז'אן, או מאקוב, מרכז לבית־המשפט המחוזי ולסטארוסטה. בשנת 1564 מנתה רוז'אן 330 בתים, מן הסתם כאלפיים תושבים. בשנת 1581 הוקם פה מחסן מלח בשביל מאזובשה הצפונית. בעיר נמצאו אז חמישה איגודים (צעך) של בעלי־מלאכה: אורגים, מעבדי בדים, חייטים, כובענים וסנדלרים. כמו כן נוסדה קהיליית־איכרים, עובדה המעידה על חשיבותה הרבה של החקלאות בשביל העיר. סוחרי רוז'אן סחרו בתבואה ומוצרי יער, כגון עצים וזפת, וכן בדונג ודבש; סחרו גם בעורות.

תקופת הפריחה של העיר נמשכה עד מחצית המאה ה־17. במחצית השנייה של מאה זו מנתה רוז'אן כ־250 תושבים. בשנת 1777 היו בה 65 בתים.

במאה ה־19 התפתחה רוז'אן במהירות יחסית. נתקיימו בה ששה ירידים במשך השנה, היו בה בית־בורסקי, בית־חרושת לבירה ובית־חרושת לתמד (מעד). גידול האוכלוסיה מ־582 בשנת 1810 עד ל־1810 בשנת 1860 לא היה בו כדי לקיים את זכויותיה העירוניות, אשר נלקחו ממנה בשנת 1869, אולם הגידול המתמיד של האוכלוסין — 4435 בשנת 1910 — איפשרו לה לקבלן חזרה (בשנת 1919).

במלחמת־העולם השנייה הוחרבה רוז'אן פעמיים: בשנת 1939 ובשנים 1944—1945. נוסף לכך גירוש האוכלוסיה היהודית על־ידי הנאצים.* 95% של הבניינים נהפכו לחורבות, ומששת אלפים התושבים שבשנת 1939 נותרו בשנת 1945 רק 730 (לא יהודים, כמובן).**

בשנת 1961 הגיע מספר תושבי רוז'אן ל־1393. עיקר עיסוקם של האוכלוסין היתה החקלאות. ישנן 28 סדנאות של בעלי־מלאכה, חווה לגידול חיות־פרווה וטחנת־קמח. קיים בית־ספר יסודי וישנו ליצאום פדגוגי. תופסת שטח של 12.77 קמ"ר. מרכז תיכנון העיר ובנייתה הרגילה היא כיכר השוק. כנסייה איזורית בסגנון גוטי, הוקמה כנראה במחצית הראשונה של המאה ה־16, הורחבה במאות ה־19 וה־20.

* במקרה זה (של השמדת האוכלוסיה היהודית) ובמסירת מספרים אחרים ועובדות מהעיירה אין מזכירים, ולו במלה אחת או ברמז, את השם יהודי והבחינה היהודית בתולדותיה של רוז'אן. המקור, ממנו נטלנו ידיעות אלה, הרי הופיע בפולין בשנת 1967!
(Miasta Polskie w Tysiącleciu) חלק שני, וארשה, 1967.

** בשנת 1932 מנתה רוז'אן כ־3000 יהודים. לפי "ייברייסקאיה אנציקלופדיה" (פטרבורג 1912) חיו ב־1765 ברוז'אן 173 יהודים. ב"אנציקלופדיצ'סקי סלובאר" של ברוקהאוס, שהופיע ב־1899, מוזכרת רוז'אן כעיר באויאַזד של מאקוב, גוברניה לומז'ה, על נהר הנארב. מספר תושביה — 2352. כנסייה, בית־כנסת.

# זכרונות מן העבר

יהודה קורניק ז"ל

## חורבנה הקודם של העיירה

(זכרונות ממלחמת־העולם הראשונה)



המלחמה מתקרבת לאיזור רוז'אן. העיירה עדיין שקטה. בכל זאת לא חשנו כבר בגודל הסכנה המאיימת. כל אחד היה טרוד עוד בעסקיו, אבל השלטון הרגיש כבר בסכנה המתקרבת. את היסוסי השלטון חשנו יותר ויותר ולא יכולנו להיות אדישים לכך, שהרי חיים בלא משטר, או בין משטר למשטר, היו תמיד מפחידים את הפזורה היהודית.

יום בהיר אחד באו ז'אנדארמים והתחילו לוקחים את כל הגברים המזדמנים ברחוב להקים גדר־תיל ולחפור חפירות (אָקאָפּעס) למקומות איסטראטגיים בדרך לפוניקפו. שיכנו את "המגויסים" בכפר זָבָד, וגם אבי ז"ל היה בין אלה שנלקחו לעבודת־כפייה.

כך ארך קרוב לחודש. כל פעם היו מגייסים אנשים לעבודת־כפייה, ובני משפחותיהם היו הולכים אליהם להביא להם את כל צורכם. היה להם שמח שם, כי נמצא איתם **שמחה־הרש בנדר הלץ**. אך יום ששי אחד השתררה אצלנו בבית מבוכה רבה. נודע לנו שכל חופרי החפירות נמלטו מזבד ורבים כבר חזרו לבתיהם, אך אבינו עוד לא בא.

בשבת בבוקר התארגנה משלחת לצאת לזבד ולהיוודע מה נעשה שם. אנוכי הייתי ילד, אך החלטתי לצאת יחד עם ההולכים לזבד. לא הועילו ההפצרות של אמי — הלכתי עם אחותי ועם עוד בנים ובנות לזבד.

בדרך לזבד, מרחוק, ראינו להבות גדולות מתנשאות ועולות מכל העברים והמוני פולנים נמלטים ואיתם פרות ועיזים ומטלטליהם על עגלות. מורא גדול אחז בנו. אבל המשלחת החליטה להגיע לזבד ויהי מה. קשה לתאר את הקשיים, עברנו אגמים וביצות, אך הגענו למקום. אולם לא מצאנו שם אף אחד מן ההורים שלנו.

בשובנו הביתה מצאתי את אבי בבית. העיירה היתה שרויה בבהלה גדולה. בליל מוצאי־שבת איש לא ישן. כל אחד ארז את חפציו והכין צידה לדרך כדי לעזוב את רוז'אן לתקופת־מה. ביום ראשון בבוקר התארגנו שלוש משפחות יחד — אנחנו, משפחת **יז'זמבק ניסקא** ומשפחת **גרושקא** — שכרנו עגלון והעמסנו על העגלה את הדברים הנחוצים ביותר בדרך. כוונתנו היתה לעבור חיש־מהר את הגשר ולהתרחק מהעיירה, כי בסביבה התהלכה שמועה שהגשר והעירייה עומדים להישרף, ולא תהיה כל אפשרות עוד לצאת את העיר.

בעוברנו את הגשר "רמז" הסוס, כי לא יכול עוד לסחוב את כולנו. היינו נאלצים לחלק את הכבודה לשניים: חלק אחד נסע לדלוגושודלו, והשני נשאר עם החפצים ליד החורישה, עד שהעגלה תחזור. מסביבנו היו המוני פליטים: פולנים, יהודים וחיילים. היתה עירבוביה

מלאה. והנה התחילו להפציץ את כל האיזור שמסביב לגשר, בהפילם חללים בשורות הפליטים והצבא. החרדה שתקפה אותנו היתה נוראה. כל אחד רץ בכיוון שונה. כולם התפזרו בכל המהירות ואיש לא ידע ממשנהו. אמי השאירה תינוק ישן, ורק במרחק מה נזכרה בו וחזרה לקחתו. לי אבדה נעל אחת וכך המשכתי ברגל אחת יחפה.

לפנות ערב חזרה העגלה ונסענו גם אנחנו לדלוגושודלו. רק ימים ספורים שהינו בה. גם ממנה הוכרחנו להימלט. מדלוגושודלו נסענו לאוסטרוב־מאזובייצק. הדרך נתארכה ונאלצנו ללון בכפרים. בכול נתקלנו בפליטים, פולנים ויהודים. גשם התחיל לרדת והכביד עד מאוד על המסע. שבורים ורצוצים הגענו לאוסטרובו. ייחלנו למעט מנוחה וחשבנו כי פה נוכל להחליף כוח, אבל המנוחה היתה מאיתנו והלאה. אחותי חלתה במחלת אבעבועות־רוח ואסור היה לנו להיכנס לאיזה בית עם חולה במחלה מידבקת. אחרי השתדלויות רבות הרשה לנו יהודי אחד בעל־רחמים לגור אצלו בעליית־ביתו. מובן מאליו שגם צרות אחרות לא חסרו לנו.

לאחר זמן מה התקרבה החזית אל אוסטרובו, והרבה אנשים החלו להימלט גם מעיר זו ולצאת בכיוון לרוסיה. הורי סירבו להתרחק מאוסטרובו, סירבו להיות פליטים בדרכים, ונשארו. בינתים החלימה אחותי ויכולנו להימצא איתה בין אנשים. חיפשנו מיקלט קבוע בשבילנו ולאחר טירחה מרובה נקלטנו במרתף אחד. הצפיפות בו היתה נוראה, נמצאנו בין אנשים שונים, חסידים ואנשים פשוטים — האולם (אם אפשר לקרוא לו כך) היה צר מלהכיל את כולם.

אני מצאתי לי מקום בירידה, תחת המדרגות. הייתי עייף ונרדמתי מייד, אך לא נתנו לי לישון הרבה. באו אנשים בצעקות ויללות:

"יידן, ס'איז שלעכט! מ'דארף גרויס רחמים, יידן, גייט תהלים זאָגן!" (יהודים, רע מאוד! נחוצים רחמים רבים! יהודים, הגידו תהלים!)

החילונו לומר תהלים. במשך כל היום שמענו יריות. לפנות ערב התפללנו מנחה, ואחרי מנחה — מעריב, ושוב תהלים. אם־כי היינו רעבים מאוד, כי תמה הצידה שלנו, לא ביקשנו אוכל מאיש. כל פעם היו יוצאים אחדים להיוודע מה המצב בסביבה בחוץ, ואלה שבפנים היו נשארים בציפייה לבשורות טובות. סופסוף באו אנשים ובישרו, כי הגרמנים באו, וסיימו דברים בתפילה:

"זאָל ער שוין קומען, דער דייטש!" (שיבוא הגרמני, שיבוא!)

שעות אחדות עברו עלינו בציפיות לבשורות שונות, וכל פעם היו נשמעים טרטורי מכונות־ירייה ויריות בודדות חזקות, כאילו יורים אלינו לתוך המרתף.

לפנות־בוקר בא יהודי והכריז:

"יידן, משיח איז שוין דאָ! די שטאָט איז שוין פארנומען!" (יהודים, משיח כבר בא! העיר כבר נלכדה!)

עזבנו את התהלים ונמלטנו מהצפיפות לראות את המשיח. נשמנו לרווחה. לאחר ימים אלה של מחנק ודוחק היה זה כאילו נס מהשמים. עמדנו והסתכלנו בצבא הגרמני: בחיילים הצועדים ערוכים, בכלי־הנשק השונים ובקצינים שמפות בידיהם. הם עברו את העיר, בדרכם לכיבושים נוספים, ואילו אל העיר הגיעו אנשי הצבא הרוסי, בודדים ומיואשים, בידים מורמות נכנעים לצבא הגרמני.

לאחר שנדמו היריות וקולות הנפץ, התחילה תקופה חדשה, מלחמה חדשה — מלחמת הכלכלה. הרעב הציק לנו ביותר. ימים עברו מבלי שטעמנו כזית. כל בני המשפחה היו

מתפזרים בעיר לחפש במאפיות לחם. למזלנו האירה לנו ההצלחה פנים. אמנו המנוחה השיגה כיכר לחם אחד. השמחה היתה גדולה, אלא שאין די בכיכר אחד בשביל משפחה שלימה. גם תפוחי־אדמה לא היו בנמצא. אמנם היתה אז עונת חפירת תפוחי־האדמה, אבל האיכרים פחדו עדיין לצאת אל השדות. אנחנו התגברנו על הפחד ויצאנו בעצמנו לשדות והבאנו תפוחי־אדמה כדי להחיותנו. כך עברו ימים אחדים, עד שבאה הבשורה הטובה שאפשר לחזור לרוז׳אן.

חזרנו לרוז׳אן! איזו שמחה — הביתה! רצינו כבר להיות בבית, ומהר ככל האפשר. הדרך עברה עלינו בקלות, אף־כי היו קצת קשיים, אלא שלא הרגשנו בכך, שהרי ״מען פאָרט דאָך אהיים!״ (נוסעים הביתה!)

אולם בבואנו לעיירה חשכו עינינו. מלוא העין חורבות. הכול שומם. הכול הלך לאבדון. ברחובות אחדים נותרו בתים בודדים, אבל הכול מעבריהם נשרף, עלה באש. בכל זאת התגברנו וקיווינו להחזיק מעמד. כל אנשי רוז׳אן שהקדימו לשוב תפסו להם דירות בבתים שנשארו שלימים ובעליהם טרם חזרו.

במשך הזמן שבו בעלי הדירות הקיימות ומצאו שהן תפוסות. היו התדיינויות ומריבות. אך למרות־הכול חזרו החיים ברוז׳אן למסלולם תוך תקופה קצרה למדי. העיר קמה לתחייה. ברם, זאת הפעם לא לתקופה ממושכת — להוותנו.

**חיים רייטשיק / דרום־אפריקה**

## אַרויס פון אַ זיכערן טויט
### (אַן עפּיזאָד)

אין יאָר 1920 האָבן די באַלשעוויקעס דורכמארשירט דורך רוזשאַן אויפן וועג קיין ווארשע. זיי האָבן דאָ לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, ווייל גענעראל האַלער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און זיי האָבן געמוזט אָפּטרעטן. די ״דעמאָקראַטישע פּוילישע ארמיי״ האָט צוריק פארנומען די געביטן, וואָס די רוסן האָבן פארכאַפּט, און רוזשאַן איז געוואָרן פּויליש. נישט מער ווי צוויי וואָכן זענען די רוסן געווען אין רוזשאַן, אָבער אין יידישן לעבן האָט זיך אַ סך געענדערט.

דאָס גייסטיק רעליגיעז לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט. יידן האָבן פּלוצעם זיך דערזעען אַלס קאָנטערעוואָלוציאָנערן און געמוזט באַהאַלטן זייערע געפילן, איינשטעלונגען און באַגריפן. ס׳איז אויך פאָרגעקומען אַן איבערקלאַסיפיצירונג: ארבעטער, וועלכע האָבן דורות לאַנג איבערגעגעבן די דעה אין שטעטל די בעלי־בתים און רוזשאַנער ״געלט מאַגנאַטן״, האָבן פּלוצעם געקריגן די דעה און געוואָרן אליין די בעלי־בתים פון יידישן לעבן אין שטעטל, און רעגירט גאַנץ שטאַרק. די מאַכט־האָבער האָבן זיך גערעכנט נאָר מיט זיי, און דאָס האָט געווירקט משונה׳דיק. פּלוצעם איז אַ בעל־בית אויס בעל־בית און מוז זיך אָנפּרעגן זיין אַרבעטער. ס׳איז געווען אַן איבערקערעניש, וואָס קיינער האָט וועגן דעם נישט געחלומט און זיך נישט פאָרגעשטעלט אַזעלכעס. די גאַנצע יידישע געזעלשאַפט האָט דורכגעלעבט אַ דערשיטערונג.

דערפאַר איז דער פּוילישער באַנייטער רעזשים געווען דאַן מער צום הארצן. ער האָט געבראַכט צוריק אַ סטאַביליזירונג אין דער יידישער גאַס. יידן האָבן ממש פריי אָפּגעאָטעמט.

אָבער פאַר מיר איז דער מאָמענט פון צוריקקער פון די פּאַליאַקן געווען אַ לעבנס־געפאַר, און דעם עפּיזאָד, וואָס כ׳גיי דאָ דערציילן, קאָן איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

אין די צוויי וואָכן פון באָלשעוויסטישן רעזשים האָבן זיי באַשלאָסן אַפּצורייניקן רוזשאַן פון די פּוילישע ״רעאַקציאָנערע, נאַציאָנאַליסטישע, שעדליכע עלעמענטן״. זיי האָבן אַרעסטירט פּערצן פּוילישע בעלי־בתּים, די אָנגעזעענסטע פון שטאָט, זיי אַוועקגעשיקט אין די ביאַליסטאָקער וועלדער און דאָרט מיט זיי פאַרענדיקט.

צווישן די פּוילישע בעלי־בתּים ווי **זאַוואַדסקי, באַניסלאַווסקי, מיעדזינאַווסקי** און אַנדערע איז אויך געווען פּאַן גאָס. ער איז געווען אַ פאַרזענליכער פריינד פון מיין פאָטער ע״ה. וואָס הייסט אַ פריינד? ער פלעגט קומען יעדן טאָג צו מיין פאָטער אין שענק זיך גוט אָנזויפן, אָנפרעסן און נישט באַצאָלן. יידן האָבן מורא געהאַט פאַר אים, ווייל ער איז געווען אַ גאַנצער מאַכער אין מאַגיסטראַט, און אויך מיין פאָטער האָט באַשלאָסן, אַז עס איז גלייכער נישט פאָדערן פון אים קיין געלט און אָנהאַלטן מיט אים אַ צושטאַנד פון כלומערש־טער פריינדשאַפט.

זיין פרוי, גאָסאָוואַ, האָט אָבער געקלערט, אַז מיין פאָטער האָט ממש אַ פליכט פון אַ פריינד גיין צו די באָלשעוויקעס און זיך באַמיען פאַר זיין באַפרייאונג. ווען ער וואָלט זי געפאָלגט, וואָלט ער טייער באַצאַלט פאַר דער אינטערווענץ. אויב ער קומט בעטן, הייסט עס אַז ער איז אַ רעאַקציאָנער און ווערט גלייך פאַרדעכטיק אַלס אַן אַנטי־באָלשעוויק. האָט ער באַשלאָסן נישט צו גיין און נישט איינשטעלן דאָס לעבן פאַר דעם פּוילישן שיכור. אַזוי האָט פּאַן גאָס געענדיקט זיין לעבן גלייך מיט די איבעריקע פערצן פּאַליאַקן.

ווען די פּוילישע האָבן זיך צוריקגעקערט, זענען אַריין צו אונדז אין הויז פיר באַוואָפנטע פּוילישע מיליטער־פּאָליציאַנטן און מיך אַרעסטירט. מ׳האָט מיך אַוועקגעפירט צום מילי־טערישן קאָמענדאַנט. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַלמנה גאָס האָט, צוליב אירע סיבות, נישט אָנגעקלאָגט מיין פאָטער און מיך באַשטימט אַלס איר קרבן.

ווען דער קאָמענדאַנט האָט מיך דערזען, איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער האָט געוואַרט, אַז עס וועט אַריינקומען אַ ריז, אַ מסוכנדיקער פאַרברעכער, און דאָ — אַזאַ אַנטוישונג: פאַר אים איז געשטאַנען אַ קליין־געוואַקסיק יינגל, אַ ציטערדיקער, מיט צוויי ציטערדיקע פּיאות. מיין אויסזען האָט נישט געפּאַסט צו דעם בילד, וואָס זי האָט אָפּגעמאָלט. די אָנקלאַגע איז געווען לעכערליך, אָבער ער האָט געמוזט זיין פליכט דערפילן.

ער האָט אַרויסגענומען פון שרייב־טיש אַ לאַנגן בויגן פּאַפּיר מיט אַ לאַנגער אָנקלאַגע פון פרוי גאָס. ער האָט מיך געפרעגט, צי בין איך חיים רייטשיק, צי בין איך געווען אין דער קאָמוניסטישער פּאָליטישער פּאָליציי און צי איך האָב אָנטייל גענומען אין דעם אַרעסטירן און דערמאָרדן די פערצן שיינע, פּוילישע, בכבודיקע בירגער אין די ביאַליסטאָקער וועלדער.

לויט דער אָנקלאַגע פון דער אַלמנה גאָס האָב איך אויך געהאַלטן אַגיטאַטאָרישע באָלשע־וויסטישע רעדעס אאז״וו. כ׳מוז אים זאָגן דעם אמת, און דעם גאַנצן אמת, ווייל ווען נישט, וועט עס זיין ערגער פאַר מיר. ער האָט אפילו נישט געוואַרט אויף מיין ענטפער. ער האָט דאָך געוווסט מיט וועמען ער האָט דאָ צו טון. אָבער איך בין געווען צעשראָקן אויף טויט.

אין דעם האָט זיך געעפנט די טיר פון צווייטן צימער און אין דער קאָמענדאַנטור איז אַריין אַ גרויסער, ברייטער פויער, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, און מיין האַרץ, וואָס האָט די גאַנצע צייט פון דער אויספאָרשונג געקלאַפּט ווי אַ ביליגער וועק־זייגער, האָט זיך

פלוצעם אַפּגעשטעלט. דאָ וועט זיין, האָב איך געקלערט, דאָס געריכט מיטן אורטייל און אויספיר אויפן אָרט צוזאמען, און א סוף צו מיינע יונגע יאָרן. דער פויער האָט דאָס באמערקט. האָט ער א קוק געטון אויף מיר מיט א שמייכל און זיך געווענדעט צום קאָמענ־דאנט בזה הלשון :

״איך קען דאָס יינגל זעער גוט. אין פארלויף פון די יאָרן, וואָס כ׳בין דאָ פּאָליציי־הויפּס, קען איך אויך זיינע עלטערן. דאָס איז א פיינע לאָיאלע משפחה פון גוטע פוילישע פּאטריאָטן. קוק אויף דעם קינד : צו דען גלויבסטו, אז אזא יינגל איז פעאיק צו אזעלכע זאכן ?״

דאן ערשט האָב איך אים דערקענט. ער איז געווען א שטענדיקער גאסט אין אונדזער שענק. ווייזט אויס, אז ער האָט זיך געהאט זיינע אייגענע אויסרעכנונגען, אָדער מיט מיין פאטער אָדער מיט גאָס׳ן. אזוי צי אזוי, די אינטערווענץ פון אונדזער פּאָליציי־קאָמענדאנט פּאָלינסקי האָט געהאָלפן. ווען נישט ער, ווער ווייסט וואָס עס וואָלט געווען מיין גורל.

אין אונדזער רוזשאנער געשיכטע האָט אויך אזעלכעס פּאסירט, און זאָל מיר דערלויבט זיין דערציילן מיין פּערזענליכן עפּיזאָד און דאמיט אילוסטרירן דאָס לעבן פון יידן אין רוזשאן און אין גאנץ פּוילן. אזוי האָט אויסגעזען דאָס יידישע לעבן און אזא ווערט האָט עס געהאט, ווען ס׳איז געליגן אין גוישע הענט.

יחזקאל געלטשינסקי /פּתח־תקוה

## מלכות בייט זיך, אַנטיסעמיטיזם בלייבט



צוליב דער טאָפּאָגראַפיע פון רוזשאן, צוליב די בערג ארום איר, האָט זי זוכה געווען צו פּאַרטיפּי־קאציעס. צוליב די פּאַרטיפיקאציעס, ווידער, האָט יעדער געוואָלט נאָך מער זי איינגעמען. אזוי האָט רוזשאן דורכגעלעבט שלאכטן און רעזשימען. און אויב עס בענקט זיך א מאָל נאָך רוזשאן, איז ווערט צו געדענקען, אז אין קיין רעזשים האָבן מיר יידן קיין האָניק נישט געלעקט.

### רוסן און דייטשן

אָנפאנג דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען רוזשאן איז געווען אונטער דער הערשאפט פון די רוסן, האָבן זיי חושד געווען יעדן ייד, אז ער איז א דייטשער שפּיאָן. איז אלע מאָל נסים קצב געגאנגען קויפן א קעלבל אין דאָרף, און וועלנדיק קירצן דעם וועג, ווי זיין שטייגער איז געווען, איז ער דורכגעגאנגען דורך די אָקאָפּעס. האָבן זיי אים פארהאַלטן, גוט אָנגעשלאָגן און פארשיקט קיין סיביר. אזוי האָבן זיי אויך מיין טאטן פארשיקט קיין סיביר.

ספעציעל האָבן זיי געוואָרפן אַן אויג אויפן עירוב. בשום אופן האָבן זיי נישט אָנגענומען די ערקלערונג, אַז עס איז אַ רעליגיעזע איינריכטונג אָפּצוזונדערן אַ תחום־שבת. זיי זענען געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ יידישער טעלעפאָן, וואָס אַרבעט מיט יידישע מאַכינאַציעס.

ווען זיי האָבן אָפּגעטרעטן, האָבן זיי אונטערגעצונדן דאָס יידישע שטעטל. אַ נקמה אין די שפּיאָנען, וועלכע מ׳האָט זיי נישט געקאָנט כאַפּן ביי דער האַנט. יידן האָבן נעבעך געמוזט פאַרלאָזן רוזשאַן.

ווי נאָר די רוסן זענען אַוועק, האָבן די דייטשן אָקופּירט רוזשאַן. די יידן האָבן זיך אומגעקערט, געוואָלט האָבן כאָטש אַ דאַך איבערן קאָפּ. אָבער פּרנסה האָט מען נישט געהאַט. האָבן די דייטשן צוגעטיילט עסן אויף קאַרטן. מ׳האָט געדאַרפט שטיין אין דער ריי כדי צו קריגן ברויט.

אָבער די "גוטע" דייטשן האָבן אָנגעהאַלטן אַ קאָנטראָלע, כדי פעסטצושטעלן גענוי אויב ס׳איז אמת, אַז די יידן טאַקי נישט קיין אייגן ברויט. און כדי צו באַוואָרענען זיך, אַז יידן זאָלן זיי חס־וחלילה נישט אָפּנאַרן און באַקומען אומזיסט ברויט, פּלעגן זיי באַנאַכט אַרויסגיין אין גאַס און נאָכקוקן, אויב עס גייט נישט קיין רויך פון די קוימענס. ביי וועמען מ׳האָט געזען אַ רויך, האָט מען ביי אים קאָנפיסקירט דאָס ביסל מעל מיט די קאַרטאָפל. איין דייטש, אַ גרויסער אַנטיסעמיט — **העלגאַט** האָט ער געהייסן — האָט דאָס איינגעפירט. ער האָט בכלל אָנגעפירט מיט אַלעמען, און די דייטשן, לויט זייער שטייגער, זענען אים נאָכגעגאַנגען ווי די שעפּסן.

## די פּוילישע רעפּובליק

אין 1918 האָט פּוילן צוריקגעקראָגן איר זעלבסטשטענדיקייט. מען האָט צוגעזאָגט גלייכהייט יעדן בירגער אין דער נייער מדינה. באַלד האָבן זיי אָרגאַניזירט אַ געטרייע אַרמיי. אַ סך שקצים פון רוזשאַן זענען געוואָרן ביי זיי אָפיצירן. אין 1920, נאָך אַ גרויסער שלאַכט, זענען די באָלשעוויקעס אַריין קיין רוזשאַן. עס זענען געפאַלן קרבנות אויך פון די יידן. אַ קויל פון אַ האַרמאַט איז אַריין צו **משה בענדער** אין הויז און אונדזער **יצחק בענדער** האָט עס אָפּגעריסן די האַנט.

אין דער קורצער צייט, וואָס די פּאָליאַקן האָבן געהערשט ביז די באָלשעוויקעס זענען אַריין, האָבן זיי געלאָזט גוט פילן, אַז ביי זיי וועלן יידן קיין גוטס נישט וויסן. יעדער שקץ איז געווען אַ גענעראַל, און דאָס ביסל יידן זענען געוואָרן צווייטראַנגיקע בירגער. פאַרשטענדליך, ווען די באָלשעוויקעס זענען אַריין, האָבן יידן געהאָפט, אַז עס וועט זיין בעסער. אָבער זיי האָבן זיך שנעל אַנטוישט.

ס׳האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן און די רוסן האָבן געמוזט פאַרלאָזן רוזשאַן. און איידער די באָלשעוויקעס האָבן פאַרלאָזט, האָבן זיי אויסגעפירט אַ טויט־אורטייל אויף פּוילישע בירגער. איז ווען די פּאָליאַקן זענען צוריק אַריין, האָבן זיי זיך גענומען טשעפּען. עס האָט געדראָט מיט אַ פּאָגראָם. יידישע יוגנט האָט געמוזט אַנטלויפן אָדער לעבן אין געפאַר. איך מיט אַ גרופּע חברים זענען אַנטלאָפן קיין גאָוואָראָווע. נאָך צוויי וואָכן האָט מען מיר מודיע געווען, אַז כ׳מעג צוריקקומען.

**גרשון ראָזנבלום** און **שיע בזשאָזע** האָבן זיך איבערגעטון אַלס פרויען און זענען אַריבער בשלום. מיך האָבן זיי געכאַפּט און אַריינגעזעצט אין פּולטוסקער טורמע. אָבער כ׳בין באַפרייט געוואָרן. אין אַ געוויסער צייט אַרום איז געקומען אַ זשאַנדאַרם און אַרעסטירט

מיין טאטן, **משה קערש, יעקב־אריה יאזשאַמבעק** (קצב) מיט נאָך עטלעכע בעלי־בתים און געפּאַדערט אויסלייזגעלט. ווען מ׳האָט דעם ענין געבראכט פאר **נוח פּרילוצקי**, דעם טיכטיקן יידישן סיים־דעפּוטאט, און ער האָט אינטערוועניִרט, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס איז געווען אייגענע איניציאַטיוו פון פּוילישער רוזשאנער אינטעליגענץ.

ס׳איז פּארפירט געוואָרן אַ פּראָצעס קעגן דעם זשאנדארם און צום פּראָצעס זענען אַרויסגערופן געוואָרן עדות. ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט צוריק אַהיים, ווייל די בריק איז געווען צעשטערט, האָבן זיי געמוזט אריבער דעם נארעוו אויף אַ לאָדקע. די ערשטע וואָס האָבן גענומען אַריבערפאָרן האָבן זיך איבערגעקערט מיט דער לאָדקע און עס זענען דערטרונקען געוואָרן משה קערש, יעקב־אריה יאַזשאמבעק און הערשל קאַשעוויצער מיט זיין איידעם. די איבעריקע עדות, וועלכע האָבן דאָס בייגעזען אויף דער צווייטער זייט פון טייך, האָבן זיך אומגעקערט מיט דער יבשה דורך אַסטראָלענקע. דער טראַגישער פאַל האָט ארויסגערופן פיל טרויער אין שטעטל.



Ta świnia kupuje u żyda!

2961 Nakładem „Samoobrony Narodı“ Poznań Druk. Centralna Poznań.

״החזיר הזה קונה אצל יהודי !״ כרזה אנטישמית נגד מסחר עם יהודים.
״דער חזיר קויפט ביי יידן !״ אַן אַנטיסעמיטישער באָיקאָט אויפרוף.

## די פאָרלויפערס פון די נאַציס

אין 1937 איז קיין רוזשאַן אָנגעקומען פּויליש מיליטער אָפּהאַלטן מאַנעוורען. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי אַנגעהויבן בושעווען אין די גאַסן, רויבן די געוועלבער און שלאָגן יידן. איך בין דאן פּונקט אַנגעקומען פון ווארשע מיט מיין טאַטן, און מיין מאַמע האָט געוואַרט אויף אונדז. די פּוילישע רוצחים האָבן נישט גערוט. זיי האָבן אונדז געפּאַקט. טאַטע־מאַמע האָבן זיי אָפּגעלאָזט און זיך א לאָז געטאָן נאָך מיר.

נישט אזוי וויכטיק, און ווייטיק, די קלעפּ, וואָס כ׳האָב געכאַפּט פון די ״גיבורים״, וועלכע זענען געקומען צו מיליטערישע איבונגען און זיך פאַרנומען מיט ראַבירן און שלאָגן יידן. פיל מער האָט מיר וויי געטאָן, ווען כ׳האָב אויף מאָרגן באַגעגנט מיינע קריסטליכע פּוילישע באקאנטע און זיי האָבן מיט צופרידנקייט, כלומרשט אין אַ שפּאַס, מיך געפרעגט:

״נו, האָסט געקריגן געשלאָגן, האַ ?״

און דאָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1937, צוויי יאָר איידער די נאַציס האָבן פאַרפלייצט פּוילן מיט זייער חיה׳שער שנאת־ישראל.

יחיאל ווײגאַרדע / ניו־יאָרק

# אַ בלוט־בלבול אין רוזשאַן



מײַן טאַטע, **יעקב־פּסח ווײגאַרדע**, האָט זיך גערעכנט פאַר אײנעם פון די בעסטע שנײַדערס אין שטאָט. חוץ זײַנע צוויי זין, דער שרײַבער פון אָט די שורות און זײַן ברודער **נאָסקע** (נתן), וואָס האָבן מיט אים מיטגעאַרבעט און בײַ אים זיך טאַקע אויסגעלערנט ס׳פאַך, האָבן זיך בײַ אים געלערנט שנײַדערײַ **חיים פּלאַטקין, נתן שרעדניע** און **משה יאַזשאַמבעק**.

און אַ מאָדע איז געווען בײַ די שנײַדערס אין רוזשאַן, אַז בעת די מאַרק־טעג, דינסטיק און פרײַ־טיק, בשעת די פּויערים פון די נאָענטסטע דערפער קומען פאַרקויפן זײערע פּראָדוקטן און גײען דערנאָך אײַנקויפן פאַרשידענע זאַכן און קומען אויך אין די שניט־קראָמען זיך אײַנקויפן שטאָף, ווער אויף אַן אַנצוג און ווער אויף אַ מאַנטל — פלעגן אויך אַרײַנקומען די שנײַדערס אין אָט די קראָמען, זיך פאָרשטעלן פאַר די פּויערים ווי די בעסטע בעלי־מלאכות, און זיי צוהעלפן אויסקלײַבן דאָס פּאַר זיי געוווּנטשטע שטיקל שטאָף. און שניט־קרעמלעך זענען געווען פיר: **חנה כאַצקלס, ייטע די מאַטעלעכעס, פייגע פּערלמוטער** און **גאָלדע לאַך**.

אין אײנעם אַזאַ מאַרק־טאָג איז אויך **פייטל דער שנײַדער** (אַזוי האָט מען גערופן מײַן טאַטן ע״ה) געווען אין אַ קראָם. דאָס מאָל בײַ חנה־כאַצקלס. איז גראָד דעמלט געקומען צו אים אין שנײַדערײַ אַ גוייש ײנגל פון אַ יאָר צוועלף־דרײַצן און געזאָגט, אַז זײַן טאַטע האָט אים געשיקט מ׳זאָל אים אַראָפּנעמען אַ מאָס אויף אַ פּאָר הויזן. די חבר׳ה וואָס האָבן געאַרבעט בײַ פייטלען האָבן זיך אָנגעהויבן צו האַמפּערן, ווער ס׳זאָל אים אַראָפּנעמען די מאָס. און אַזוי האַמפּערנדיק זיך האָט דאָס ײנגל געקראַגן אַ שטאָך פון אַ נאָדל אָדער אַ שפּילקע, נישט ווילנדיק. דאָס שײגעצל איז אַרויסגעלאָפן פון דאָרט אַ דערשראָקענער, אַרויסגעלאָזן אַ ווילד געשרײ, אַז ײדן האָבן אים געוואָלט דערשטעכן.

אַז דאָס שײגעצל איז דערלאָפן צו זיך אַ הײם און דאָס דערציילט זײַנע עלטערן, האָבן זיי גלײַך דאָס אויסגעטײַטשט, אַז אַזוי ווי ס׳איז נישט ווײַט פון ײדישן פּסח, ווען ײדן דאַרפן בלוט פאַר זײערע מצות, האָבן זיי פון זײער ײנגל געוואָלט אויסצאַפּן דאָס בלוט...

זײַן טאַטע, וואָס האָט געהײסן **פּאַרטשינסקי** און איז געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס דער אמתער אַנטיסעמיט, איז אויך געווען ראַטמאַן אין אָרטיקן שטאָט־ראַט. זײַנע חברים, די ענדעקעס, האָבן דאָס באַלד אויפגעכאַפּט און האָבן תיכף צונויפגערופן אַ זיצונג פון שטאָט־ראַט. דאָרטן זענען זיי אַרויסגעטראָטן קעגן אַלע ײדן אין פּוילן, און דער עיקר — קעגן די ײדן אין רוזשאַן. די פינף ײדישע ראַט־מענער האָבן די גאַנצע מעשה אָפּגעלײקנט, האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם נײַעם עלילת־דם, נאָר ס׳האָט זיי גאָרנישט געהאָלפן — די העצע איז געוואָרן גרעסער און גרעסער.

אין אַ טאָג־צוויי אַרום האָבן זיי פאַרעפנטלעכט אין דער באַוווּסטער אַנטיסעמיטישער

צייטונג ״דוואַ גראָשי״ דעם גאנצן בלבול. אונדזער טאַטע איז ארומגעגאנגען מיט א צעבראָכן הארץ. עס האָט אים געשראָקן און ווי געטאָן דער גאַנצער ענין, ובפרט אז ער איז גראד דעמאָלט נישט געווען אין דער היים. און איצט באשולדיקט מען אלע יידן.

אין איינעם א פרימאָרגן האָט דער שטאָטישער גלח, וואָס האָט גוט געקענט פיישלען, ווייל ער פלעגט זיך ביי אים נייען, געשיקט רופן זיין שניידער, כדי צו הערן פון אים, וואָס דאָרט איז אין דער אמתן פאָרגעקומען. מיין טאַטע האָט די דאָזיקע איינלאַדונג אָנגענומען מיט פרייד און איז אוועק צו חנה כאַצקלס מאַן, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר א קלוגן און אנגעזעענעם מענטש אין שטאָט, זיך מיט אים באראטן און אים געבעטן מיטצוגיין מיט אים צום גלח און עדות זאָגן, אז ער פיישל איז גאָר געווען ביי אים אין קראָם, ווען אָט דער ענין איז פאָרגעקומען. אהרן פשיסוסקער האָט פארשטאַנען, אז די זאַך איז צו ערנסט און האָט באשלאָסן מיטצוגיין און דערציילן דעם אמת.

ווען יעקב־פסח וויגאָדע איז מיט אהרן כאַצקלס געקומען צום גלח, זענען שוין דאָרטן געווען פארטשינסקי און א געוויסער בעלדיצקי, נישט קיין קלענערער אנטיסעמיט ווי דער ערשטער. ער האָט דאָס טאַקע פארעפנטלעכט די גאַנצע געשיכטע אין דער ״דוואַ גראָשי״. דער גלח האָט די צוויי יידן פריינדלעך אויפגענומען, זיי געבעטן זיצן און זיך געוואָנדן צום שניידער פיישל, ער זאָל דערציילן דער ערשטער, וואָס עס האָט ביי אים אין ווארשטאַט פאַסירט.

פיישל, א גענוג דערשראָקענער, האָט דערציילט, ווי די זאַך איז פאַקטיש פאָרגעקומען, און געבעטן אהרן פשיסוסקער ער זאָל באשטעטיקן, אז פיישל איז גראָד דעמלט געווען ביי אים אין קראָם. און צו די צוויי גויים האָט ער זיך געוואָנדן און זיי געבעטן, זיי זאָלן אים גלייבן, אז דער גאנצער ענין איז געווען א צופעליקער שטאָך אָדער א שפּאַס פון א לערן־יינגל. אהרן פשיסוסקער האָט, פארשטייט זיך, אלץ באשטעטיקט, אויף וועלכן די צוויי גויים האָבן לגמרי נישט רעאגירט. האָט זיך דעמלט דער גלח געטאָן א שטעל אויף, זיך געוואָנדן צו די צוויי קריסטן און זיי געזאָגט, אז ער איז זיכער, אַז פיישל איז אומשילדיק און אז דער גאנצער ענין איז אן אויפגעבלאָזענער. ״און איר מיינט דערפון צו מאכן אן ענין קעגן גאנצן יידנטום!״ האָט ער צו זיי געזאָגט. ער זעט אין דעם, באמת, נישט מער ווי א שפּאַס אָדער א צופאל, און ער בעט זיינע ברידער קריסטן, זיי זאָלן אין דעם פארגעסן און פיישלען מוחל זיין.

די גויים האָבן זיך, ווייזט אויס, איבערגערעכנט, זיך בארואיקט און געדריקט די האנט דעם גלח און די צוויי יידן, און אהיים געגאַנגען.

ערב פסח, אז די העצע האָט זיך שוין געהאט א ביסל איינגעשטילט, האָט מיין טאַטע יעקב־פסח ע״ה געשיקט דעם גלח א פעקל מצות מיט א פלעשל מעד־ווייַן, און דער גלח האָט אים צוריקגעשיקט א מתנה — א שאָק אייער (זעכציק שטיק).

פאַר יענער צייט האָט זיך דער ענין איינגעשטילט.

# אַ מעשה מיט אַ חרם



געווען איז דאָס אין יאָר 1911 אָדער 1912, ווען פון אַמעריקע איז געקומען א פּאָליאַק און מיט די אַמע־ריקאַנער דאָלאַרן זיך געוואָלט איינקויפן א נחלה אין דער בעסטער געגנט פון שטעטל, אין סאַמע מאַרק. ער האָט זיך געווענדעט צו אן אייגענטימער פון א פּלאַץ מיט עטלעכע געוועלבלעך, מיטן נאָמען נחמן־שמחה, און אים פאָרגעשלאָגן, אז ער זאָל אים פאַר־קויפן די עטלעכע געוועלבלעך מיטן פּלאַץ. נחמן־שמחה, נישט זייענדיק צוגעגרייט, האָט פאַרלאַנגט א פּאָר טעג צו באַשליסן און געבן דעם אַמעריקאַנער אן ענטפער. און נאָך דעם ווי ער האָט זיך מיישב געווען מיט זיינע זין — בעלי־עגלות, דאכט זיך — האָט ער געגעבן אן ענטפער פאַרלאַנגענדיק א פּרייז, וואָס זיי האָבן געדענקט אז ס׳איז אן איבערגע־טריבענער. דער קונה האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין גרויסע איבעראַשונג און אויך פאַרלאַנגט א פּאָר טעג זיך מיישב צו זיין.

נחמן־שמחה האָט זיך פאַרטרויט פאַר זיין שכן און פריינט הערש־לייבל, און אים אָנגעבאָטן צו ווערן א מעקלער (דער קויפער צאָלט דעם מעקלער). הערש־לייבל האָט נאָך אריינגעצויגן זיין יינגערן ברודער בערל־וועלוול אין דעם מסחר, און די טראַנסאַקציע איז געשלאָסן געוואָרן. זיי האָבן אויך געפרעגט דעם קויפער, וואָס ער האָט בדעה צו טאָן מיט דעם איינקויף. האָט ער געזאָגט: ״דערווייל — גאָרנישט.״ ווייל נאָך דעם ווי ער וועט באַצאָלן, וועט ער נישט האָבן קיין געלט עפּעס צו בויען. ער וועט דאַרפן נאָך אַמאָל פאָרן קיין אַמעריקע און אָפּשפּאָרן פריש געלט און קומען צוריק און אויפבויען א שיין הויז, א מויער.

נאָך דעם ווי די גאַנצע טראַנסאַקציע איז פאַרענדיקט געוואָרן און דאָס שטעטל האָט זיך דערוווּסט, אז נחמן־שמחה האָט פאַרקויפט זיין גוט צו א קריסט, איז אַרויס א קלאַנג, אז ער וועט בויען א גרויס געשעפט מיט פאַרשידענע אַרטיקלען, און וועט גורם זיין דאצו, אז קריסטן זאָלן נישט קויפן ביי יידן. ער וועט צונעמען די פּרנסה, דאָס ברויט, פון מויל פון אַלע יידישע סוחרים און פאַראָרעמען דאָס גאַנצע שטעטל.

ביים רב אין שטוב, ווידער, האָט א רוזשאַנער בעל־הבית געטענה׳ט, אז ער האָט דאָס געוואָלט קויפן, און אפילו אנגעבאָטן א גוטן פּרייז. נאָר זיי האָבן דאָס פאַרקויפט צו א גוי. די פאַרקויפער האָבן געטענה׳ט, אז דער אָנבאָט איז געווען לעכערלעך און אז צוליב דעם האָבן זיי פאַרלוירן אסך געלט, ווייל זיי האָבן נישט געוואָגט צו בעטן מער ווי צוויי מאָל אזוי פיל, און זיי האָבן דאָס געקריגן. זיי טראַכטן הייגנט, אז זיי האָבן זיך אָפּגענאַרט.

דער רב האָט געפּאָדערט, אז זיי זאָלן אָפּגעבן דאָס געלט דעם גוי און בטל מאכן די

קנייה. אָבער די פּארקויפער האָבן באוויזן, אז דער מסחר איז א פאַרענדיקטער און ס'איז אונמעגלעך דאָס צו ענדערן. "זאָל די שטאָט פּראָבירן דאָס צוריק אָפּצוקויפן."

נאָך א סך געוואָלדן און געשרייען איז דאָס פאַרענדיקט געוואָרן מיט א חרם, וואָס דער רב און דער קהל האָבן ארויפגעלייגט אויף אלע באטייליקטע, מיט זייערע ווייבער און קינדער.

ס'זיינען אָנגעקומען די יום־טובים און די לאגע פון די וואָס מען האָט ארייגעלייגט אין חרם איז געוואָרן אונדערטרעגלעך. זיי האָבן, נאטירלעך, נישט געקאָנט קומען אין שול אריין, און געזאָלט זיין איזאלירט פון אלע יידן אין שטאָט. אָבער נחמן־שמחה האָט געהאט אן אייגענע ספר־תורה. זיין פאמיליע, צוזאמען מיט די מעקלער און זייערע זין, זיינען געווען גענוג צונויפצושטעלן א מנין. און אזוי האָבן זיי געדאווענט ראש־השנה און יום־כיפור.

איך בין דאָרט געווען ביים דאווענען, זייענדיק א משפחה פון די מעקלער. געדענק איך ווי די זין פון נחמן־שמחה, תנחום און שמעון־הערש, זענען ארויפגעפאַלן זייער טאטן אויפן האלדז און געוויינט. "פארוואָס קומט דאָס אונדז?" — האָבן זיי געקלאָגט. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאל, ווי איך האָב געהערט דערוואקסענע מענער, עלטערע יידן, וויינען הויך אויפן קול.

דאָס איז געווען ערב ראש־השנה, צו מעריב. צו מאָרגען אין דער פרי בין איך געקומען דאוונען אביסל שפּעטער (זייענדיק א סך פאר בר־מצוה עלטער, האָט מען מיך נישט געדארפט). ארייננקומענדיק האָב איך געזען בלויז פלייצעס פון קליינע יידעלעך (דער גאנצער מנין איז באשטאנען פון קליין־געוויקסיקע) אין גרויסע טליתים. די ציציות האָבן דערגרייכט ביז דער פאָדלאָגע. מ'האָט געהאלטן ביים סוף פון אָנהויבענס שחרית. פּלוצעם אין געוואָרן שטיל, גאָר שטיל, און איך זע ווי א גאָר קליין יידעלע שאָקלט זיך שטארק און עס דערהערט זיך א "הא־הא, הא־הא", און מיט א לייבן שטימע הער איך "המלך...". דאָס איז דער אָנהויב פון ראש־השנה שחרית, וואָס דער ש"ץ הייבט אָן פון אָרט ווו ער שטייט. האָט ער אָנגעהויבן און איז צוגעגאנגען צום עמוד פאַרזעצן דאָס דאווענען. דאָס איז געווען בערל־וועלוול, וואָס האָט געוויינליך געדאווענט אין א חסידיש שטיבל. איז ער עס געקומען זיך אייניקן מיטן גורל פון די פארפאַלגטע.

נאָך שחרית האָט איבערגענומען זיין ברודער הערש־לייבל, וואָס איז געווען דער בעל־תוקע, בעל־קורא, בעל־מוסף, און אזוי איז פאַרענדיקט געוואָרן א פּיינליכע פּאסירונג אין אונדזער שטעטל.

מיר איז נישט בעקאנט, ווען און ווי אזוי דער חרם איז אָפּגערופן געוואָרן. איך ווייס יאָ, אז ווען איך בין צוריק געקומען קיין רוזשאן אין יאָר 1922, איז בערל־וועלוול געווען אין גאָר פריינדליכע באציאונגען מיטן זעלבן רב. ער איז אומגעקומען ווי א ייד, מיטן ווייב און פיר טעכטער און אייניקלעך, פון די היטלער באנדעס. זיין ברודער הערש־לייבל איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין עלטער פון הונדערט יאָר. **תנצב"ה!**

**זכריה כאַגין / ניו־יאָרק**

# לעבן און אונטערגאַנג פון קהלת רוזשאַן

אויפן ברעג פון שיינעם טייך נאַרעוו, צוואַנציק קילאָמעטער פון מאַקאָוו־מאַזאָוויעצק, אויפן קרייצוועג פון ווארשע, אָסטראָלענקא און אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק, איז געלעגן מיין שטעטעלע רוזשאַן. בערך דריי טויזנט יידישע נפשות האָבן אין איר געלעבט ביז דעם פינצטערן טאָג פון סעפּטעמבער 1939. פון דאַן אָן איז פאַרשוווּנדן דאָס טייערע יידישע רוזשאַן. דאַרפן מיר אַלע שרייבן זכרונות איבערן שטעטל און אַרויסגעבן דאָס בוך רוזשאַן, כדי ס׳זאָל אויף אייביק בלייבן איר נאָמען אין דער יידישער געשיכטע און אין די הערצער פון אונדז, די פאַרבליבענע רוזשאַנער יידן אויף דער גאָרער וועלט.

## נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

אין דעם ערשטן וועלט־קריג האָבן רוזשאַנער יידן געמוזט פאַרלאָזן זייער שטעטל און אויסוואַנדערן. דאָס וואָס רוזשאַן איז געווען נאָענט צום דייטשישן גרענעץ, אינגאַנצן פופציק קילאָמעטער, האָט שוין דאַן געבראַכט אויף איר א חורבן. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל האָט אויסגעוואַנדערט, און ווען מ׳האָט זיך אומגעקערט צוריק אהיים, איז דאָס שטעטל געווען אָפּגעברענט און רואינירט. נאָר די געמויערטע קוימענס זענען געבליבן פון דער גרויסער שרפה און לויט זיי האָבן יידן דערקענט זייערע פאַריקע וווינונגען.

מענטשן פלעגן שטענדיק דערמאָנען און תמיד דערציילן, אז רוזשאַן האָט דאַן אויסגעזען ווי איין גרויסער בית־עולם, אויף וועלכן די קוימענס זענען די מצבות. יידן האָבן נעבן זייערע קוימענס אויפגעקלאַפּט פון ברעטלעך בודקעס, יעדער א בודקע נעבן זיין קוימען, און מ׳האָט דערווייל געהאַט וווּ אוועקצולייגן דעם קאָפּ. אייניקע זענען אריין וווינען אין די אייגענע קעלערס וואָס זענען פאַרבליבן אונטער די רואינען פון זייערע הייזער. און ס׳איז געווען א פאַל, אז ביינאַכט האָט א בייזער ווינט איינגעוואָרפן א קוימען און באַגראָבן אונטער זיך די געראַטעוועטע יידישע איינוווינער נעבעך.

נאָך דעם דאָפּלטן חורבן האָבן יידן דאָך ווידער־אויפגעבויט זייערע הייזער מיט דער הילף פון די רוזשאַנער לאַנדסלייט אין אמעריקע, און דאָס שטעטל האָט ווידער אויפ־געלעבט. ס׳איז אויפגעבויט געוואָרן די שול און ס׳האָט זיך אנגעהויבן פון דאָס ניי א יידיש קהלה לעבן, מיט אינסטיטוציעס, הילפס קאָמיטעטן, מיט א גמילות־חסד קאַסע און אַנדערע געגנזייטיקע הילף, ווי אין אַלע אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע קהלות. ס׳איז ממש א וווּנדערליכע דערשיינונג, אז נאָך אַזא קאַטאַסטראָפע האָבן רוזשאַנער יידן ווידער גענומען בויען, מיט גרויס מוט און פלייסיקייט, זייער עקאָנאָמיש עקזיסטענץ. צוגלייך אויך אָרגאַניזירט און פּלאַנירט, אונטער די שווערסטע באַדינגונגען, דאָס גייסטיק־געזעלשאַפטלעך לעבן אויף אַלע געביטן.

אין אונדזערע צייטן האָט שוין דאָס שטעטל ווידער אויפגעלעבט, מיט איר אייגענער דערציאונגס סיסטעם פאַר אירע קינדער, סיי רעליגיעז און סיי וועלטלעך. ס׳האָבן געווירקט פּאָליטישע פּאַרטייען, יוגנט אָרגאַניזאַציעס, א ספּאָרט פאַראיין, הילפס אנשטאַלטן. אויף די אַלע מעשים און געדאַנקען האָבן זיך דערצויגן שטאָלצע און פּראָדוק־

טיווע יידן. און ס׳האָט געווירקט א גוטע יידישע קהלה, שיין אָרגאניזירט און שטאָלץ רעפּרעזענטירט די יידן. און דאָס איז נישט געווען לייכט, ווייל ווען ס׳זענען פאָרגעקומען די וואלן צום שטאָטראט, האָבן די פּוילישע אנטיסעמיטן געפירט א טעטיקייט פון דיסקרימינאציע און פארלענדונג. זיי האָבן אזוי צוגעשניטן די וואל־אָרדינאציע, אז טראָץ דעם וואָס די שטאָט איז באשטאנען פון אכציק פּראָצענט יידן, האָבן די גויים פון ארום אויך געשטימט פארן ראט, וואָס האָט בכלל נישט געהאט צו טאָן מיט זיי, און דערמיט האָבן זיי מינאָריזירט די יידישע ווייל׳ער און דורכגעפירט גויישע לאווניקעס און בירגערמייסטער.

רוזשאן האָט געשפּרודלט מיט יידיש לעבן. ס׳זענען געווען חדרים, שולן, אָוונט־קורסן, ביבליאָטעקן, שטיבלעך, מנינים, א ״לינת הצדק״, א ליי־קאסע, א האנטווערקער פאראיין, ״הכנסת אורחים״ און אנדערע הילפס אינסטיטוציעס. מען האָט געזאמלט געלט פאר קרן־קימת־לישראל, פאר קרן־היסוד, פארן ארבעטנדיקן ארץ־ישראל, פאר דער ״תרבות״ ליגע. און עס ווונדערט: פון וואנען האט זיך דאס אלץ גענומען?

די עקאָנאָמישע לאגע אין רוזשאן איז שטענדיק געווען שווער. יידן האָבן מיט שווערער מי און אָנשטרענגונג געצויגן חיונה פון וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. מען האָט געטאָפּטשעט איבער דערפער און וויסטע וועגן כדי צו געפינען עפּעס וואָס צו קויפן און פארקויפן, געגענעצט אין די בידנע געוועלבלעך ווארטנדיק אויף א קונה, געיאָגט זיך אין מארק טעג נאָך א קניה׳לע און נאָך א גמילות־חסד פאר דער קניה׳לע. אזוי אויך די בעלי־מלאכות — אויסגעריסן געווארן נאָך א שטיקל ארבעט, הגם ס׳זענען צווישן זיי געווען אויסערגעוויינליכע פאכמענער.

די לעצטע יאָרן האָבן די פּאָליאקן אָרגאניזירט פּיקעטן נעבן יידישע געוועלבן און נישט געלאָזט קויפן ביי יידן. די רעגירונג האָט ארויפגעלייגט הויכע שטייערן אויף יידן, און סעקוועסטירט זייער ביסל פארמעגן ווען זיי האָבן די שטייערן נישט געקאָנט באצאָלן. דאָס לעבן איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. ס׳האָט אויסגעזען ווי א לעבן אין ענגער שטייג. מען איז געלאָפן פון פלאץ צו פלאץ, מ׳האָט זיך געוואָרפן פון בראנזשע צו בראנזשע, מ׳האָט גענישטערט און געזוכט, ווי זיך צו דערנערן און דערציען די קינדער, און שטענדיק האָט מען געווארט אויף בעסערע צייטן. ליידער איז געקומען אזא שלעכטע צייט, וואָס מען האָט גאָר פון איר נישט געחלומט, און דאָס יידישע רוזשאן איז אינגאנצן פארניכטעט געוואָרן.

## דער ענדלעכער חורבן

סעפּטעמבער 1939. די לעצטע עפּאָכע אין אונדזער לעבן. ווי נאָר ס׳האָט אויסגעבראָכן די גרויזאמע, ווילדע, נאצישע וועלט־מלחמה, האָבן מיר געמוזט גלייך פארלאָזן רוזשאן. מיר זענען אוועק קיין גאוואראוועע און א האָגל פון באמבעס האָט אונדז באגלייט לענגאויס אונדזער וועג. דאָס שטעטל האָבן די מערדער פארברענט ביז צום גרונט. פון דער הארציקער, טייערער, יידישער שטאָט איז נישט געבליבן קיין זכר. רוזשאנער יידן זענען שוין אין דעם ערשטן גלות־טאָג געפאלן פון די מערדערישע באָמבעס, און די מערסטע זענען אוועק דעם וועג פון אלע פּוילישע יידן דורך אָשוויץ, מיידאַנעק, טרעבלינקי, בעלזשיץ און כעלמנאָ, אוועק אין דעם טראגישן וועג דורך גאז־קאמערן, בראנד־אויוונס און אנדערע נאצישע גרויל־דערפינדונגען.

איך בין נישט אומשטאנד, נישט מיט מיינע שרייב־פעאיקייטן און נישט מיט מיין געזונט, צו באשרייבן די שרעקלעכע געשיכטע פון די לעצטע טעג פון אונדזערע קדושים. כ'ווייס אז אנדערע האָבן וועגן דעם געשריבן. איך וויל נאָר מיר זאָלן אין אונדזער בוך אויפשטעלן א מצבה די קדושים, נישט לאָזן זיי פארגעסן ווערן פאר די צוקונפטיקע דורות און זייערע נעמען זאָלן פאראייביקט ווערן צווישן אונדז. ווייל זיי זענען געפאלן נאר ווייל זיי זענען געווען יידן, און אלס אזעלכע דארפן זיי פאראייביקט ווערן אין דער מארטירער געשיכטע פון יידישן פאלק. מיר רוזשאנער, וועלכע זענען על־פי נס לעבן געבליבן, קומען זיי דעם דאָזיקן הייליקן חוב.

לאָמיר געדענקען די טייערע פשוטע יידן פון אונדזער שטעטל, די האָרעפּאָשנע בעלי־מלאכות, יידן למדנים, חסידים און יידישע מדינה טרוימער. לאָמיר נישט פארגעסן די גאָלדן־הארציקע יוגנט, וואָס האָט אזוי געוואָלט לעבן און שטארבן פאר א יידישער אייגענער מדינה און נישט זוכה געווען.

מיר האָבן געהאט א שיינע, יידישע, שטאָלצע קהלה — תנצב"ה!

קאָפּל פרידמאַן
("אפריקאנער אידישע צייטונג"
פרייטאָג, 9טער אָקטאָבער 1953)

## רוזשאן

רוזשאן, לאָמזשער גובערניע, האָט געהאט פארן ערשטן וועלט קריג א אידישע באפעלקערונג פון ארום פינף הונדערט משפחות. נאָר דער נאָמען פון שטעטל האָט זיך געטראָגן אין דער אידישער וועלט מער ווי דער באדייט פון פינף הונדערט משפחות: רוזשאנער חסידים! ווער האָט עס ניט געהערט? — אן אייגענעם גאנג, אן אייגענע שיטה אין חסידות. וועל איך אָבער נישט דערציילן וועגן דעם, נאָר וועגן א גאָר וואָכעדיקן עפיזאָד, וואָס באווייזט ווי דער טויט־שרעק איז שוין פאָרגעלאָפן אין פוילן נאָך גאָר לאנג איידער די דייטשן האָבן געבראכט דעם גרויזאמען חורבן איבערן פוילישן אידנטום.

אין 1920 האָט די רויטע ארמיי פארנומען רוזשאן, ווי אָט דעם גאנצן דרומדיקן שטח פון פוילן. האָט די רויטע ארמיי געגומען מאכן אָרדנונג, תיכף פארשיקט 14 פוילישע כוליגאנעס, אנטיסעמיטן, קיין ביאליסטאָק. און פון דאָרט — אויף יענער וועלט. די באָלשעוויקעס זיינען, אָבער, דאָך לאנג ניט געווען אין פוילן. איז אזוי גיך נאָר ווי די פאָליאקן זיינען געקומען צו הערשאפט, האָבן זיי געזוכט זיך אָפּצורעכענען דערפאָר — מיט אידן, ווי געוויינלעך.

אין שטעטל האָט מען אנגעהויבן שניידן, רייסן אידישע בערד, מיט פלייש צוזאמען; באליידיקן, שלאָגן, כוליגאניעווען איבער אידן. איינעם, יעקב סאָפּירשטיין, האט מען נאָך שווערע פייניקונגען דערמאָרדעט. אידן האבן דערזען, אז זיי ווערן הפקר. איז נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס מען האָט באשלאָסן ברענגען אין שטעטל די 14, וועלכע די רויט ארמייער

האָבן דערשאָסן; ברענגען זיי ווי נאַציאָנאַלע העלדן, מיט פּאַראַד, מוזיק און — מיט א פּאָגראָם אויף אידן.

ברענגען האָט מען זיי געזאָלט א שבת טאָג. נאָר פרייטאָג איז שוין פול געווען דאָס שטעטל מיט טויזנטער גויים, באוואָפנטע מיט העק און מיט זעק, גרייט צו פּאָגראָם און רויב. האָט זיך באלד געשאפן א אידישע דעלעגאציע, וואָס איז אוועקגעלאָפן צום גלח פון שטעטל, ניט אָן א מתנה, און דער גלח האָט די גויים באַרואיקט, פאַרמיטן דעם פּאָגראָם.

ווי טרויעריק ס׳איז ניט דער דאָזיקער עפּיזאָד, וואָס איז איינער פון טויזנטער; ווי ביטער ס׳איז געווען דאָס אידישע לעבן אין זעלבסטשטענדיקן פּוילן, האָבן דאָך אָבער די אידן געלעבט, זיך געמאַטערט, געראַנגלט, דורך פּראָטעסטן, דורך מתנות, דורך קעגן־קאַמף — אָבער געלעבט. ביז ס׳איז געקומען דער דייטשער אומברענגער און ארויסגעריסן פאַרטיליקט דעם פּוילישן אידנטום מיט די וואָרצלען.

נתן וויגאָדע / פּתח־תקוה

## דער טויט פון יעקב סאַפּירשטיין

נישט אלע אין רוזשאַן האָבן געוווסט, אז ער הייסט סאַפּירשטיין. מ׳האָט אים גערופן יעקב דעם שטומען מאַלערס זון. זיין פאָטער איז געווען אַ פּארבער, און אין אלע קליינע שטעטלעך ארום האָט מען דערציילט, אז מומחים האלטן אים פאר א קינסטלער אין זיין פאַך. יעקב איז געגאַנגען אין זיין פאָטערס וועגן און האָט זייער מצליח געווען.

ער איז געווען זייער א שיינער, הויך־געוויקסיק, מיט א פּרעכטיק שווארצן קאָפּ לאָקן און פון אונטערן ליכטיקן שטערן האָבן ארויסגעקוקט צוויי שיינע שווארצע אויגן ווי קוילן. ער איז שוין געווען פאַרהייראַט און א פאָטער פון דריי קינדער, אָבער ווען ער איז דורך די גאַס, האָבן פרויען אים נאָכגעקוקט...

אין 1920, ווען די רויטע ארמיי איז אריין קיין רוזשאַן, האָבן עטליכע יונגעלייט זיך געשטעלט צו דינסט די באָלשעוויקעס און פאַרנומען גאַנץ הויכע פּאָסטנס. יידן האָבן געגלויבט, אז מיטן קאָמוניזם איז געקומען אויך די יידישע באַפרייאונג פון די פּוילישע פאַררעטערישע הערשער און קאַטוילישע יידן־פרעסער. אזוי איז יעקב סאַפּירשטיין אריין אין דער פּאָליציי און פאַרנומען דעם הויכן אמט פון פּאָליציי־קאָמענדאנט אין שטעטל, הגם ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין חבר פון סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און נישט געווען קיין פּאָליציי־מענטש בכלל; על־אחת־כמה־וכמה איז ער נישט געווען קיין קאָמוניסט. ער האָט אנגעטאָן א ווייסע טאָלסטויובקע, מיט א רויטער לענטע געצויגן פון רעכטן אקסל צו דער לינקער זייט גארטל, און א לאנגע ווייסע שווערד ביים זייט. ער האָט געהאלטן די אָרדנונג אין שטאָט און איר נאָענטער געגנט און געהיט אז קיינעם זאל גאָרנישט געשען.

איין טאָג האָט ער געקראָגן א ידיעה, אז באַנדעס האָבן זיך אריינגעריסן אין יידישע געשעפטן, און אין נאָמען פון אנטיקאַפּיטאַליזם פּאַגראָמירן זיי און רויבן. יעקב איז גלייך אוועק און האָט זיי געטראָפן אין געשעפט פון אהרן פּשישוסקער. ער האָט זיך א לאָז

געטאָן אויף זיי מיט גרויס מוט און מסירות־נפש, זיי צוטריבן און מער האָבן זיי נישט געוואגט אָנצוהויבן מיט יידן.

דער רעזשים פון די באָלשעוויקעס האָט אָנגעהאַלטן נאָר א קורצע צייט, ביז דער פראָנט פון דער רויטער ארמיי האָט זיך איינגעבראָכן ביי ווארשע. די רויטע האָבן זיך צוריקגע־צויגן פון דער גאנצער געגנט און אויך פון רוזשאַן. רוזשאַנער יידן, וואָס האָבן דערפילט א סכנה, זענען מיט זיי מיטגעגאַנגען.

ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער ערשטער סטאַציע, אין גאָוואָראָווע, האָבן מיר דאָרט געטראָפן א סך פליטים. ס׳איז געוואָרן טריב אויפן הארצן — ווידער נעמען דעם וואנדער־שטעקן! האָט מען אָנגעהויבן פרעגן: וווהין לויפט מען? איז דען דאָרט אזא גן־עדן? מ׳דארף אפשר בעסער איבערוואַרטן?

די גאָוואָראָוווער יידן האָבן אונדז ברידערלעך אויפגענומען, געטיילט זיך מיטן ביסן. מיר זענען פארבליבן איבערצוּוואַרטן. אונדזער משפחה, יעקב פסח וויגאָדע, איז איינ־געשטאַנען ביי סרוּלקע שווארץ דעם שניידער. ער האָט געוווינט אין א קליין הילצערן שטיבל, און דאך האָט ער געמאכט פלאַץ אויך פאר יעקב סאַפּירשטיין מיט זיין פרוי און קינדערלעך.

איין טאָג איז געקומען זיין קוזינע פייגל וויגאָדע און האָט דערציילט יענקלען א סוד, אז די רוזשאַנער גויים זוכן אים דאָ. זי האָט אים אפילו געזאָגט די נעמען פון די גויים. ווען ער האָט דערהערט, אז צווישן זיי איז אויך דאָ פּאָליאַנסקי, האָט יענקל געענטפערט:

„אויב פּאָליאַנסקי איז דאָ, האָב איך נישט וואָס מורא צו האָבן.“

און אזוי רעדנדיק קומט אָן פּאָליאַנסקי דער גראָבער און ווענדעט זיך צו יענקלען:

„קום מיט אונדז, דו ביסט ארעסטירט!“

יענקל איז אוועק. מיר האָבן אָפּגעוואַרט צוויי טעג. די שיסעריי האָט אויפגעהערט און מיר האָבן אָנגעהויבן צוביסלעך גיין אהיים. וועגן יענקלען האָט קיינער גאָרנישט געוווּסט. מיר זענען געגאַנגען דורך דעם שטשאָווינער וואלד. אין שטאָט אריין האָט מען געדארפט דורכגיין די בריק איבערן נארעוו. מען האָט נישט געקענט דורכפאָרן די בריק, ווייל זי איז געווען צוריסן פון באָמבעס, נאָר ס׳איז געווען א שמאָלער דורכגאנג פאר פוסגייערס. נעבן דער בריק זענען געשטאַנען האַלערטשיקעס און זשאַנדאַרמען. האָבן זיי אונדז געמאכט א ריכטיקע אויפנאַמע. מ׳האָט אונדז „געכאַפּט“, ארומגערינגלט און מיט די באַיאָנעטן געשלאָגן, געמּמיתט ביז בלוט. מיר זענען געווען א צוואנציק מאַן. צוזאַמענגע־קנוילעט ווי שעפסן זענען מיר געגאַנגען און זיי האָבן אונדז געהאַלטן דעם גאנצן וועג אין איין שלאָגן.

אין שטאָט זענען מיר אָנגעקומען אָוונטצייט. זיי האָבן אונדז אריינגעפירט צו גאָלדע לאָך אין הויף אריין. דאָרט איז געווען א גרויסער קעלער. האָבן די פוילישע רוצחים אויפגעעפנט די טיר און אונדז אריינגעיאָגט ווי הינט. נאָך איידער ווי מיר האָבן באוויזן זיך אוועקזעצן אויף דער ערד — מידע, צעבלוטיקטע, דערשלאָגענע — האָט זיך געעפנט די טיר און ס׳איז אריינגעמומען א הויכער אָפיציר מיט א לאָמטערנע אין האנט, האָט באלויכטן אונדזערע פנימער, באטראכט אונדז שטיל, אָן א וואָרט, און פלוצעם האָט ער ארויס־געלאָזט א ווילדן געשריי:

„יידן, געמיינע הינט! איר וועט ביי אונדז האָבן דעם זעלבן סוף, ווי יענער הונט דאָרטן!“

בשעת מעשה האָט ער מיט דער לאָמטערנע אָנגעוויזן אויף דער לינקער זייט פון קעלער.

דאָרט איז געלעגן א טויטער מענטש. די ליכט פון דער לאַמטערנע האָט שוואך געלויכטן, און מ'האָט נישט געקאָנט זען, ווער דער מענטש איז. האָט ער צוגעוואָרפן:

"דאָס איז אייער קאָמענדאנט!"

און ווידער מיט א ווילדן אויסגעשריי:

"זאָגט אָפּ אייער מאָדליטווע, ווייל איר וועט אלע באלד אויסזען ווי דער הונט דאָרט!"

יידן האָבן געוויינט, געזאָגט תהלים, און מיט א יאָמער געבעטן דעם רבונו-של-עולם, אז ער זאָל מבטל זיין די גזרה. אזוי זענען מיר אָפּגעזעסן די גאנצע נאכט, דערדריקט און פארצווייפלט.

ווען ס'האָט אָנגעהויבן לייכטן אין דרויסן, זענען אריינגעקומען צוויי האלערטשיקעס און באפוילן אז מיר זאָלן אלע ארויס אויפן הויף. דאָ האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין א ריי, די יינגערע אביסל דערווייטערט פון די עלטערע, און מיר האָבן געוואַרט. מיר האָבן פארשטאנען, אז דאָ גייט מען אונדז אלעמען אויסשיסן. פלוצעם איז דער אָפיצער צוגעגאנגען צום העכסטן יידן, צו לוי וויגאָדע דער סטעלמאך, און האָט געזאָגט:

"דו, קום מיט מיר. איר אלע גייט צוריק אין קעלער."

מיר זענען געווען זיכער, אז דאָס האָט מען אים גענומען צום טויט. יידן האָבן ווידער געבראָכן די הענט, געזאָגט תהלים, געיאָמערט, געזאָגט וידוי, און יעדער האָט ביי זיך אין הארצן געוואַרט אויף זיין ריי. די טיר האָט זיך ווידער געעפנט, און מען הייסט אונדז ווידער ארויסגיין אין א ריי ווי פריער. איצט האָט ער אויסגעקליבן פינף פון אונדז: **אהרן פשישוסקער, אברהם פארזשיצקי, יעקב-פסח וויגאָדע, ישראל בורשטיין**, און נאָך א יידן וועמענס נאָמען כ'האָב פארגעסן. ער האָט זיי געפירט נישט אין גאס אריין נאָר פארקערט, צוריק אין קעלער אריין.

מיר זענען געווען זיכער, אז ער וועט זיי דאָרט דערשיסן. מיר ציטערן און וואַרטן: אפשר וועט זיך הערן א שאָס, אפשר מיט אן אנדער מיטל — ווער ווייסט? אָבער אין א פּאָר מינוט ארום זענען זיי ארויס פון קעלער און טראָגן דעם "קאָמענדאנט". זיין קערפער צוגעדעקט מיט א מיליטערישע קאָלדרע. זיי האָבן אים אוועקגעלייגט ביי אונדז צופוסנס. ס'איז געווען יענקל סאַפּירשטיין. דער קאָפּ איז געווען צוהאַקט און דאָס פנים צופלייִשט. שווער געווען אים צו דערקענען. זיי האָבן אים, ווייזט אויס, דערשלאָגן צום טויט מיט פויסטן און שטעקנס, אָבער מיר האָבן דאָך דערקענט, אז ס'איז יענקל סאַפּירשטיין.

אונדז האָט דאָס הארץ געבלוטיקט. מיר האָבן פארשטאנען, וואָס פאר א ווערט ס'וועט האָבן דאָס יידישע לעבן אונטער דעם רעזשים פון די פוילישע כוליגאנעס. אזוי זענען מיר געשטאנען און געטראַכט אונדזערע טרויעריקע געדאנקען, ביז עס האָט זיך דערהערט א געשריי:

"קוקט זיך גוט צו צו אייער געוועזענעם פירער — אזוי וועט איר אויך באלד אויסזען!"

ער האָט אונדז איבערגעלאָזט און אוועק מיט די פינף יידן. זענען מיר ווידער אריין אין קעלער און אָפּגעזעסן ביז טונקל. פארנאכט זענען אריין די פינף מיט לוי סטעלמאך אין קעלער אריין. לוי האָט דערציילט, אז ווען מ'האָט אים אוועקגענומען, האָט מען אים צוגעפירט אויף א פעלד נעבן נוסקע וויעטראַטשניק, מען האָט אים געגעבן א לאָפּעטע און מ'האָט אים געהייסן אויסגראָבן א גרוב "אזוי טיף ווי זיין הויך". ער איז געווען זיכער, אז דאָ גראָבט ער א גרוב פאר זיך אליין, אָדער גאָר פאר אונדז אלעמען. אָבער באלד זענען געקומען די פינף און געבראַכט יענקלס קערפער, און ס'איז קלאָר געוואָרן זייער כוונה.

זיי האָבן אים באַדעקט מיט ערד, געזאָגט קדיש און זיך גוט אויסגעוויינט אויף זיין גורל און אויפן גורל פון זיין יונגער אלמנה און זייערע דריי קינדערלאַך־עופעלעך.

נאָך דריי טעג אין קעלער, אָן עסן און אין לאַנגדויערנדיקער אנגסט, האָבן זיי אונדז באַפרייט. אין שטאָט איז געווען, ווי מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט. די פוילישע כוליגאַנעס, פון פרייד אויף זייער זעלבסטשטענדיקייט, האָבן געבושעוועט, געשלאָגן און געהרגעט. יידן האָבן מורא געהאַט זיך ווייזן אין גאַס. ביז די קהילה האָט דאָס געגעבן צו וויסן **נוח פרילוצקי** און ער האָט אין סיים אַפּעלירט וועגן דעם ענין. מ'האָט געמאַכט אַן אויספאָרשונג, יידן זענען געפאָרן קיין וואַרשע עדות זאָגן און דער כוליגאַניזם איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

ס'האָט אָבער נאָך גענומען אַ לאַנגע צייט, ביז יידן האָבן מיט גרויסער מי און שתדלנות אויסגעפועלט, מ'זאָל זיי דערלויבן אריבערפירן יעקב סאַפּירשטיין אויפן יידישן בית־עולם און אים ברענגען צו קבר ישראל.

**בצלאל ברוידה / תל־אביב**

# רוז'אן – קן של אחווה ויהדות



כאלף משפחות היו ברוז'אן והן השתדלו להוות יחידה חברתית מלוכדת, בטוב וברע. הקהילה היתה הכלי, בו ביטאו את רצונם לחיי רעות ועזרה הדדית ואת אחריותם לחיי ציבור. וכך השתקפו פני החברה של רוז'אן בועד הקהילה ובארגון הקהילה בכלל.

הבחירות לקהילה היו בחירות של ממש. גופים ציבוריים הטילו כל משקלם במהלך הבחירות, ומיבצע הבחירה נעשה בקלפיות בפיקוח ועדת הבחירות ומשרד הממשלה (הפולנית). משנסתיימו הבחירות, פסקה המלחמה שמסביבן, והוועד שנבחר ניהל את ענייני הקהילה על דעת כל העיר ובשם כולם.

פעולות הקהילה היו מגוונות וכל כולן מכוונות לקיום חברה יהודית מסורתית ומתוקנת. אתאר את העיקריות שבהן.

**המקווה.** המקווה נתקיימה בהחזקתה המלאה של הקהילה והיתה פתוחה לכל הציבור, בזמנים קבועים וללא תשלום. הבלן נצטווה שלא ליטול דמי שירות, והוא קיים זאת. פרט לחגים, שבערביהם הותר לו לקבל תשלום־מה לצרכיו לחג.

**תלמוד תורה.** הקהילה הקימה בניין מיוחד בשביל ה"תלמוד תורה" ליד בית־המדרש. שכר הלימוד בו היה מדורג דירוג סוציאלי. ילדי עניים היו פטורים לגמרי מתשלום. קהילתנו היתה מצוינת בזאת, שהיא איפשרה לילדים מחוננים להמשיך תלמודם במקומות אחרים, אם נמצאו ראויים לכך ואם לא היה ביכולת הוריהם לממן לימודם מחוץ לבית.

**בית המדרש.** הקהילה נשאה בכל ההוצאות של החזקת בית־המדרש. כדי שיהיה מושך

אנשים, השתדלה הקהילה לשפר את מראהו, מבחוץ ומבפנים. תמיד היה בית זה מסודר ונקי, מסויד ושטוף אורה. בחורף הוסק בית־המדרש כיאות, ואנשים נמשכו לשבת בו. הוא היה פתוח שעות רבות ביום ובערב, ותמיד נמצאו בו יהודים, מכל הגילים, ישובים ליד השולחנות שקועים בלימוד, בתפילה ובאמירת תהילים.

מרבית אוכלוסיה היהודיים של רוז׳אן היו עובדים, בעלי אומנויות ופועלים, ומועט היה בה מעמד בעלי היכולת. ואם המה בית־המדרש מיושבים בו, הרי זה משום שנמשכו אליו אנשי־עמל, אשר כמהו לתורה וליהדות. הם ערגו לדברי תורה ובצמא שתו דבריהם של מגידי שיעורים שונים, פרשני תורה ומבארי משניות וגמרא.

בין המגידים המקומיים בלט ר׳ **אברהם־יעקב פרידמאן** (רדזינובר), שהיה מפרש את פרשת השבוע, מדי שבוע בשבוע, באוזני קהל שומעים מתמיד. שיעוריו היו מושכים המונים. בית־המדרש היה מלא אז מפה לפה. אמרו עליו, כי אופן לימודו המלבב מושך כאבן־השואבת (ווי א מאגנעט). הוא קרב את שפונות התורה אל הלב הפשוט בייתר, וביאוריו מלאי המשלים והאגדות היו מרחיבים דעתם ואופקיהם של שומעיו.

**גמילות חסדים.** קופה זו נוצרה על־ידי הג׳וינט וכן תרומות שוטפות של התושבים. היא נוהלה בידי איגוד בעלי־מלאכה (האנטוועקער־פאראיין). פעולותיה היו מן המבורכות ביותר בעירנו. ההלוואות שניתנו על־ידי גמילות־חסדים היו ארוכי־זמן וללא ריבית. הקופה השתדלה להגיש עזרה קונסטרוקטיבית ולעתים אף שיקמה משפחות שפרנסתם נתקפחה.

שנים היתה קופת גמילות־חסדים משוכנת בביתו של **יעקב־אלתר מאגנישובר** (אביה של מינה מלינק), וגזברה המתמיד היה **פישל גוגיל**. יושבי־הראש היו מכהנים ברוטציה, כדרוש, והתחלפו מתקופה לתקופה.

**ביקור חולים.** את המוסד הזה קיימה הקהילה, וכדי שפעולותיו תהיינה אפקטיביות היא הקציבה לו סכומים נכבדים, שהספיקו לכסות כל ההוצאות על תרופות וסעד לחולים נצרכים. הקהילה גם קיימה הסכם עם רופא העיר. שהיה על־פי־רוב יהודי, והוא היה מקבל ממנה את השלמת שכרו במקרים של חולים חסרי־אמצעים.

הפעולה עצמה נעשתה על־ידי מתנדבים, בזמנם ומרצונם הטוב. הם היו סועדים מיטת חולה, דואגים לצרכיו ומאפשרים למשפחה להתפנות לעבודת יומם, שלא תיהרס המשפחה בגלל הצורך לטפל בחולה קשה.

**הכנסת כלה.** הדאגה לבת ישראל, שלא תישאר בגפה היתה דאגת כל העיר. רגישותם של בני העיירה למצב הרווקות המתבגרות היתה רגישות של אחים, ועשו הכול כדי להביאן לחופה.

**חברת תהילים.** חברה זו היתה מתכנסת בכל שבת השכם בבוקר. בעוד החושך פרוש על־פני היקום, נראו חבריה זורמים אל בית־המקדש ״לחטוף״ (אריינכאפן) כמה פרקי תהילים לפני התפילה. לא כולם הבינו את מלות המזמורים, אך הם נהנו ממקצביהם ומלשונם והרגישו שדרכם הם מתמזגים עם עבר מפואר של עמם. הם רצו כי גם ילדיהם ירגישו בנועם אמירת המזמורים ועשו הכול כדי למשוך אותם לחברתם. היו גם מחלקים סוכריות לילדים, שהתגברו על שנתם והשכימו לבוא לבית־המדרש לאמירת תהילים.

בין מגידי התהילים בשבתות לפני התפילה זכור ר׳ **אברהם־שאול זאמק**, שהנעים בקולו הערב, כשהוא מוקף ילדים המשוררים יחד אתו.

**כלי־קודש.** מובן מאליו שהקהילה החזיקה את כלי־הקודש של העיר, שילמה משכורת לרב ולשלושת השוחטים שלה ודאגה לתנאים אלמנטריים של כשרות.

הכנסות הקהילה היו ברובן מן האָטאט (המס הרשמי של הקהילה), שהקיף גם את היהודים מכפרי הסביבה, והיה פרוגרסיבי בהיטליו: העשיר הירבה בתשלום מס והעני המעיט, וזה על דעת הקהל. בתקופה האחרונה לקיומה הכריחוה השלטונות לקבל לידיה גם את תשלומי השחיטה ותשלום משכורות השוחטים.

קהילת רוז'אן דמתה, בוודאי, לקהילות רבות בגולה בפעולותיה, אך בלטה בהן בהיקפן ובמחשבה הציבורית שהשקיעה. ייחד את קהילת רוז'אן גם זה, שהיא היתה ערה למתרחש בקרב תושבי העיירה ודרוכה לפעולה. כך היה בימים כתיקנם, ועל־אחת־כמה־וכמה — בימים של משבר וזעזוע.

אחרי מלחמת־העולם הראשונה, כאשר העיר החלה להתלקט מפזוריה, משפחות חזרו אל קיניהן תוך נסיון מחודש לשקם את עצמן, הופיעה הקהילה במלוא זוהרה הציבורי. וכך היא פעלה, כפי שזכור לי, בכל התקופה שבין שתי המלחמות. עד שעלה הכורת על קהילת רוז'אן המפוארת ועל יהודיה.

**מרדכי ארמוני** (זאמעק) / תל־אביב

# בילדער פון פאַרגאַנגנהייט

## איין טאָג אין רוזשאן



דער 11טער נאָוועמבער 1918 איז געווען אַ געוויינליכער הערבסט טאָג. דער ווינטער האָט זיך נאָך נישט צוגעאײַלט צו קומען, נאָך נישט געווען קיין שניי, נישט קיין פרעסט, אַ געוויינליכער דינסטאָג. ווי איר ווייסט, איז דינסטאָג אין רוזשאן אַ מארק טאָג אָדער א יריד, עס קומען די דאָרפישע באפעלקערונג מיט זייערע פראָדוקטן אין שטאָט אריין פארקויפן זייער סחורה און קויפן דאָס וואָס זיי איז נויטיג, און בפרט פאר די גרויסע חגא'עס, פאר קריסטמעס. די סוחרים ווארטן שוין אַ צייט אויף די ערב יום־טוב מערק. די דאָרפס־לייט קויפן אויפן טאָג־טעגליכן געברויך און אויף חגא. אַלץ קויפט מען אויף חגא: קליידער, שיך, אַ היטל, כלים צום עסן, מתנות פאר דער משפחה, פאר באקאנטע קונסטליכע בלומען פון פאפיר צו פארשיינען די שטוב. און יידן האָבן פרנסה.

פאר טאָג, ווען די לבנה מיט די שטערנס האָבן נאָך געשיינט אין הימל, זענען שוין יידן אויפגעשטאַנען פון שלאָף צוצוגרייטן זיך צום מאַרק טאָג. דאָס ערשטע נעמט מען די צוויי עמער מיט די פידעס אויפן אָקסל און מען גייט אראָפּ צום נארעוו ברעגנען וואסער אין שטוב אריין. ביים נארעוו פילט מען אָן די עמערס און מען טראָגט באַרג ארויף

אין שטאָט אריין. ביי דער שטאָטישער באָד רוהט מען אָפּ אַ ביסל. אַנטקעגן באַגעגנט מען נאָך אַ ייד מיט אַ גוט־מאָרגן. "היינט וועט זיין אַ שיינער טאָג," זאָגט איינער צום צווייטן.

"אפשר וועט טאַקע דער־וואָס־לעבט־אייביג העלפן מיט אַ שיין וועטער ביז די חגא'עס, אז גויים זאָלן קענען קומען אין שטאָט אריין קויפן. עמך ישראל צריכים פרנסה." זאָגט דער צווייטער ייד און זינגט אונטער מיטן ניגון פון ראש־חודש בענטשן: "אוי, רבונו־של־עולם, חיים של פרנסה, חיים של שלום..."

"און וואָס הערט זיך טאַקע מיט דער מלחמה? מען האָט נעכטן געזאָגט אין שול, אז דער דייטשער קייסער איז אַראָפּ פון טראָן. אויב דאָס איז אמת, וועט זיך די מלחמה ענדיקן."

"מיר וועלן באַלד גיין אין שול, וועלן מיר הערן נייעס פון די יידן וואָס זענען געקומען מיט די לעצטע באַן פון וואַרשע."

אין שול האָבן יידן געדאַוונט ווי אלע מאַרק טעג, זיך אַ ביסל צוגעאיילט. טייל יידן זענען געבליבן צוהערן די נייעס פון די לעצטע באַן. אַזוי זענען ביסלעכווייז די יידן אַהיים געגאַנגען פון שול.

אַרויסגייענדיג פון שול גאַס איז מען געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט. וואָס איז דאָס? פויערים קומען צו פאָרן מיט ביקסן אויפן אַקסל, אָדער מיט שווערדן. נישט אַנדערש — אַ פּאָווסטאַניע, אַן אויפשטאַנד, געגן די דייטשן; אָדער, חס וחלילה, אַ פּאָגראָם אויף יידן. וואָס נאָר עפּעס — זענען יידן די ערשטע כפּרה. מען דאַרף לויפן אַ היים כל־זמן מען קען נאָך. שפּעטער וועלן אָנקומען אַ סך גויים, וועט מען נישט קענען די גאַס דורכגיין, אָדער זיי וועלן נישט לאָזן דורכגיין.

אַהיים קומענדיג האָט מען געשווינד פאַרהאַקט די טירן, אפשר וועט מען זיך קענען ראַטעווען מיט גאָטס הילף. עטליכע יידישע אַרבייטער, וואָס האָבן געאַרבייט אין די קאַזאַרמעס ביי די דייטשן, זענען דעם טאָג אויך געגאַנגען גאַנץ פרי אין די קאַזאַרמעס, נישט צו ארבייטן. זיי האָבן שוין געוווסט, אַז די דייטשן פאַרלאָזן רוזשאַן. נאָך נעכטן האָט מען זיי באַצאָלט דעם לוין וואָס זיי איז געקומען און זיי געזאָגט, אַז מאָרגן, דינסטאָג, פאַרלאָזן די דייטשן רוזשאַן. אייניקע באַקאַנטע דייטשן האָבן זיי באַשטעלט צו קומען גאַנץ פרי, זיי צוגעזאָגט צו געבן עטליכע רעוואָלווערן אויף זיך באַשיצן אין פאַל ווען עס וועט זיין נויטיג. אָבער ביי דער בריק זענען שוין נישט געווען קיין דייטשן וואָס היטן די בריק. אין די קאַזאַרמעס, אַנשטאָט דייטשען זענען געווען די פויערים פון קאַשעוויץ און פון אנדערע נאָענטע דערפער, וואָס האָבן גערויבט אַלץ וואָס מען האָט געקענט רויבן. ביז עס זענען אַראָפּגעקומען עטליכע פּאָליאַקן פון רוזשאַן, מיט ביקסן אין די הענט, און געזאָגט צו די פויערים:

"חברים, וואָס רויבט איר? איצט איז אַלעס אונזערס! און ווער רויבט ביי זיך אליין?"

דאַן זענען זיי זיך צוגאנגען אַהיים. ווען די יידן זענען צוריקגעגאַנגען אין שטאָט אַריין, זענען שוין געשטאַנען פּאָליאַקן מיט ביקסן, געהיט די בריק און פאַרלאַנגט פון יעדן דורכגייער אַן ערלויבעניש.

אין שטאָט זענען דעם טאָג אַנגעקומען אַ סך פּאָליאַקן פון די ארומיקע דערפער, זיי האָבן געהאַט געווער, מערסטנטייל פון רוסישן מיליטער. עס האָט זיך געלאָזט דערקענען, אַז עס איז געווען אַ לאַנגע צייט באהאלטן. מען האָט נישט געזעען קיין יידן אויפן מאַרק, נישט קיין קויפער נישט קיין פאַרקויפער. אַ פּאָר יידישע יינגלעך האָבן זיך ארומגעדרייט

צו זעען וואָס דאָ גייט פאָר. אַז מען האָט געזאָגט אַ קרעמער, ער זאָל עפענען זיין געוועלב, האָט ער געענטפערט: "אַז אַלע יידן וועלן עפענען זייערע געוועלבער, וועל איך אויך עפענען מיין געוועלב." אונטער די פאַרמאַכטע טירן פון די הייזער איז מען געזעסן אָנגעשטרענגט און אַרומגערעדט די לאַגע, איבערהויפּט די יידישע לאַגע.

ווען דער בעל־מלאכה איז געקומען פון שול, האָט ער זיך נישט גענומען גלייך צו דער אַרבייט. פרעגט אים די ווייב:

"פאַרוואָס עפּעס נעמסטו נישט אַרבייטן? ס'איז דאָך היינט דינסטאָג. דער ערל וועט דאָך קומען היינט אויסלייזן די אַרבייט."

ענטפערט ער:

"עפּעס לייגן זיך מיר נישט די הענט היינט צו דער אַרבייט."

ער קוקט אויף זיין דערוואַקסענער מיידל מיט פחד און שרעק, דערציילנדיק וואָס ער האָט געזעען אין גאַס ווען ער איז געגאַנגען פון שול, ווי עס דרייען זיך אַרום אַזוי פול פויערים פראַנק און פריי מיט געווער אין די גאַסן. אפשר זענען שוין די דייטשן אַוועק פון פוילן און ווער ווייסט וואָס די פּאָליאַקן וועלן טוהן מיט די יידן!

דאָ הויבט זיך אָן די טענה צו זיך אליין, פאַרוואָס מען איז נישט געפאָרן קיין אמעריקע? גאָר אַ קורצע צייט איידער ס'איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה, האָט מען אַליין מיט די אייגענע הענט צוריקגעשיקט די שיפס־קאַרטן, וואָס די משפּחה האָט געשיקט מען זאָל קומען קיין אמעריקע, צוליב דעם וואָס מען זאָגט, אַז אין אמעריקע ארבייט מען שבת. און צוליב נאָך אַזעלכע אפּיקורסות איז מען נישט געפאָרן. טאַטע און מאַמע קוקן אויף דער דערוואַקסענער מיידל, ווי זיי וואָלטן דעם ערשטן מאָל דערזעען, אַז זייער קינד איז שוין אַ דערוואַקסענע פרוי. אין אַזעלכע שלעכטע צייטן — וווּ טוט מען זיך אַרום מיט איר? ווער האָט זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן, אַז עס זאָל ווערן אַזאַ גרויסע וועלט־מלחמה און זאָל זיך ציען אַזוי פיל יאָרן. אפשר איז שוין טאַקע משיח'ס צייטן, ווי אונדזערע עלטערן פלעגן זאָגן, אַז אין משיח'ס צייטן וועלן די לעבעדיקע מקנא זיין די טויטע! די מיידל האָט געפרעגט מיט וווּנדער:

"וואָס איז דאָ מקנא צו זיין טויטע?"

האָבן איר די עלטערן געענטפערט:

"זיי זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירליכן טויט און געקומען צו קבר ישראל. זאָל שוין דער אויבערשטער האָבן רחמנות אויף אונדז יידן, שיקן משיח'ן און אונדז אויסלייזן פון די צרות!"

## יידישע קרבנות

אין יענע טעג האָט פּאַסירט דער פאָלגנדער פאַל. צוויי גויים פון אַ דאָרף זענען געקומען צו אַ יידישן קצב אין רוזשאַן און אים געזאָגט, אַז זיי האָבן צו פאַרקויפן עטליכע בהמות און ער זאָל קומען צו זיי אין דאָרף אריין צו קויפן די בהמות. האָט דער קצב גענומען נאָך אַ ייד מיט זיך און ביידע זענען אַוועק אין דעם דאָרף אויף דער קניה.

עס איז אריבער אַ פּאָר טעג און די ביידע יידן זענען נישט צוריקגעקומען אהיים. האָט מען געמאָלדן די פּאָליציי. צו דער זעלבער צייט האָט מען צו וויסן געגעבן גאָוואַראָווער יידן, אַז צוויי רוזשאַנער קצבים זענען ארויסגעגאַנגען אין דעם דאָרף וואָס נעבן גאָוואַראָווע

קויפן בהמות און עס איז שוין אריבער עטליכע טעג און זיי זענען נאך נישט געקומען צוריק אהיים.

האָבן זיך אָרגאניזירט די רוזשאנער און גאָוואָראָווער יידן צו זוכן די צוויי קצבים, און אויסגעפינען צו זיי לעבן נאָך אָדער זיי זענען, חס וחלילה, שוין טויט. האָט מען געמאכט אזעלכע אייזערנע שטעקלעך מיט שארפע שפיצן און מען איז געגאנגען איבער וועלדער און פעלדער זוכן. מען האָט זיך צעשפרייט אויף עטליכע קילאָמעטער ברייט געגאנגען און געשטאָכן מיט די שפיציקע אייזערנע שטעקלעך אין דער ערד.

אזוי האָט מען געטאפּט און געזוכט, ביז מען האָט געפונען די צוויי יידן געהרגעטע באגראָבן אין דער ערד, נישט ווייט פון דעם דאָרף, ווו עס וווינען די גויים וועלכע האָבן זיי באשטעלט צו קומען צו זיי קויפן די בהמות. די גויים האָבן, הייסט עס, צוגענומען ביי זיי דאָס געלט, זיי געהרגעט און באגראָבן נישט ווייט פון דאָרף.

שוין אין יענע טעג, מיט דער ענטשטייאונג פון דער נייער פּוילישער רעפּובליק, ווען יידן האָבן געהאָפט צו אָ פריי יידיש לעבן — האָט געשפּראָצט פון יעדן ווינקל די שרעק־ליכע שנאה צו יידן. ס׳זענען געפאַלן די ערשטע יידישע קרבנות. און יידן האָבן מיט וווּנדער געפרעגט די גרויזאַמע פראגע: ״פאַרוואָס הרגעט מען אונז?״

## דער בשותפות׳דיקער פּאַספּאָרט

זעלטן האָבן יינגלעך געהאָט פּאַספּאָרטן. נאָר די יינגלעך, וואָס זענען געוועזן געמאָלדן אין אַנדערע שטעט, פלעגן האָבן אַ פּאַספּאָרט. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אַ גרויסע טייל פון פּוילן געוועזן אונטער דער רוסישער הערשאַפט. דאמאָלסט זענען די רוסישע פּאַספּאָרטן געוועזן אָן בילדער. אויב וועלכער יינגל האָט געוואָלט אַוועקפאָרן פון רוזשאַן אָן דעם וויסן פון זיינע עלטערן, פלעגט ער באָרגן ביי א צווייטן יינגל אַ פּאַספּאָרט צו קענען פאָרן אין א ישיבה אָדער אַרבייטן. נאָכער פלעגט ער אָפּשיקן צוריק דעם פּאַספּאָרט. צוליב דעם האָט מען געדאַרפט באַשטעלן דעם פּאַספּאָרט מיט א צייט פריער. אַ יינגל האָט מורא געהאט צו בלייבן אין אַ גרויסער שטאָט אָן אַ פּאַספּאָרט. אויב פּאָליציי האָט געכאַפּט אַזעלכן, פלעגט מען אים שיקן אהיים מיט עטאַפּ, צופוס פון שטאָט צו שטאָט און נעכטיגן אין די שטאָטישע קאַזע.

אין די רוסישע צייטן איז אַ פּאַספּאָרט געוועזן זייער חשוב. אַז מען האָט געפרעגט אַ רוסישן פּאָליציי־מאַן די פראגע, ווער איז אַ מענטש, האָט ער געענטפערט:

״א מענטש באַשטייט פון אַ גוף און אַ פּאַספּאָרט. און דער וואָס האָט נישט קיין פּאַספּאָרט, איז נאָר א האלבער מענטש, און אַ מאָל דאָס אויך נישט!״

לאה ברוידס־קורלנדר / תל־אביב

# השוק בעיירתנו



בית הורים, תקופת הילדות ומראות הסביבה שבה גדל האדם הינם זכרונות החרותים עמוק בתודעתו של כל אחד. גם אחרי תקופות זמן ארוכות וגלגולי חיים לרוב הם כמעיין בלתי־נדלה, שופעים ומשפיעים על האדם עד סוף ימיו. עם השנים, ולפעמים לעת זיקנה, צפות חוויות אלה ביתר בהירות, בקסמי משיכה ובגעגועים. לפיכך אני נאחזת עתה בימים רחוקים ואשתדל להעלות כמה רישומים ממרחקי עיירתנו הקטנה, כפי שנשארה חתומה בזכרוני מאז, משכבר.

ודאי כולנו נושאים עמנו את נופיה היפים, החורשות והיערות, שהשתרעו בקירבתה והקיפו אותה. הנה הנהר הגדול והנחל הקטן בסמוך ל״אולדר בריקל״. אך מה שממריץ אותי יותר מכול להזדקק לכתיבה זו הריהו השוק הקבוע בעיירתנו, שנתקיים פעמיים בשבוע, בימי שלישי ושישי. ומה פירושו של שוק זה? רחבה בצורת ריבוע מוקפת בניינים, גבוהים לפי מושגי אותם ימים. באחת הפינות הללו עמד בית אבא. כך היתה לי הזדמנות להיות עדה קרובה למראות יום השוק.

בשעות המוקדמות ביותר נשמע קול צניפת סוסים ושיקשוק גלגלי עגלות. האיכרים השכימו לבוא מן הכפרים הסמוכים ואיתם תוצרת החלב שלהם: גבינות, שמנת, חמאה טרייה וריחנית, שהיתה שטוחה על מצע עלים ירוקים ורעננים. אמי נהגה לקנות מן הגויים רק חמאה, כנראה מטעמי כשרות. עם עונות השנה היה משתנה מראה השוק, כל עונה ותוצרתה המיוחדת.

בחורף הכול מכוסה שיכבת שלג. הפירות לרוב קפואים. כן בלט לבוש התגרניות, המוכרות פירות העונה. מכורבלות במעילים כבדים ביקשו תחבולות לחמם את גופן באמצעות סירים מלאים גחלים לוחשות, זה הסיר המכונה בלשון העם ״פייער טאָפּ״ (סיר האש). אזכור את הנשים הללו, פנים חרושות קמטים עמוקים, קמטי צער וסבל. נשים אמהות, אשר עליהן העיק נטל פרנסת המשפחה, לעתים המפרנסת היחידה או העיקרית.

את הפשרת השלגים סימלו שלוליות מים וציוצי ציפורים, המבשרות את האביב הקרב. כיכר השוק, כמו יתר חלקי העיירה, מלאה בוץ ורפש. אך דוכניו נתמלאו ירקות ראשונים שהקדימו להבשיל. היתה זו התקופה היפה ביותר, שנשתקפה לעיני באור חדש ומרנין. העצים נתפרחו ועד היום רומז לי ה״בעז״, הלילך הריחני. זכר ריחו מעורר בי הרגשות נעורים. אני וחברותי בנות גילי מצאנו פורקן לרגשי אביבנו בטיולים ארוכים בחיק הטבע. כל אחת מבנות החבורה הצעירה הביעה על־פי דרכה את רחשי עולמה הפנימי.

תור האביב מסתיים ואחריו באה עונת הקיץ. ושוב משתנה מראה השוק. הדוכנים שופעים כל טוב, והשמש מחממת בנדיבות. בעונה זו של הקיץ אהבתי את הגשם היורד במפתיע

ובקלילות. נהניתי לשוטט ולהסתכל ברקיע, עת הופיעה בכל גווניה קשת הפלא ונדרכה בלבו של ענן קודר.

עם ראשית הסתיו, שהכריז על בואו במעוף עלים נושרים ובאוירת שלכתו הזהובה, כבר התחילו בהכנות לקראת החורף. גברו הקניות בשוק. קנו את הפירות והירקות הניתנים לשמירה לעונת הקור והקפאון, שהיא העונה המתה לגבי שיווק פרי טרי למאכל. נזכור את מלאי הפירות, שנשתמר ברוב הבתים על ה״בוידעם״, טמון בתוך ערימת קש.

סוג מיוחד, הווי בפני עצמו, הם אותם ה״סוחרים״ שלנו, אשר עיסוקם היה קשור בימי השוק. הם נמצאו תמיד במקום ופרנסתם היתה תלויה בפרשת מקח־וממכר, במסחר זעיר, בקטנות. לא חסרו גם קוריוזים מצחיקים, כאשר גם הקונים היהודים וגם המוכרים האיכרים ניסו להוליך שולל זה את זה. הסוחרים היו ממולחים ובעלי אמצאות שונות ומשונות כדי להונות ולהרוויח. אלא שגם מרבית הקונים לא היו תמימים כלל וכלל.

פעם בחודש היה מתקיים יריד, שאליו באו לא רק בני הכפרים הסמוכים לרוז׳אן, אלא מוכרים גם מן העיירות הסמוכות. התכונה ליריד הורגשה כבר בערב שלפניו. היו מגיעים סנדלרים, חייטים, כובענים, נגרים, נפחים וכו׳, בעלי־מלאכה למקצועותיהם השונים. התחבורה והתעבורה בימים ההם היתה, כמובן, בעגלות. בשעות כל הערב והלילה נשמע שיקשוק הגלגלים והלמות פרסות הסוסים. אנשי היריד שנתכנסו התחילו בהתקנת הדוכנים, וכל המקדים זכה במקום מרכזי יותר שברחבת השוק.

ביריד היתה הזדמנות לרכוש מזונות, כלים ובגדים וכיו״ב — כל אשר חשק לב אדם. את היריד אפשר להשוות לחנות כל־בו גדולה, לפי נוסח הימים ההם. זכור לי, שבערב כל יריד הייתי מתמלאת ציפייה סתומה ותקוות ללא פשר.

עם קהל הבאים הגיעו גם הרבה צעירים, שנתלוו אל הוריהם כדי לעזור להם בסידור הדוכן ובאירגונו המוצלח. רוב הצעירים האלה נשתייכו, כמוני, לתנועת ״השומר הצעיר״ (הודות לכך חלק מהם ניצל מן השואה ונמצא כעת בארץ). היריד שימש לנו הזדמנות טובה למיפגש רעים, שנתקיים ברחוב השוק ובקירבתו. ערבי הפגישות הצטיינו בשמחת נעורים, בצהלה ובמשובה. הקולות העליזים הדהדו כמעט בכל העיירה. לא חסרו גם שיחות, השתפכות רגשי נפש, חילופי דעות של בני־תשחורת הניצבים על סף עתידם. היו בעיות פרט וכלל, שהטרידו ותבעו פתרון. ולמי אין בעיות בגיל זה ?

ביריד הרשימו בהופעותיהם אנשים מוזרים שלא ממעמד הסוחרים. בין אלה נמצא בעל קוף, שהיה מרקידו לעינינו הסקרניות. לעתים היה הקוף ובעליו מסתייעים בתיבת נגינה, מופעלת בסיבוב ידית. התיבה השמיעה מתוכה מנגינה צרודה, החוזרת כל הזמן על עצמה בקצב אחיד. לעתים נקלע פה יהודי תמהוני, כשבידו תיבה משונה ביותר והוא מפציר בנו, הנערות והנערים שהתאספו סביבו, לחזות תמורת תשלום קטן בהקרנת תמונות־קסם מרהיבות. הוא הראה לנו את ״קבר רחל״ ואת הכותל המערבי שבירושלים הקדושה. ביצוע ההצגה הזאת היה פשוט עד מאוד. אלה היו, בעצם, כמה גלויות־נוף מנופי הארץ, אבל הצצה בהן היתה מלווה בטקס כמעט מיסתורי. היהודי נהג למתוח יריעת בד שחור ומכסה בה את ראשינו, מתמרן אותנו ונותן הוראות לעצום עין אחת, ובשעת ההסתכלות בגלויה היה צריך, משום מה, לעצום דוקא את העין השנייה, וחוזר חלילה. סקרנותנו היתה גדולה והתענגנו על המראות, שעוררו בנו געגועים אל ארץ הקדם.

ועוד בין התופעות יוצאות־הדופן היתה הקארוסלה, נדנדה מסתובבת, שהתמקמה בטבורו של השוק, ולרוב נשארה גם אחרי היריד. אנו, ילדי רוז׳אן, נמשכנו לקארוסלה, לפלא הזה.

במרכז התנוסס עמוד־עץ עגול ומעבריו הסתעפו מוטות, שאליהם חוברו ונקשרו מרכבות קטנות צבועות בגוונים עליזים וצעקניים. מרכבות וסוסים הסתבבו והסתחררו במהירות, ועליהם נישאנו שיכורים מאושר ומז... הסיבובים. בעלי הקארוסלה היו מפעילים אותה בעזרת ידית משונה, אשר אף פעם לא תפסתי כיצד הידית הקטנה הזאת מסוגלת להניע את כל המשא הכבד של המרכבות וסוסיהם ורוכביהם. לא נמצא ילד בינינו, אשר מחמת חסרון פרוטות כיס נאלץ לוותר על הנאת הרכיבה על סוס אגדי או על ישיבה במרכבה מלכותית.

כיום, אף כי השנים הללו רחוקות ואני ממשיכה במציאות ותנאים אחרים, לא נשכחו ימי הילדות והנוער, הנשקפים כה פרימיטיביים על רקע ההווי העכשוי, אבל יפים ובעלי קסם מיוחד. אכן גדול וחזק כוחה של נוסטלגיה. עוד חי בתוכי זכר השוק שמול בית אבא.

**מנוחה שולצער** / ניו־יאָרק

## אַן עפּיזאָד



מיין פעטער **איטשע־מאיר אסתריק** איז געווען אַ ייד אַ גביר. ער האָט געהאַט אין רוזשאַן אַ שענק און אַ גרויס מאַנופאַקטור־געוועלב. ער איז געווען אַ הויכער, אַ שיינער, געקענט לערנען און געווען אַ ייד אַ חכם. מ׳האָט געקאָנט מיט אים זיך אַן עצה האַלטן.

ווען ער איז רייך געוואָרן, איז ער אַריבער וווינען אין אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק. דאַן האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. געווען אַזעלכע וואָס זענען פון איר רייך געוואָרן, אָבער ער איז פאַראָרימט געוואָרן און ממש נישט געהאַט פון וואָס צו לעבן. דערווייל זענען זיינע קינדער אונטערגעוואַקסן און מענטשן האָבן אים געראָטן, ער זאָל אַריבער אין דאָרף סיפּניעוואָ און דאָרטן עפענען אַ געוועלב. ער האָט אזוי געטאָן און ס׳איז אים גאַנץ גוט אָוועק. ער האָט געהאַט שיין פּרנסה.

איינמאָל איז ער געפאָרן קיין וואַרשע איינקויפן סחורה, און זיין צוואַנציק־יעריקער זון שלמה איז געבליבן אין געוועלב. אין דעם קומט אריין אַ שגצ׳ל פון א יאָר פערצן און לייגט אים פאַר אויסצובייטן אַ דאָלאַר. ער איז געפאַלן אויף דער מציאה, געקויפט דעם דאָלאַר און פאַרגעסן צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז עס איז שטרענג פאַרבאָטן האַנדלען מיט פרעמדער וואַלוטע, און צווייטנס, אַז אזא שגצ׳ל האָט מסתמא דעם דאָלאַר געגנבעט, און ער קאָן אריינפאַלן פאַר קויפן געגנבעטע סחורה.

דערוויל האָט די מוטער פון שגץ געזען, אַז דער דאָלאַר איז נישטאָ, האָט זי זיך גענומען צום שגצ׳ל, אים גוט אָנגעבויקערט, ביז ער האָט מודה געווען אין דער גנבה. ער האָט איר אויך דערציילט, אַז ער האָט דעם דאָלאַר פאַרקויפט דעם יידן.

די מוטער איז, פאַרשטייט זיך, אַוועק אין פּאָליציי. מ׳האָט דעם קוזען מיינעם אַרעסטירט און דאָס געריכט זיינס איז באַשטימט געוואָרן אין רוזשאַן. ביזן משפט האָט מען אים באַפרייט אויף קאַוציע.

ביי אונדז איז געווען אַ פּאָליציי סערזשאַנט, איינער אַ מישעק, אַ האַלבער דייטש און האַלבער פּאָליאַק, אָבער אַ גאַנצער און קרענקליכער אַנטיסעמיט און סאַדיסט. מ׳האָט אים גערופן מיטן צונאָמען פּאַזשיטש (אַנטליי מיר), ווייל תמיד האָט געזוכט הלוואות אויף נישט אָפּצוגעבן. ווען אַ ייד איז אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט אַריין, פלעגט ער אים אַזוי שלאָגן, אַז דער מענטש האָט שוין נישט געדאַרפט קיין געריכט. ער האָט ממש געוואַרט מיט פרייד, אַז מיין קוזען זאָל אַריינפאַלן צו אים אין די הענט.

מיין קוזען האָט עס געוווּסט, און קומענדיק קיין רוזשאַן האָט ער נישט אַזוי מורא געהאַט פאַרן געריכט ווי פאַרן סערזשאַנט מישעק. אונדז האָט ער עס אָפן געזאָגט. אין בין דאַן אַלט געווען פופצן יאָר און כ׳האָב מיר געקלערט, אַז איך מוז אים העלפן. מיך וועט מען נישט אַרעסטירן. איך מוז עפּעס פאַרקלערן כדי אָפּצוראַטעווען מיין קוזען פון מישעקס הענט. כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט דעם אָוונט, פאַרקלערט אַ מעשה מיט וועלכער כ׳זאָל קאָנען עדות זאָגן.

כ׳האָב מיין אייגן־פאַרטראַכטע דערציילונג אויסגעלערנט אויף אויסווייניק. אַ טאָג פאַרן משפט בין איך אַוועק צו שלמה לאַדי׳ס פרוי. (ביי שלמה לאַך אין גרויסן הויז איז איינגע־שטאַנען דאָס געריכט.) האָב איך איר דערציילט מיין אויפטו. גאָלדע לאַך איז אַרויף צום ריכטער — אַ פיינער, אָרנטליכער פּאָליאַק — און אים געזאָגט:

״מאָרגן וועט אַ קליין מיידעלע עדות זאָגן אין געריכט. שרעק זי נישט איבער. רעד מיט איר לאַגאָדנע און לאָז נישט אַנדערע זי איבערשרעקן. טו מיר די קליינע טובה.״

אויף צומאָרגנס איז פאָרגעקומען דער משפט. כ׳בין אַריין עדות זאָגן. פון איין זייט איז געשטאַנען שלמה מיין קוזען, פון דער צווייטער זייט — מישעק מיט דער גויה און דעם שגצ׳ל. מ׳האָט מיך צוגערופן, געהייסן שווערן. די קאַטעדרע פון געריכט איז געווען העכער פון מיין מויל און מיר פאַרשטעלט די ליפּן. אַזוי אַז ווען כ׳האָב באַדאַרפט נאָכזאָגן די שבועה, האָב איך נישט נאָכגעזאָגט געענוי. קיינער האָט דאָס נישט באַמערקט.

דער ריכטער האָט מיך אויסגעפרעגט און איך האָב אויסדערציילט די גאַנצע געשיכטע.

מישעק האָט זיך אַריינגעמישט און געזאָגט דעם ריכטער:

״פאַרוואָס לאָזט איר זאָגן אַזעלכע ליגנס?״

האָט דער ריכטער אים געענטפערט:

״איר קאָן מען גלויבן. זי איז אַ קינד פון אַ גוטער היים. איר גלויב איך. ער איז אַ גנב פון קליינוויס אויף, און כ׳גלויב אים נישט.״

מיין קוזען איז אַרויס אַ פרייער. דער סערזשאַנט איז דערנאָך נאָכגעלאָפן שלמה׳ן און אים געזאָגט:

״ווען דו פאַלסט אַריין צו מיר אין דער קאַמערע, וואָלט איך דיך מיט מיינע אייגענע הענט צעבראָכן אויף שטיקלעך. אָבער דו האָסט מער גליק ווי שכל. ווען נישט די קליינע ליגנערטע, וואָלסטו קיין לעבעדיקער נישט אַרויס פון מיר!״

ס'איז וויכטיק זיך דערמאָנען אין אזעלכע עפּיזאָדן. אין זיי שפּיגלט זיך אַפּ דער טראַגישער גורל פון יידן, ווען זיי זענען צווישן גויים. און דאָס איבערדערציילן די פּאַסירונגען ווערט אַ וואָרנונג פאר אנדזערע יידן אויף דער גאָרער וועלט — זיי זאָלן וויסן ווי אַפּצושאַצן אַ מדינה, ווו יידן זיצן נאָר צווישן יידן.

**חיים פלאַטקין**

## שטיוול

דערציילונג פון קריגס־צייטן *

1



ניט ווייט פון הירש לייב קאַמאַשענמאַכער'ס שטוב זעט מען אַרויס די איינגעמויערטע פאָרטן. דאָרט שלענגלט זיך דער שמאָלער טייך נאָרעוו, אַרום סאָסנאָוון וועלדל, ווו ס'איז "אויסגעוואַקסן" אַ גרויסער זעלנערישער בית־עולם. די הילצערנע צלמים קרימען זיך, איינגעבויגענע, ווי זיי וואָלטן געקלעטערט אויפן באַרג, צום שטעטל־צו, רוזשאַן.

פון די פייכטע ווינטן, וואָס בלאָזן אָפּט פון שמאָלן טייך, זיינען אַרום די זעלנערישע קברים אויסגעוואַקסן ווילדע, שליימיגע גראָזן, ווי ביי אַן אָזיערע. די ערד איז דאָרט שוואַרץ און ווייך: גרינג פאַר די שקצים, וואָס קומען מיט רידלען און גראָבן־אויס די אויסגעפאַשעטע ווערים אויף פישפאַנג. פולע בלעכלעך מיט ווערים טראָגן זיי אוועק, דורכגעשאָטן מיט פייכטע ערד. נאָר בעת די פּוילישע פישער־יונגען ברייננגען די גוסס'דיגע פיש, ארויפגעצויגענע אויף שנורן, ווייכן פון זיי די אידישע באַלעבאָסטעס.

"זיי לאָזן ניט רוען, די געפאַלענע זעלנער, רחמנא לצלן," זאָגן די ווייבער סודות'דיג און שאָקלען צו מיט די קעפּ.

אין שטעטל שמועסט מען, אַז גראָבנדיג די ווערים ביים זעלנערישן בית־עולם האָט איינער אויסגעגראָבן אַ דורכגעשאָסענעם אויער... און כאָטש קיינער אין שטעטל האָט ניט געזען דעם דורכגעשאָסענעם אויער, ווי מ'האָט ניט געזען מאָטל'ען, הירש־לייב'ס זון, שווימען אין טייך, האָט מען אָבער די פיש ניט געקויפט.

מיט דער פינקטלעכקייט, ווי מען וואָלט איבערדערציילט אַ שטיקל צייטונג־כראָניק, רעדט נאָך אַלץ דאָס שטעטל פון הירש־לייב'ס זון:

דער פאַרפרוירענער טייך האָט פלוצים "נאָכגעלאָזט" און געעפנט די שליוזן פאַר אַ ברייטן שטראָם איבער די ברעגן. דער רעש פון די קריעס אייז, וואָס האָבן זיך געבּרעקלט ביי די שטאָלענע, שאַרפע "נעז" פונם בריק, איז געווען ווי דער טומל פון די זעלנער ביי

* נדפס ב"מארגן פרייהייט", 1956.

דער לעצטער שלאַכט. דאָס צעבורעטע וואַסער האָט אַרויסגעריסן מאָטל׳ס קערפּער מיטן אָפּגעשאָסענעם אויער און אים פאַרטראָגן אַזש קיין וואַרשע, צום ווייסל. אידישע פישערס האָבן דאָרט דעם קערפּער אַרויסגעצויגן און אים איבערגעגעבן צו חברה־קדישה.

הירש־לייב קאַמאַשנמאַכער, אַ מענטש וואָס איז ניט גרייט געווען גלויבן די מעשה וועגן זיין זון, האָט דאָך אַרומגעשפּאַנט צעטומלט, פאַרחוש׳ט, ווי אין אַן עולם התהו... זיין קורץ בלאָנד בערדל איז גרויער געוואָרן, כמעט ווייס. אויך די געדיכטע לאַנגע ברעמען און די וויעס איבער זיינע קלוגע, ברוינלעכע אויגן האָבן באַקומען אַ קאָליר פון קאַלעמוט־נער ווייסקייט. אויף זיין אונטערשטער ליפּ איז דער בלאָער, קוים־באַמערקבאַרער וואַרצל פון נערוועזן בייסן אויפגעלאָפן — גרויס ווי אַ נוס.

מיט נאַגנדיגע, באַהאַלטענע תרעומות פלעגן זיך מוראַ׳דיג לאַנג ציען זיינע שלאָפלאָזע שעה׳ן אויפן געלעגער: אפשר געדאַרפט דעמאָלט דעם זון אויסבאַהאַלטן? שיקן אים ״שוואַרצן״ די גרעניץ? אָדער אפשר גאָר געדאַרפט קויפן פאַר מאָטל׳ען דעם ״רעצעפּט״?

אָ, ניין! דאָס האָט הירש־לייב ביי זיך ניט געוואָלט פועל׳ן. נאָר לייזער דער פאַרבער האָט אויף אַזאַ אופן געקאָנט אַרויסראַטעווען זיין זון פון מיליטער...

איצט ליגט ער, ברוך, לייזער דעם פאַרבער׳ס זון, ווי אַ ניט־דערקוילעטער אָקס. זיינע ביסטרע, אויסגעסטאַרטשעטע אויגן וואַרפן־אָן אַ פחד! זיין דאַרער, שמאָלער ברוסט־קאַסטן הויבט זיך האַסטיג אַרויף און אַראָפּ, ווי דער ״רעצעפּט״, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין ברוך׳ס אינגעווייד, וואָלט נאָך געהאַלטן אין עקספּלאָדירן...

עטלעכע מאָל האָט שוין הירש־לייב געטראַכט גיין ברוך׳ן מבקר־חולה זיין. מיט לייזער דעם פאַרבער איז ער אַ שטיקל קרוב. נאָר בעת הירש־לייב דערנענטערט זיך צו דער הילצערנער כאַטע און דערהערט ברוך׳ס שרעקלעך הוסטן און פייגלעך יענטשען, בלייבט ער אַ ווילע שטיין ווי אַ געליימטער און הויבט־אָן פאַמעלעך שפּאַנען צו דער שול־גאַס, ווי נאָך אַ לויה.

2

הירש־לייב׳ס ווייב, מרים ״קאַזאַק״, — ווי מ׳האָט איר אין שטעטל גערופן — איז אויך ניט צו דערקענען. אַ געלבלעכע מראה האָט זיך פאַרצויגן אויף איר רונד, פליישיג פּנים, אַן אַ שיר קנייטשן און קאַרבן האָבן זיך אָנגעזאַמלט אויף אירע נאָכגעלאָזטע באַקן און ברייטן שטערן. אָפּט דאַכט זיך, זי רעדט צו זיך אַליין; כאָטש מ׳הערט ניט קיין קלאָר וואָרט. רעדט מער מיט די אויגן, וואָס קוקן אויס ווי אונטערגעהאַקט. זי בייט מער ניט איר אָפּגעטראָגענע הלבשה. דאָס אַש־גרוי טיכל מיט די פּינטעלעך, ווי זשאַווער־פלעקן, איז משונה׳דיג פאַרבונדן אויף איר קאָפּ.

די דימענטענע אויררינגלעך און די גאָלדענע פינגערלעך האָט זי שוין לאַנג אויסגעטאָן פון די שאַרסטקע הענט. מרים איז געווען מיט צוויי קעפּ העכער פון איר מאַן, און האָט שטענדיג אָנגעקוואָלן, וואָס אירע זעקס זין זיינען אינגאַנצן אין איר געראָטן. איצט שלעפּט זיך קוים מרים׳ס הויכער, מגושמ׳דיגער גוף אין די ווייכע שטעק־שיך. בשעת אַ שכנה פלעגט בנעימות׳דיג איר אָנהויבן טרייסטן, אַז זי זאָל זיך בעסער נעמען אין די הענט אַריין, האָט אַ נייער קוואַל זיך געעפנט אין אירע רויטגעלאַמעוועטע אויגן:

״מיט וועמען בין איך געבליבן, גאָטעניו?״ האָט זי געצויגן מיט אַ צאינה־וראינה ניגון. ״זעקס זין אויסגעכאָוועט ווי די בערן; ווי צעבליטע דעמבעס, און איצט? איצט...״

מרים איז געבליבן אין הויז מיט צוויי קינדער: מיטן קום דרייצן־יאָריגן פישל׳ען — דער אינגסטער פון די זין — און מיט׳ן קאָסאָקן מיידעלע, וואָס פאַרמאָגט אַ סך זומער־שפּרינקעלעך אויפ׳ן פאַרריסן נעזל.

ניט פון אַלע זין האָט זי, מרים, נחת געהאַט, ווי ס׳ווינטשן זיך עלטערן; נאָר מאָטל וואָס איז געבליבן אַרבעטן ביים טאַטן, איז געווען דער פריילעכסטער און ליבסטער. קאָן עס מעגלעך זיין — האָבן די מחשבות איר ניט געלאָזט רוען — אַז מאָטל איז געווען אין שטעטל און איז אפילו אויף אַ רגע ניט געקומען זען טאַטע־מאַמע? איז אפשר גאָר אַ ליגן, וואָס דער גרייז־גרויער וויעטראַטשניק האָט דערציילט, אַז ער אַליין האָט ״געכאַפּט אַ וואָרט״ מיט מאָטל׳ען, בעת זיין פּאָלק איז געלאָפן פאַרהיטן די פאָרטן?

דורך די טעג און נעכט, ווען ס׳איז אָנגעגאַנגען די מוראדיגע שלאַכט ביים פאַרכאַפּן ס׳באַפעסטיגטע שטעטל און מ׳איז געלאָפן זיך אויסבאַהאַלטן אין קעלערס און אין גריבער, האָט מרים ניט געוואָלט פאַרלאָזן ס׳הילצערנע שטיבל. ס׳האָט ניט געהאָלפן הירש־לייב׳ס שרייען, ניט דאָס געבעט און וויינען פון שרה׳לען, ס׳קאָסאָקע מיידעלע. מרים איז געבליבן איינגעע׳עקשנ׳ט:

״אויב עס איז מיר באַשערט, גאָט אין הימל, דער טויט — וויל איך שטאַרבן אויף מיין אייגן בעט!..״

האָט מען די אויפגעריסענע בריק שוין פאַריכט, נייע שויבן שוין אַריינגעשטעלט אין די צעדרומזשעטע פענצטער; עטלעכע ירידים האָבן אין שטעטל זיך געשטעלט, און מרים פאַרלאָזט זעלטענער ס׳בעט... בעת זי בלייבט אַליין אין שטוב, פאַררייסט זי דעם קאָפּ צו די בילדער פון אירע זין אויף די ווענט און קוקט לאַנג, לאַנג אויף די קינדער, ווי זיי וואָלטן ביי איר בעט געשטאַנען.

אָט די צוויי עלטסטע, משה און ביינוש, די שוין באַווייבטע און באַקינדלטע — וואָס וווינען אין דערבייאיקן שטעטל — זיי קאָן זי כאָטש זען. מיט די קורצע, שוואַרצע בערדלעך, און ווייסע, האַרטע קעלנער מיט די איבערגעבויגענע סטרונעס, אינם גרינלעכן רעמל אויפן וואַנט. דאַכט זיך, זי הערט איצט ווי אַמאָל, זייער זינגען ביי די צוויי ניי־מאַשינען און הירש־לייב, ביים וואַרשטאַט, פירט אָן מיט דער קאַפּעליע:

מיט׳ן מעסער אין לעדער אַ שניט!
ס׳רעדל אַ יאָג און אַ ניי;
די שטיוול צעכאַפּט מען אויפן יריד —
ווען די בלאָטעס פאַרדעקן דעם שניי.

דאָס געזאַנג פּילט־אָן די דריי שטיבלעך; קלינגט אַזש אָפּ אין שטילן, שמאָלן געסל, און מענטשן שטעלן זיך אָפּ.

״אַ גליקלעכער טאַטע, דער קאַמאַשנמאַכער!״

״זעקס זין, קיין עין־הרע, און עס קומט שוין געוויס אַ זיבעטער... אַ גילדענער בויך!״

די קינדער וואַקסן הויך און ברייט־ביינערדיג, ווי ס׳איז די מאַמע, ״דער קאָזאַק״. יונגע מאַמעס זיינען מקנא מרים׳ען:

״אַחוץ איר שאָדן אויף אונז געזאָגט געוואָרן.״

נאָר קיינער ווייס ניט, וויפל צרות און עגמת־נפש מרים כאַפּט אַריין יעדן אינדערפרי, ווען די בנים צעמישן זיך מיט די מלבושים...

הירש־לייב איז דאָן געפאָלן אויף אַ ״ספּאָסאָב״ ווי אַזוי איינצושטילן די ״באָסע

קאַמאַנדע״; אויסהעפטן זייערע נעמען אויף די קליידער! מרים האָט דעם פּלאַן טאַקע גלייך דורכגעפירט. נאָר ווי געפינט מען אַ פּאַרטל פאַר די שטיוול? ווען ס׳וואָלט זיך ניט באַוויזן אויפן יריד דער הינקענדיקער פּאַרטרעטל־מאַכער מיט די ציגיינערשע אויגן — וואָס ״כאַפּ־לאַפּ״, און די פאָטאָגראַפיע איז פאַרטיק אויף אַ דין שטיקעלע בלעך, וואָס מ׳קאָן אַריינשטעקן ביים ״אויער״ פון שטיוול — וואָלט די ״באָסע קאַמאַנדע״ זיך גאָרניט איינגעשטילט...

איצט ליגט מרים אין בעט און העשעט. אַ רייפטל זון, וואָס האָט מיט די לעצטע שטראַלן אַ פּאַס הימל ביים וועלדל צעצונדן, טוליעט זיך צו די פענצטער, גלעט די קארבן פון מרים׳ס רונד פּנים; גלעט די בילדער פון אירע זין, ווו איר בליק איז געווענדעט:

לעבן די בילדער פון משה׳ן און בייניש׳ן הענגט דאָס בילד פון וועלוול׳ען, וואָס האָט ״געשוואַרצט״ די גרענעץ. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל האָט שוין געזען די אַמעריקאַנער פאָטאָגראַפיע. אָן אַ שיר מאָל פלעגט זי לייענען וועלוול׳ס בריוו, ווו ער דערציילט דעם וווּנדער פון ״אַמעריטשקע־גנבֿ״, אַז באַנען פליען דאָרטן איבער די קעפּ און פאַרשווינדן אונטער די ערד!

מרים׳ען שטיקן די טרערן. מיט די אויגן גלעט זי וועלוול׳ס געקרויזטע האָר און מאַסיוון, צעשפּיליעטן האַלז. זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן קוקן אויס צעשראָקן; רעדן צו איר מאָדנע רייד, ווי דעמאָלט, ווען ער פלעגט נעמען רעדן שטיל, ווייל ״וועגט האָבן אויערן...״

זי האָט שטאַרק דאַן ניט פאַרשטאַנען, וואָס וועלוול האָט געזאָגט, אַז ס׳ווערט אים ״ענג״ אין שטעטל... די פּוילישע שפּיקעס, די שפּיר־הינט, האָבן גענומען שפּרייטן זייער נעץ. פון די אָבלאַוועס, וואָס מ׳האָט פון די בעטן ארויסגעשלעפּט און אין די תּפיסות אָפּגעפירט. האָט וועלוול, ווי דורך אַ נס, זיך קוים אַרויסגעראַטעוועט! ניט איין בוך און פּאַק ״בלעט־לעך״ האָט הירש־לייב׳ס קוימען אויסגערויכערט...

די פּאָליציי איז געקומען זוכן נישט נאָר וועלוול׳ען, נאָר אויך פוליע׳ן — וואָס האָט אויף אָן אמת מקצר געווען ס׳לעבן פון טאַטע־מאַמע.

ווען פוליע איז פון הויז פאַרשוווּנדן, האָט מען אין שטעטל גענומען שמועסן, אַז ער, פוליע, איז געוואָרן אַ פירער פון אַ באַנדע רויבער. פון רויט־האָריקן שניט־סוחר מיטן געשטופּלטן פּנים, וואָס איז אַרומגעפאָרן אַף די ווייטסטע ירידים, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז פוליע׳ס באַנדע האָט ״אָפּגעשטעלט״, לעבן אַ וואַלד, פּראַכט־וועגענער. צום גליק נאָר איז אָנגעריטן אַ פּריץ אויף פּאַליעוואַניע, מיט א סטאַיע הינט, און זיי האָבן פוליען צעריסן — לעבעדיקערהייט..

די בשורה איז דערגאַנגען צום קאמאשנמאַכער׳ס הויז.

אויף עטלעכע טעג זיינען דאַן אַוועק הירש־לייב׳ס זין, משה און בייניש, און צוריקגע־בראַכט אַ פּאָר פאַרבלוטיקטע שטיוול, ווי יוספ׳ס ברידער האָבן געבראַכט צום טאַטן יוספ׳ס געשטרייפט, פאַרבלוטיקט העמדל...

הירש־לייב האָט דאַן באַקוקט יעדן שטאָך אין די צעקנייטשטע כאַליעוועס, באַקוקט די פאַרדאַרטע, אויסגעקרימטע קנאַפּל און לייכטער אָפּגעאָטעמט. מרים, ווי יעדער איינער, האָט געזוכט דעם סימן — דאָס בילדל ביי אַלע פיר ״אויערן״ — און אַלע בייזע חלומות גענומען אויסבעטלען צום רויט־האָריקן שניט־סוחר מיט׳ן געשטופּלטן פּנים.

3

הירש־לייב׳ס וואַרשטאַט איז געשטאַנען ווי אַ באַוואַקסענער קבר. אויף די טאָוולנע פּאַרמעס, וואָס זיינען געהאָנגען אַרום די צוויי איבערגעדעקטע ניי־מאַשינען, האָט זיך אָנגעזעזאַמלט שטויב און שפּינוועבס. דער גרעטשינער פּאַפּ, אינם קופּערנעם קעסעלע, איז שוין לאַנג געווען פאַרדאַרט און פאַרצויגן מיט אַ גרינלעכן „פעלץ״, ווי מאָך.

ווען אין שטוב איז שוין ניט געווען וואָס צו פאַרזעצן, האָט הירש־לייב צוזאַמענגענומען די ווייכע שטיקלעך לעדער און פּרובירט אָנשאַרפן ס׳האַרבאַטע מעסערל. אפשר וועט ער מיט דעם בר־מצוה בחור, פישל׳ס, הילף נאָך קענען עפּעס טאָן — קריגן ביי די שוסטערס עטלעכע באַשטעלונגען. נאָר זיינע אויסגעדאַרטע פינגער האָבן זיך מורא׳דיק געטרייסלט: דעם טאָג וואָס מ׳האָט צוגענומען מאָטלען צום מיליטער האָבן זיי אויך צוגענומען ס׳ברויט פון קאַמאַשנמאַכער׳ס שטוב!

הירש־לייב האָט געלאָזט רופן בערלען, ווי אַמאָל, בעת אַ מאַשין איז קאַליע געוואָרן.

בערל, מיט׳ן רענצל כלים, מעשה דאָקטאָר, איז געבליבן שטיין ביים שוועל מיט אַ פאַרווונדערטן בליק צו די איבערגעדעקטע ניי־מאַשינען. הירש־לייב האָט שנעל אַראָפּגענומען דאָס פאַרשטויבטע שטיק געוואַנט פון איין מאַשין.

„די וויל איך פאַרקויפן!״

„פאַרקויפן?״

„יאָ! פאַרקויפן! פאַרקויפן, זאָגט מען דאָך דיר!״

„ר׳ הירש, וו—אָס,״ איז דער צעטומלטער בערל מיטן אויסגעשמירטען פנים געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל.

הירש־לייב איז אַ ווײַלע געשטאַנען ביי דער אָפּגעדעקטער מאַשין, ווי אַ מענטש וואָס נעמט פלוצים פילן חלשות׳דיק, און זיך אַראָפּגעלאָזט אף דער נידעריגער קיך־טאַבאַרעטקע. זיין ציטערדיק קול איז איצט געווען ווייך, דערשלאָגן:

„איך האָב אויף דיר געשריען, כאָטש וואָס ביזטו, בערל, שולדיג אין מיין בראָך? איך רייס זיך היינט אָפּ ווי אַ הונט פון דער קייט אויף יעדן אומשולדיגן מענטשן... איך ווייס ניט צו וועמען אויסצולאָזן מיין ביטער, צעבלוטיקט האַרץ... משה און בייניש האָבן פולע שטיבער מיט פיצלעך קינדער, וואָס גייען אַרום קריעה־בלייה. וועלוול האָט געמוזט אַנטלויפן מעבר־לים. געוואָלט איבערמאַכן די וועלט. אמת, אַ טייער קינד געווען. אָפּטע בריוו מיט געלט געשיקט. פוליע׳ן? אים האָב איך בעסער געדאַרפט קליינערהייט באַגראָבן. ניט ער זאָל מבייש זיין מיין נאָמען. מאָטלען? ווו געפינט זיך איצט זיין געביין? וועלן מיינע אויגן נאָך האָבן די זכיה אים צו זען אַ לעבעדיקן?.. אָט ביי יענער מאַשין פלעגט ער שטעפּען און זינגען...״

מרים, וואָס האָט געהערט דעם סך־הכל פון אירע זין, איז אַריינגעקומען אין קיך, ווו די אָפּגעדעקטע מאַשין איז געשטאַנען און געקוקט אָף אַלץ ווי אַ פרעמדע. מאַן און ווייב זיינען שוין לאַנג צעקריגט און מיידן זיך אויס מיט די בליקן. כאָטש ווען זיי זיינען ניט ברוגז, וואָלט זי אויך ניט געווען געגן דעם וואָס הירש־לייב פאַרקויפט די מאַשין. זי איז ניט געווען געגן דעם, ווען ער האָט גענומען פאַרזעצן די דימענטענע אויירינגלעך — די חתונה מתנות און די גאָלדענע רינגלעך. נאָר שרה׳לע, ס׳קליינע קאַסאָקע מיידעלע, האָט געוויינט און געקלאָגט וואָס טאַטע־מאַמע לאָזן אַרויסנעמען די ניי־מאַשין פון שטוב.

## 4

טאַטע מאַמע זײַנען אין הויז ניט געווען. ביים מילנער, ווו מרים איז נאָכאַמאָל צוגעגאַנגען, האָט זי זיך דערוווּסט, אַז הירש־לייב איז אויך געקומען איבערפרעגן צו ס׳איז אמת, אַז ער, דער וויעטראַטשניק, האָט דאָן מיט מאַטלען "געכאַפּט אַ וואָרט".

באַרג־אַראָפּ, אויף דער שמאָלער סטעזשקע, וואָס האָט געפירט צום סאָסנאָוון וועלדל און צום זעלנערישן בית־עולם, איז איצט געגאַנגען מרים. די ברייטע, לאַנגע ספּאָדניצע האַלט זי מיט איין האַנט אַ ביסל אויפגעהויבן. זאָל דער זוים זיך ניט רייבן אין די גראָזן און אין די פּאָרדאָרטע צווייגעלעך. די צווייטע האַנט — אונטערגעשפּאַרט די לינקע ברוסט. דאָרטן האַמערט איר האַרץ. ניט ס׳ערשטע מאָל ווי זי גייט צום זעלנערישן בית־עולם, נאָר בשעת זי דערנענטערט זיך צו די באַוואַקסענע קברים, מוז זי אונטערהאַלטן ס׳צעפּייניקטע האַרץ...

ביים יעדן צלם בלייבט מרים שטיין; נעמט אַרויס פון פּולן בוזעם ס׳צעקנייטשטע שטיקל פּאַפּיר, ווו שׂרה׳לע האָט אויף פּויליש אָנגעשריבן "מאָטל יאַגאָדאַ" — און זי נעמט פאַרגלייכן די אותיות פון איר זון׳ס נאָמען צו די ניט־קלאָרע נעמען אויף די הילצערנע צלמים. אָפּט קומט זי דאָ, מרים, און אָן אויסגעוויינטע, אַ דערשלאָגענע, שלעפּט זי זיך קוים אַהיים. זי מיידט אויך ניט אויס די קברים הינטער די פּאַרטן ביז טיף אין וועלדל.

אויף אַ בוים, וואָס דער ווינט האָט מיט די וואָרצלען אויסגעריסן פון דער פייכטער ערד, האָט מרים זיך צוגעזעצט. די מידע פיס, מיט די געקניפּטע אָדערן ווי שטריק זײַנען איר איצט שווערער געוואָרן. אין גאַנצן גוף פילט זי די שווערקייט. זי קוויקט זיך מיט׳ן ווינטל, וואָס האָט שטאַרקער גענומען בלאָזן פון טייך און בלייבט זיצן — אין אַ לייכטן דרימל — מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן.

דער קלאַנג פון טריט, אין געיאָגטן שפּאַן, פאַנגט אָן צו רוישן אין מרים׳ס אויערן; קלאַפּן איר אין קאָפּ. טריט פון פערדישע פּאַדקאָוועס רייסן אַזש די שטיינער פון די שמאָלע געסלעך! די אָקסן און די רייפן פון די רעדער קראַכן אונטער דער שווערער משׂא! מיט פאַרריסענע קעפּ לויפן די פערד אין ווילדן גאַלאָפּ! האַרמאַטן־קוילן צעפּאַלמעסן ס׳שטעטל; צינדן אָן די הילצערנע שטיבלעך. די פונקען און די געדיכטע, שוואַרצע קנוילן רויך רייסן זיך צום הימל. פון יענער זייט בריק האָגלען די פּוליעמאָטן. די שחיטה איז אין פולן גאַנג. פאַרצווייפלטע קולות טראָגן זיך ווי פון גיהנום.

די זעלנער לויפן ווי פאַר׳סמ׳טע. צו די פּאַרטן יאָגט מען זיי. מחנות׳ווייז שוועבן זיי דורך פאַר אירע אויגן. שורות פאַרשטויבטע שטיוול שפּאַנען אויף דער צעגליטער, אויפגעריי־סענער ערד! אָט דאַכט זיך מרים׳ען, אַז איין פּאָר שטיוול האָט זי דערקענט; ביים "אויער" פון דער כאָליעווע שטעקט אַרויס איר זון׳ס פאָטאָגראַפיע: "מאָטל! מאָ־ט־ל!"

מרים האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פונם אָרט ווו זי האָט עטלעכע רגע׳ס גע׳חלומ׳ט. אַ ווײַלע איז זי געבליבן ליגן מאַכטלאָז, ווי דער אויסגעצויגענער בוים, וואָס דער ווינט האָט מיט די וואָרצלען אויסגעריסן.

זי האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעהויבן און געבליבן שטיין מיטן פּנים צו די איינגעמויערטע פּאָרטען. מיט אַנגסטן־שווייס איז געווען באַדעקט איר פּולער, ברייטער קערפּער. פון אונטערן פאַרשאָרט טיכל אויפן קאָפּ האָט אַרויסגעקוקט אַ קוטשמע גרוילעכע האָר. מרים האָט גענומען אַראָפּשאָרן די מוראַשקעס פון דער אַנטבלויזטער האַנט און אָפּגערוקט זיך פון אויסגעריסענעם בוים.

שטיל און סודות׳דיק האָט זיך געשלענגלט דער טייך און דאָס פייער פון שקיעה האָט אָפּגעגלאַנצט אינם וואַסער־שפּיגל. אַט דער זעלבער נ אַ ר ע ו ו ־ טייך וואָס איז ניט לאַנג צוריק געווען רויט — בלוטיג רויט — און מיט אַ שטראָם געטראָגן אויף זיך די הרוגים... שטיל און רואיק האָבן זיך נאָך געפּאַשעט די בהמות אין גרינעם טאָל, און זיך איינגעהערט צום פּאַסטוכס פאַרבענקטן ניגון וואָס ער האָט אויסגעשפּילט אויפן פייפל.

ניט איילנדיק האָט מרים זיך גענומען אומקערן אַהיים. קוים ווי זי האָט געשלעפּט די פיס באַרג־אַרויף און איז שטיין געבליבן. לינקס, פון הינטער די קוסטעס לעבן וועלדל, האָט זיך געטראָגן אַ באַקאַנטער ניגון; דער זעלבער ניגון ווי פון איר מאַן, הירש־לייב, וואָס פלעגט לעצטנס זאָגן תהילים. זי האָט שנעל גענומען שפּאַנען און דערזען הירש־לייב׳ן. ער איז געשטאַנען מיט צעפליגלטע פּאָלעס און זיך געשאָקלט, ווי ער וואָלט געזאָגט קדיש נאָך די געפאַלענע.

”הירש!“

מרים׳ס קול איז געווען פול מיט טרערן. ער האָט געקוקט אויף איר ווי צום זאָגן, אַז פון איצט אָן איז ער מער ניט בייז אויף איר. צו וואָס זיין ברוגז?ביידע פילן דאָך דעם אומגליק. הירש־לייב האָט זיך צוגעזעצט אויף אַן אויסגעשפּרייטער פּאָלע און ווי זיך גענומען פאַרענטפערן פאַר מרים׳ען.

”מאָטל איז מיר געקומען צו חלום. ער האָט מיך געפרעגט פאַרוואָס מען זאָגט ניט נאָך אים קדיש?“

אויף דער צווייטער, אויסגעשפּרייטער, פּאָלע איז מרים אַראָפּגעזונקען מיט אַ געוויין:

”מאָטל איז אויך מיר געקומען צו חלום. שוין דאָס צווייטע מאָל די וואָך. דאָס ערשטע מאָל האָט ער געבראַכט צוויי פולע קוישן מיט פּרוכט: עפּל, באַרנעס, פלוימען און רויטע מאַלינעס, וואָס ער האָט אָנגעריסן ביים כומר אין סאָד. הײַנט, האָט מאָטל געזאָגט, האָט ער מער ניט קיין מורא אַריינצוגיין אין סאָד. אפילו פאַרן כומר׳ס הינט שרעקט ער זיך ניט. אַלע האָבן דאָרטן דרך־ארץ פאַר זיינע זעלנערישע קליידער. ער איז געשטאַנען ביים שוועל מיט די פולע קוישן אין די הענט און געזאָגט: ׳נעמט, פאַרזוכט די פּרוכטן, דערכאַפּט זיך די הערצער. איר זייט דאָך אויסגעהונגערט.׳ איך האָב אים גערופן זיך זעצן צום טיש נאָר מאָטל האָט זיך געאיילט. ׳איך בין אַ זעלנער׳, האָט ער געזאָגט, און איז נעלם געוואָרן.“

מרים האָט שווער אָפּגעאָטעמט, אויסגעווישט זיך די אויגן און פאַרגעזעצט דעם צווייטן חלום:

”דאָס צווייטע מאָל איז מאָטל געקומען אויף קוליעס אָנגעשפּאַרט... ער איז געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. פאַרשוואַרצט און פאַרפינצטערט. איין האַלבן קאָפּ — פאַר־באַנדאַזשירט, און ביים אויער האָט ס׳בלוט דורכגעזעצט דעם באַנדאַזש. ביי מיין בעט, צוקאָפּנס, האָט מאָטל זיך אָפּגעשטעלט, אַראָפּגענומען זיינע שטיוול, וואָס ער האָט געטראָגן אויפן אַרעם, און מיר זיי געגעבן: ׳נאַ,׳ האָט ער געזאָגט, ׳וועסט זיי געבן פישל׳ען. נאָר לאָז אים ניט גיין צום מיליטער. היינט באַהאַנדלט מען בעסער ווי מ׳האָט אונז, אידישע זעלנער, באַהאַנדלט. ווען ס׳איז נאָר געווען אַ רעגן, אַ בלאָטע, האָבן זיי גלייך גענומען מוטשען די אידן מיטן פּאַדניע־און־פּאָווסטאַין. שעה׳ן לאַנג האָבן די אָפיצערן אונדז אַזוי געפּייניקט. פאַרגעסט ניט: פישל׳ען טאָרט איר ניט לאָזן אַריינפאַלן אין די לאַפּעס פון די פּוילישע רוצחים. זעט וואָס פון מיר איז געוואָרן... אויפן ערשטן פייער האָט מען געשיקט אונדז — אידישע זעלנער׳...“

אַט דאָס געדענקט מרים קלאָר, וואָס מאַטל האָט איר געזאָגט. איצט איז איר לייכטער געוואָרן נאָכן דערציילן אַלץ דעם מאַן. ווי אַ משא וואָלט איר אַראָפּ פון האַרצן, ווען פישל וועט אונטערוואַקסן. ניט אומזיסט האָט לייזער דער פּאַרבער געקויפט פּאַרן זון דעם ״רעצעפּט״.

די אָוונטדיקע רויטקייט אויפן הימל האָט זיך געלאָשן. פון הינטערן וואַלד האָט גענומען אַרויסקוקן אַ ברעקל לבנה. אין די גראָזן האָבן גרילן אָנגעהויבן זינגען און די זשאַבעס — קוואַקן. אַ לאָדקע, וואָס איז געווען צוגעבונדן ביים ברעג, האָט זיך געשאָקלט אויפן וואַסער. מרים האָט זיך צוגעטוליעט צום מאַן. אַ ציטער איז אַדורך איר קערפּער. ביידע האָבן געשוויגן, ווי שטומע אבלים.

שרה׳לע איז אנקעגן געלאָפן טאַטע־מאַמע:

״טאַטעשי, דער פּאַן מראָדזשיענסקי, דער סטרוזש פון אַלטן צמענטאַזש, וואַרט אויפן טאַטעשי שוין לאַנג.״

מראָדזשיענסקי, דער קליינער, האַרבאַטער שומר פון אַלטן צמענטאַזש, האָט הכנעה׳דיק אונטערגעטראָגן דעם ״דאָברי וויעטשור״.

הירש־לייב האָט מעכאַניש אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו מראָדזשיענסקי׳ן זיין אַלטן פריינט, וואָס ברענגט אָפּט צו טראָגן אַ ביסל אַרבעט צום קאָמאַשנמאַכער. געוויס האָט ער, מראָדזשיענסקי, איצט געבראַכט אונטערצוניייען אַ פּאָר כאָליעוועס פאַר איינעם פון זיינע זין. הירש־לייב איז גרייט זיך נעמען צו דער אַרבעט. ער האָט אים גוטמוטיק געפרעגט:

״צאָ סליכאַטש?״

מראָדזשיענסקי האָט געטאָן אַ ״זופּ״ פונם האַלב־פאַרלאָשענעם ציבעק, אַ הויב געטאָן מיטן הויקער און געבליבן שטיין נעבעכדיקער און קלענער, ווי ער האָט באמת אויסגעזען. מיט נערוועזע פינגער האָט ער גענומען אַרויסשלעפּן ס׳פּעקל פון אונטער דער פּאַרלאַטעטער קורטקע וואָס ער טראָגט סיי זומער, סיי ווינטער.

״אַ פּאָר שטיוול האָב איך דיר, לייבקו, געבראַכט. אַ סך שטיוול וועל איך דיר קענען פאַרקויפן. ביליק ווי באַרשטש — זיי דיר אָפּגעבן. ביי שוסטערס קען איך פּעוונע קריגן אַ בעסערן מקח, נאָר יענע זשידקעס וויל איך נישט געטרויען. צו דיר, לייבקו, נאָר צו דיר, האָב איך צוטרוי. מיר קענען זיך דאָך שוין אַזוי לאַנג.״

אַ שווערער ריח האָט זיך געטראָגן פון די שטיוול, וואָס הירש־לייב האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער טאָרבע. אַ גערוך וואָס האָט דערמאָנט צוגעפוילט פלייש... ווי די ריחות ביי דער גאַרבאַרניע, ווו מ׳שאָבט די צעווייקטע פעלן. אַ ווײַלע איז הירש־לייב געשטאַנען פאַרלוירן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן צערויעטן קבר, וואָס ער האָט נעכטן באַמערקט לעבן וועלדל... איצט האָט דער עיפּוש פון די שטיוול זיין אָטעם פאַרשטיקט.

דאָס פּויערל איז געשטאַנען בלאַס, צעשראָקן. אפשר געדאַרפט די שטיוול מער לופטערן — האָט ער געטראַכט — דער איד זאָל זיך גלייך ניט אָנשטויסן פון וואַנען די שטיוול שטאַמען — — —

הירש־לייב האָט שנעל אַראָפּגעשליידערט די שטיול פון וואַרשטאַט. ער האָט אָנגעכאַפּט ס׳פּויערל ביי די קלאַפּעס פון דער קורטקע און אים גענומען טרייסלען:

״איך וויל נישט אַזעלכע מציאות! דו מיאוס׳ער, זינדיקער נפש! ברענג ניט אין מיין שטוב, וואָס דו האָסט אַראָפּגעשלעפּט פון אַ בר־מינן!״

דער אויפגערעגטער הירש־לייב וואָלט אַרויסגעשאָקלט פון צעשראָקענעם פּויערל די

פאַר לויזע ציין, ווען מרים, וואָס איז געלעגן אויפן בעט אין דעם צווייטן צימער, לויפט ניט אריין:

"משוגענער! וואָס ווילסטו פון קריסט? זע נאַר, ווי דער דלפן האָט זיך אַרויסגעריסן פון די האַלאַבליעס!"

מרים האָט אויפגעהויבן מראַדזשיענס'קי'ס טונקל-בלוי אָפּגעבליאַקעוועט דאַשעק און עס אים דערלאַנגט.

"רעד ניט מיט אים. איך וועל קויפן ביי דיר די שטיוול. דו הייסט זיך געבן פאַר זיי אַכט זלאָטעס? גוט! מאָרגן וועסטו קריגן דיין געלט. ברענג אַ סך; וויפל דו קענסט נאָר קריגן. ברענג אַלע שטיוול אַהער. דאַרפסט ניט זוכן קיין אַנדערע קונים."

מיט אַ צופרידן דאַנקבאַר שמייכעלע האָט דאָס פויערל געענטפערט אויף מרים'ס רייד. געוויס — טראַכט ער ביי זיך — וועט ער איר ברענגען די סחורה. ביים סאָסנאָוון וועלדל און הינטער די פאַרטן זיינען דאָ בית-עולמ'ס... אפילו לעבן זיין כאַטע און ארום צמענטאַזש זיינען פאַראַנען זעלנערישע קברים... נאָר אָט-די פאַר שטיוול, קען ער שווערן, האָט ער ניט אויסגעגראָבן. אַ חזיר האָט צעטאָרעט אַ קבר. איצט ווייסט ער, מראַדזשיענסקי, אַז די זעלנער ליגן פלאַך באַגראָבן...

מרים האָט גע'פּועל'ט ביים מאַן. מיט געבעט, אַז ער זאָל זיך ניט מישען. אַלע קברים, פון די מיליאָנען, וואָס מ'האָט אויסגעקוילעט, וואָלט זי באַשטאַנען, אַז מראַדזשיענסקי זאָל אויסגראָבן. כאָטש דעם ווילדן געדאַנק האָט מרים ניט געוואָגט אַרויסצוברענגען אויף די ליפּן. שוין עטלעכע מאָל ווי זי זוכט ביי די "אויערן" אין די כאַליעוועס און פרעגט איבער הירש-לייב'ן צו ער דערקענט ניט זיין אַרבעט?

אויף דער מאַמע'ס באַפעל איז שרה'לע געלאָפן רופן פסח דעם שוסטער.

"צוועלף זלאָטעס וויל איך פאַר די שטיוול. מאָרגן וועט זיין נאָך. יעדע נאַכט וועל איך האָבן אַ פרישן טאָבאַק. צעפויקט נאָר נישט די נייעס צווישן די שוסטאַקעס!"

הירש-לייב האָט זיך אריינגעמישט וועגן מקח.

"נישט צוועלף, נאָר אַכט! אַכט זלאָטעס באַצאָל איך. איך וויל נישט קיין ריוח! נישט קיין פרוטה פון עשו'ס חזיר-פיסל..."

פסח דער שוסטער האָט געקוקט אויף הירש-לייב'ן, ווי דער קאַמאַשנמאַכער וואָלט חס-ושלום געווען חסר-דעה. ער, הירש-לייב, ווייסט דאָך גוט, אַז די שטיוול זיינען ווערט דריי מאָל אַזויפיל. ממש מיט גאָלד צו גלייך איז היינט אַ שטיקל לעדער! מענטשן גייען אַרום אין לאַפּטשעס און אין שקראַבעס. מען "סטרויעט" זיך אין אָפּגעפּאַרבטע זעק און ביים טאָקאַר באַשטעלט מען זיך אַ פאָר קליאָמפּעס. ווי אויף שטאָלצן גייט מען אויף די גראָבע, דעמבאָווע פּאַדעשוועס.

מראַדזשיענסקי האָט געהאַלטן וואָרט: כמעט יעדע נאַכט, ווען מ'האָט אויסגעלאָשן דעם בייכיקן פאַרקאָפּטשעטן נאַפט-לאָמפּ, אין מאַרק ביים צעבראָכענעם פּלומפּ, האָט ער געבראַכט אַ פאָר שטיוול. אָפט — עטלעכע פאָר אין אַ זאַק. מרים פלעגט זיך מיט זיי מתעסק זיין. מיט יעדן שטיוול דורכגיין די זעלבע פראָצעדורע: זוכן ביי די "אויערן" און בעטן הירש-לייב'ן ער זאָל "כאַפּן אַ בליק". ווי אַ מענטש, וואָס טרינקט זיך און איז גרייט זיך אָנצוכאַפּן אָן אַ שטרוי, אַזוי האָט מרים נישט געוואָלט אויפגעבן די לעצטע האָפענונג...
דער וויעטראַטשניק האָט זיך דאָך פאַר איר געשווירן, אַז מיט מאָטל'ען האָט ער "געכאַפּט אַ וואָרט" — — בעת מאָטל'ס פּאָלק איז געלאָפן פאַרהיטן די פאַרטן.

פסח דער שוסטער האָט פאַר קיינעם נישט דערציילט, אַז מרים גיט אים אָפּ, בחצי־חינם, די שטיוול, וואָס זי קויפט ביים האַרבאַטן פויערל און אַליין לעבן זיי אין דחקות. דאָס שטעטל אָבער האָט זיך פון ערגעץ דערוווּסט און אָנגעהויבן צו מורמלען. די ווייבער האָבן צוגעקראָגן אַ טעמע:

״מיר האָבן נישט געוואָלט קויפן די פיש ביי די שקצים, לעבן בית־עולם, און מרים־קאַזאַק די פרומע פישקע־גבאַ׳טע, שיט זיך אָן אַ זאַק מיט גאָלד! טפו! טפו! טפו! טפו!״ שפּייען זיי אָפּ ווי ביים אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע. ״גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד.״

״נישט מיין עסק,״ רופט זיך אָפּ אַ צווייטע מיט אַ פרומען ניגון... על כל פנים מעג זי דאָך שוין אָפּצאָלן די געשוואָלענע חובות.״

שרה׳לע, האָט מען אין געוועלבל אָפּגעזאָגט צו באָרגן דאָס פּערטעלע צוקער אויף שבת:

״ניש׳קשה, דיין מאַמעשי קען היינט באַצאָלן. דער קייעט, ווו ס׳איז פאַרשריבן אייערע חובות, איז שוין געשוואָלן, ווי אַ באַרג...״

די צוויי שבת׳דיקע ליכטלעך האָבן טונקל געבלישטשעט אין קאַמאַשענמאַכער׳ס קיך. ס׳וואַקס האָט אַראָפּגעטריפט אינם זאַמד, ווו די אויסגעקרימטע ליכטעלעך האָבן געשטעקט. די מעשענע לייכטער און די הענטלעך פון די טירן האָט מען צוגענומען צו ״ראַטעווען די מדינה״.

פון די גוסס׳דיקע, וואַקסענע ליכטלעך האָבן די שאָטנס זיך געצאַפּלט אויף די צעדרים־זשעטע ווענט. ביים שוואַכן שיין, אין אַלקער, האָט מרים געקוקט אויף די בילדער פון אירע זין: משה, בייניש, וועלוול (פוליע׳ס בילד איז געלעגן אין קופער...) און מאָטל, אין זעלנערישן, אויסגעוואַקסענעם אוניפאָרם. מאָרגן, ביי פישל׳ס בר־מצוה, וועט נישט זיין אַזאַ שמחה ווי ס׳איז געווען ביי די פינף זין. די שוסטערס. וואָס האָבן ממש דעמאָלט פאַרוואָרפן מיט באַשטעלונגען, וועלן נישט קומען אויף קידוש. דאָס שטעטל וועט נישט רעדן פון דער גרויסער סעודה.

פישל, דאָס בר־מצוה בחור׳ל, זיצט ביים פאַרשפּרייטן טיש, ווי דער טאַטע, אַ דערשלאָ־גענער. שרה׳לע זיצט ביים אויוון, מיט אַן אויסגעצוואָגן קעפּל, און פלעכט איין רויטע סטענגעס אין די בלאָנדע צעפּלעך. די זומער־שפּרינקעלעך אויף איר שפּיציק נעזל גלאַנצן מיט פרייד: מאָרגן וועט זי גיין מיט דער מאַמען אין שול און אַראָפּקוקן, זען ווי פישעל, אָנגעטאָן אין טאַטנ׳ס טלית, מאַכט די ברכה איבער דער ספר־תורה.

שרה׳לע האָט טאַקע אַראָפּגעקוקט פון דער ווייבער־שול, נאָר איר שמחה איז געווען אַ צעשטערטע: אַזוי גיך ווי דער שמש האָט פישל׳ען ״אויפגערופן״ און הירש־לייב מיטן זון האָבן גענומען שפּאַנען צום באַלעמער. האָט די ״מזרח־וואַנט״ זיך אויפגעקאָכט. וואָווע, דער רויט־האָריקער שניט־סוחר מיטן געשטופּלטן פּנים, האָט מיט רוגזה זיך אַ לאָז געטאָן צו הירש־לייב׳ן:

״גוי גמור! פּאַשאָל פון דער ספר־תורה! טרייבט אים ארויס פון שול! ער רייסט אויף קברים! איבער אים וועט נאָך קומען אַ מגפה אויף אונזערע קעפּ!״

לייבקע דער דאַזאָר האָט אויסגעצויגן דעם לאַנגן גאָרגל, ווי אַ הינדל וואָס גיט אַ קריי ווי אַ האָן:

״וואַרפט אים אַרויס, דעם פושע־ישראל! מען דאַרף אים, דעם גראָבן פליגל, עוקר מן השורש זיין!״

וואָווע דער שניט־סוחר און לייבקע דער דאָזאָר מיטן לאַנגן גאַרגל האָבן צוגעקראָגן הילף: די בעלי־שישי׳ס אין די בעלי־מפטיר׳ס — די אָנגעבלאָזענע מיוחסים — האָבן זיך געהיצט און געפּאַרעט. ווי די פערד אין גאַלאָפּ...

"עזות פנים! עוכר ישראל! ארויס פון שול! וואַרפט אים שוין ארויס!"

פּסח דער שוסטער, מיט זיינע צוויי בנים, זיינען געקומען הירש־לייב׳ן צו הילף. אין שול איז געוואָרן אַ בהלה. פינגער האָבן זיך איינגעפלאָכטן אין בערד. אויף די אַראָפּגעריסענע טליתים האָט מען געטראָטן. סאַמעטענע קאַפּלען זיינען געפלויגן פון די קעפּ, ווי אין אַ געוויטער.

פון דער ווייבער־שול האָט זיך געהערט שרה׳לעס קוויטשען

6

עטלעכע טעג זיינען שוין אַוועק פון יענעם שבת און פּסח דער שוסטער קומט אומזיסט צום קאָמאַשנמאַכער: מראַדזשיענסקי ברענגט מער נישט קיין שטיוול, ווי דאָס פויערל וואָלט זיך דערוווסט וואָס אין שול איז פאָרגעקומען און האָט דערשמעקט געפאַר.

הירש־לייב רעדט ווינציק צום ווייב. כאָטש ברוגז איז ער נישט, וואָס מרים האָט ביים פויערל אָפּגעקויפט די סחורה. אין דער שטיל האָט ער אויך געהאָפט און געבעטן עפּעס צו דערגיין וועגן זיין זון. וווּ געפינט זיך מאָטל׳ס געביין? אים האָט שוין ניט געאַרט די חרפה און בושה וואָס דער דאָזאָר מיט׳ן שניט־סוחר האָבן אים אָנגעטאָן. ער ווייסט, אַז וואָווע דער שניט־סוחר איז מרים׳ען קיינמאָל נישט מוחל געווען פאַר "אָפּשפּילן די חתונה" אין זיין שניט־געוועלב. פון וואַנען האָט דאָך געשטאַמט די מעשה, אַז פוליע האָט "אָפּגעשטעלט" צוויי באַלאַדענע פורן לעבן אַ וואַלד?...

מרים האָט באַשלאָסן אויסצוגעפינען די סיבה, וואָס דאָט פויערל ווייזט זיך נישט מער. זי האָט מיטגענומען דאָס ביסל געלט, וואָס האָט אים געקומען און זיך געלאָזט צו דער כאַטע ביים אַלטן צמענטאַזש.

זי האָט געטראָפן מראַדזשיענסקי׳ן ליגן אין קאַנוווּלסיעס, איינגעטוליעט אין בעטל, ווי אין דרויסן וואָלט געברענט אַ פראָסט. זיין פּנים — שוואַרץ ווי קין. טײַלמאָל האָט ער די צעשראָקענע אויגן איינגאַנצן פאַרמאַכט און מיט די פאַרטריקנטע ליפּן געשעפּטשעט, ווי אַ תפילה. אַז ער האָט אויפגעהערט מורמלען, איז ער געבליבן ליגן מיט אַן אָפן מויל, ווו די עטלעכע לויזע ציין האָבן ריטמיש זיך געטרייסלט.

נישט אַלץ, וואָס מראַדזשיענסקי האָט אַרויסגערעדט, איז געווען פאַרשטענדלעך. נאָך יעדעס וואָרט האָט ער דערמאָנט יעזוסעס נאָמען... גאָט האָט אים געשטראָפט פאַר די זינד.

אין דער פינצטער, גראָבנדיק ביי אַ קבר, ווו עס ליגן די פיס פון מת, האָט פלוצים דער רידעל אַ סקריפּע געטאָן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער "דערפילט" שוין די כאַליעוועס. אָטבאַלד וועט ער זיך אַראָפּבויגן און קראַמפּהאַפט נעמען שלעפּן די שטיוול. נאָר ווער זאָל וויסן, אַז אין איילעניש האָט מען ס׳הילצערנע צלמ׳ל געשטעלט פאַרקערט?... אַ טעמפּער פחד־ריטש האָט זיך אַרויסגעריסן פון מראַדזשיענסקי׳ס האַלז, בשעת זיינע הענט האָבן אָנגעטאַפּט דער זעלנער׳ס דערשטאַרט פּנים.

אַ ווײַלע איז ער מאַכטלאַז געבליבן ליגן ביים אָפענעם קבר. דערנאָך — אויף אַלע פיר —

געגומען קריכן צווישן די הויכע גראָזן. ער האָט שוין אפילו נישט געטראַכט פון דעם נייעם רידל מיט'ן זאַק, וואָס ר'האָט געלאָזן. דעם אָפּענעם קבר קענען זיינע הענט איצט נישט פאַרדעקן; פאַרווישן די סמנים פון זיין ביינאַכטיקער אַרבעט...

מרים איז געשטאַנען לעבן פויערל מיט פייכטע אויגן; געקוקט ווי ער דרייט משונה'דיג מיט די הענט און באַוועגט שוואַך מיט די פאַרטרוקענע ליפּן. וואָס וויל ער איר זאָגן? אפשר הייסט ער איר גיין צום אפענעם קבר? גיין דאָרט נעמען דעם רידל מיטן זאַק און פאַרזעצן זיין אַרבעט?... ער ווייסט איר כוונה ביים קויפן פון אים די שטיוול... מאַטלען האָט ער דאָך גוט געקענט.

זי האָט זיך איינגעבויגן כדי זי זאָל קענען פאַרשטיין וואָס ער פּרובירט איר זאָגן.

"מ—מ—אַ—"

מרים האָט אָנגעכאַפּט זיינע הענט און געפרעגט מיט געבעט:

"וואָס ווילסטו אַרויסרעדן? פון מיין זון ווילסטו מיר עפּעס זאָגן? פון מאַטלען?! מאַטלען??

נאָר קיין ענטפער איז ניט געווען...

דורך די פעלדער איז מרים געלאָפן, ווי פון זינען געררירט, מיט אַ געיאָמער. איר קול האָט וויט אָפּגעקלונגען; ווי דאָ, אין פעלד, וואָלטען איצט געוויינט אַלע מאַמעס פון דער וועלט, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע זין...

משה פּשיטוסקער ז"ל

# אַ חלום

איך האָב היינט ביינאכט אין חלום
זיך אין קבר געזען
און אויף אים וואקסן גראָזן
אזוי הויך, אזוי שיין.

יעדעס יאָר, יעדן יאָרצייט,
קומען טאטע־מאמע צו מיר.
טיף געבויגן וויינט די מאמע
און דער טאטע זיפצט מיט איר.

טאטע, מאמע, נאָך וואָס אייער טרערן?
נאָך וואָס אייער פּיין?
ווען געווען איז פאר מיר דער טויט
מיין גליק אליין.

## וואָס ווייַנסטו אַזוי נאַכט?

וואָס ווייַנסטו אַזוי נאַכט ?
ביזטו אַזוי אײנזאַם ווי איך ?
וואָס קרעכצסטו אַזוי פאַרשמאַכט ?
פּייניקט מען אויך אַזוי דיך ?

קום, לאָמיר זיך איינהילן,
אפשר צוזאַמען וועט אונדז לייכטער זייַן.
איך לייד פון טאָגס ליכטיקייט,
ווייל ס'ווייזט מיר וואָס כ'וויל נישט זען.

ליכטיק איז פאַר מיר די פינצטערקייט,
פינצטער שוואַרץ דער טאָג.
ער ווייזט מיר אומעט און ליידן
און גיט מיר אויף ערגערס אַן אָנזאָג.

## נישט פאַר מיר

נישט פאַר מיר דער ליכטיגער פרימאָרגן
און די ווייס-בלויע כישוף נאַכט.
פאַר מיר איז נאָר ליידן און זאָרגן
און אייביק, אייביק זייַן פאַרטראַכט.

נישט פאַר מיר דער צויבער פון קלאַנגען,
דער חן און צאַרטקייט פון בלומען.
עס האָט דער טרויער מיין יוגנט געפאַנגען
און צוריק וועט זי מער שוין נישט קומען.

צו שפּעט האָב איך מיין ליכט געפונען,
צו שפּעט די פאַרבן דערזען.
שוין לאַנג אַוועק מיין בעגינען,
עס האַלט שוין ביים זון אונטערגיין.

## עס קומט די נאַכט

עס קומט די נאַכט און מיר דאַכט,
איך וועל אַן פּיין שלאָפן.
איך ווער אָבער אויסגעלאַכט
פון גורל, וואָס איך בין אַנטלאָפן.

נישט מיין טאָג, נישט מיין נאַכט,
נישט מיין הימל, נישט מיין ערד.
איך האָב אַזוי מיין לעבן פאַרבראַכט
און אייביק איז מיר אַזוי בעשערט.

אלתר רוזנפלד / טבריה

# בעקבות העבר



בעיירתי רוז׳אן ביליתי את מרבית ימי נעורי, בה ידעתי אושר ושמחה, וכשאני חוזר אל תקופה זו בדמיוני, במרחק זכרון של ארבעים שנה, נראית היא לי כחלום נעים.

שני פנים היו לה לרוז׳אן. תלוי היה רק מאיזה צד הגעת אליה. אם הגעת לעיירה מצד מערב, מהכביש הפולטוסקאי, היה הרושם שעשתה עליך די עלוב: רחוב דל, משובץ בתים קטנים, אפורים, חסרי צבע. אולם אם הגעת אל רוז׳אן מצד מזרח, מייד הבהיק לעיניך נוף מרנין והר התנוסס לפניך כולו גוונים. היה זה ההר, אשר עליו נשענה והתרפקה רוז׳אן. הבתים עמדו זוהרים וגגותיהם האדומים שיוו להם עטרת נוי ססגונית. מביניהם עלתה והזדקפה הכנסייה במלוא חגיגיותה, וסגנונה הגוטי גיוון את הרקע עגלגל הקווים הירוק שהקיף את העיירה. מכאן הופיעה רוז׳אן כמראה קסם עליז ומלבב.

את עונות השנה בעיירתנו אני זוכר היטב, עונה עונה וקסמיה. אך הקסומה ביותר היתה עונת האביב. מדי בוקר הייתי קם עם זריחת השמש ויוצא אל מחוץ לרחובות כדי להתבשם מריח הלילך שגדל כאן בשפע. משהו היה מושך אותי ללכת לטייל, לשאוף לתוכי את מראה ההוד. וכשהייתי מביט על הנארב, אשר התנחשל כלפי מטה והיה משתפך למרחקיו העצומים, כשמימיו המתגעשים מגיעים עד בתי עיירתי הקיצוניים, הייתי נתקף חרדה לגורלה, שמא תישטף והיתה כלא היתה. אלא שידעתי כי עוד מעט, עוד ימים מספר, יסוגו המים וישאירו אחריהם מישקע טהור של חול זך, להיות לנו כר משחקים בימות החופשה של הקיץ. היינו משחקים בחול הזה רוויי שמחה כל־אימת שיצאנו אל מחוץ לעיר. אני זוכר לטובה את הנארב השובב, אשר בשלו זכינו למישטחי פז מלטפים אלה ולמרחב זהב המפייס ומרגיע.

לרוז׳אן הגעתי במלחמת־העולם הראשונה, שאז עברה הנה משפחתנו מוואראשה. נסנו מחימת המלחמה המאיימת על ערים גדולות. כאן ידעתי ימי־אין־עול ראשונים לילדים. היינו אז מתרוצצים במחסן המזונות, שהוקם לנזקקים ופליטים ברוז׳אן, כשאין מאיץ בך לשוב הביתה ומאלצך להיסגר בבית־הספר. חופש ראשון ארוך היה זה לי. דודי עבד אז כפקיד בחלוקת המזונות לתושבים והרגשתי עצמי מייד בן־בית בעיירה זו, אשר ידעה להשרות רוח טובה על חוסים בצלה.

הגיעו ימי־הכיבוש הסוערים של הצבא האדום, ימים של פחד מפני הפגזות, כשיהודים טובים ומנוסי בהלה ישובים במחבואי מרתפים ומתפללים תפילה של אזלת־יד ומפלט אחרון. פעם בשבתנו כך מכונפים, חבויים וחרדים, השתרר פתאום שקט מבשר רעות. מישהו דפק על הדלת, דפיקות שיש בהן מן התביעה שבדחיפות ומן האיום. משפתחנו את הדלת, הופיע מפקד רוסי, שקידם אותנו בקללה רוסית גסה ותבע מאתנו... וודקה. כאילו זו היתה תכלית לחימתו.

מסממני השלטון הבולשביסטי המאולתר אז זכור לי, איך התקינו טלפונים בבית דודי,

ומשהובטח הקשר עם החוץ, התקינו קשר עם אנשי העיר. הם הביאו מכונה להדפסת כסף ובניירות שהדפיסו הלכו להתקין קשרי מסחר בין נתיניהם. הם דרשו למכור להם סחורות תמורת ניירות מודפסות אלה. ויהודים, שידעו מה ערך למטבע ללא כיסוי, לא נאותו להם — וגדול היה הקצף. חיפושים, איומים, מצודי לילה ולחץ בלתי־פוסק פקדו את אנשי העיר, ותוצאותיהם המחרידות נתנו אותותיהן גם בנו הילדים.

עם שוך הקרבות חזרו חיי רוז׳אן לקדמותם. למדתי ב״חדר״, ואחר־כך בבית־הספר היסודי, בו לימדו מורים יהודים ולמדו תלמידים יהודים. האוירה היתה נעימה, ישבתי בתוך עמי. הייתי משוטט עם ילדי רוז׳אן בסביבה בתוך מעגלי ה״פורטים״ (ביצורים), שנשארו זכר לשלטון הצאר, ובהם רחובות שוממים וחשוכים. כאן בפורטים רקמנו כולנו, כל ילדי רוז׳אן, חלומות ילדות שליוו אותנו בהמשך חיינו.

ברוז׳אן ידעתי גם אנטישמיות ראשונה, בה החל הילד היהודי לשלם את מס הגורל לזהותו היהודית. עברנו לכיתה ו׳, וזו היתה רק בבית־הספר הפולני. כאן למדנו יחד עם ילדים פולנים, והמורים גם הם היו פולנים. כולם היו שונאי־ישראל מובהקים. נקלענו לעולם זר ועוין. פתאום נהיינו בנים חורגים בעיירתנו שלנו. קשה היה לנו מאוד וגדולה היתה המועקה. ואז הופיע בבית־ספרנו **אריה בוכנר**, כמורה ליהדות בא אלינו. לא נטינו לדתיות. הוא גם לא התכוון לעשותנו שומרי מסורת ודתיים. אך המגע אתו היה מרגיע. הוא הופיע כקרן־אור יחידה בחשכת הדכאון, שהוטלנו לתוכה לפתע. שעותינו עמו הפיחו בנו תקווה ונתנו לנו כוח לשאת בסבל. שיעוריו היו רצופים סיפורים על ארץ־ישראל, ההולכת ונהיית לבית לאומי בשביל יהודים, על ההיסטוריה של עמנו, שפעם עשה את ההיסטוריה במו ידיו. אל שיעורים אלה נהרנו בהתלהבות, בהם מצאנו פורקן למרירותנו — והם לא יישכחו.

מחוץ לבית־הספר היו שוב חיי העיירה מלאי עניין כבתחילה. הנוער כדרכו מצא תמיד סיבה לחדוות עלומיו, וכל חידוש או שינוי בעיירה גרמו לנו הנאה רבה.

אני זוכר את היום, בו סיימו את התקנת החשמל בעיירה. אחר־כך — כשגמרו את בניית בית־הכנסת. כל שינוי, כל השלמה, היו לנו כדברים הנעשים בביתנו שלנו. בכלל היו חיינו ברוז׳אן מלאי עניין ותוכן יהודי. בחגים היתה השמחה כאילו חגיגית־עליונה. היינו מתקשטים במיטב הבגדים כדי להקביל את פני החג כפני אורח יקר. הרחובות נראו רוגעים ורוח קדושה מרחפת עליהם.

אולם לאט לאט נעכרו הרוחות. הגויים שכנינו, אשר למראית־עין היו קשורים אל העיירה ומנהגי שוכניה והיא נהנתה כביכול מיחסי שכנות טובה, החלו מגלים את פרצופם האמיתי. בהשראתם ובתמיכתם הופיעו כתובות: ״אל תקנו אצל היהודים! היהודי הוא זולל הכול!״ סיסמאות אלה בישרו אנטישמיות פרועה ופרימיטיבית, שפשטה בשנות השלושים בפולין והגיעה גם אלינו. משמרות פולנים היו מופיעות ליד חנויות יהודים ולא נתנו לגויים לקנות אצלנו. מי שקנה אצל יהודי, הודבק לו תו של ״חזיר מפוטם״, אשר למען תועלתו מתעלם מרווחת המדינה ועמו כביכול.

האוירה נעשתה מאיימת ודחוסה. הנוער אמנם התעורר למעשי העתיד. כל מעייניו היו נתונים לעלייה ארצה ולפעילות תנועתית וחברתית, אך הצל שהקדיר את רוחות ההורים העיק גם עלינו. בחוש חזינו מחזות יאוש ופורענות, אם־כי לא העלינו על דל דמיוננו, כי כה תגדל הזוועה וכי האדם ייהפך לשטן.

היתה רוז׳אן בשבילי נוף חמוד של ילדות ועלומים, וקשה להשלים עם העובדה, כי היא איננה עוד.

שלום פרל / תל־אביב

# חוויות רוז׳אן



צעיר הייתי בעוזבי את רוז׳אן. השנים טשטשו את המרירות שספגנו בה ואת נגישות עם־הארץ נגדנו. נשתכחו התפרצויות האנטישמיות, התגרות בבית־הספר האדום, האבנים שידו בנו נערי הפולנים, אימת השוטר וגובה־המסים שהגיע מעיר־המחוז והטיל בהלה בבעלי־החנויות היהודיים. כל זה נמחק ונשאר רק זכרון של קהילה יהודית קטנה עם רצון חיים ומסורת נפלאה, אשר כל טעם היותה הוא בכמיהה לגאולה.

באלפי נימים קשור אני אל המקום, בו עשיתי את ראשית דרכי בחיים. אני זוכר על כן כל בית וכל אבן, כל רחוב וכל סמטה, כל חצר וכל נדבך. הנה השוק המרובע, ממנו מסתעפים הרחובות לכל עבר. הרחוב שלי, גדנסקה, המוליך לבניין בית־המשפט ולכפרים שבקירבת העיירה; רחוב הדואר, רחוב בית־הספר הלבן; הגשר, הרחוב התלול לנארב; באד־גאס, רחוב הכנסייה, רחוב וארשה, רחוב בית־הכנסת ועוד. לא סתם רחובות היו אלה, כי־אם שבילי חיים ומשעולי ילדות.

החנויות — את כולן אני זוכר. כולן היו מקור חיים, אך גם טרדה ודאגה ליהודים. מהם הגיחו יהודים רדופי דאגת פרנסה, בהולים ודחוקים מן הבוקר עד הערב. מהן היו יוצאים עמוסי מועקת הקיום ואליהן היו חוזרים טעוני מצוקת המחר.

בעלי־מלאכה של רוז׳אן שלי — חייטים, נפחים, רצענים, סנדלרים, כובענים — יהודים שרצו לחיות מיגיעם, להסתפק במועט, וגם הם המועקה נתלוותה אליהם בכל אשר פנו.

סתם יהודים, שכל הונם הוא זלוטים אחדים, והם מתרוצצים, תוחבים ידיהם לתוך שק על עגלת איכרים כדי להעלות משם "מציאה", שתזכה אותם ברווח של גרושים עלובים להחיות את בני־ביתם.

יפה היתה העיירה. לא היכלות פאר היו בה, לא בניינים רבי־קומות. בתי עץ היו בה ובתי־חומה מעטים, שגגותיהם משופעים, מוקפי גדרות דחויות, אשר החסר בהם רב על העומד. ובכל זאת — יפה היתה לי עיירתי.

רק מגדל הכנסייה, הנישא אל על, התבלט מעל לכול. והצלב הזקור כלפי שמים כאילו הדגיש והבליט את עובדת שליטתו כאן.

קרוב לשוק, מנסה לזקוף את כיפתו העגולה לגובה כתשובה אמיצה לבית־יראתם, עמד בית־הכנסת שלנו.

כאגדה זכורה לי עיירתנו בלילות החורף, עת ירח ריחף מעליה, וכולה מכוסה מעטה שלג לבן. אז היתה מתפשטת דממה כבושה, כאילו ציפה העולם למשהו העומד להתרחש והתרחשותו תדהים את כל היקום. אז היו מסתלסלות למרום תמרות עשן מארובות הבתים ונראה היה כאילו שושבינים משתלחים מכל בית לקבל פני העומד לבוא.

בערבי חורף ארוכים אלה היינו חוזרים מה״חדר״ ובידינו פנסים עשויים מבקבוקים חסרי תחתית, תוצרת עצמית, ומאריכים דרכנו כדי להיות יחד כולנו, מכונסים בחלל אגדי זה המהלך קסמים עלינו לפני בואנו הביתה. כשבגרנו קצת, היינו יוצאים אל לילותיו הקסומים של החורף הרוז׳אני, אל הגבעות המושלגות של **מאיר־אשר** או של **סוביירנסקי** ומחליקים מהן במגררות מעשי ידינו עד שעותיו המאוחרות של הערב.

האביב היה מתבשר בזעם־קצף. השלגים הפשירו, הקרח על הנהר התבקע וגושי קרח כנועים לזרמי הנהר הגואים שאטו אל מרחב בלתי־נודע. ובדרכם זו גורמים לגאות של מימי הנהר, ואלה הציפו את האחו עד קצה חגורת היערות מצד אחד ועד בתי ״הקוקושינוקה״ מהצד השני. רק השמש, היא היחידה נשארה אביבית, לטפנית ומציפה את רחובות היהודים באור וחמימות, וכך מזכירה להם את אביב עמם, את חג החרות.

תקופות השנה היו נאמדות אצלנו לא לפי מקומן בלוח האזרחי, אלא לפי החגים שהיהודים כיבדום ושמרום. כל חג וחוויותיו. וכל חוויה אחוזה בתקופת השנה, פירותיה, גווניה וריחותיה. כאילו בים הפולני העוין הזה, שכולו שנאת־ישראל מפעפעת, נתקיים אי שכולו חלומות יהדות, וכל פירותיה וניחוחיה של ארץ נכרייה זו לא באו אלא לשרת את החוויות המתלוות לחגים. כזה היה חג השבועות, גדוש ריח הירק ורשרוש הסוף; סוכות — וערבות נחלי פולין; פורים — וריח גלדי השומן של אווזי פולין. אפילו פרשת קורח, שאינו חג אלא מקרה החרות בזכרון ילדים כנצחון הצדק, נראה כחגיגת נצחון העם על עדת רודפי בצע. פרשה זו היתה גם היא קשורה בהופעת גרגרי היער הנכרי, קשורה אל תופעת טבע; ומי שזוכר את קורח, זוכר את הגרגירים המתוקים של יערות פולין.

העונה הנוחה ליהודי רוז׳אן היתה עונת הקיץ. פסקה דאגת עצי ההסקה. השמש עשתה את מה שלא יכול כל יהודי לעשות — להשיג עצים לחימום הבית. הגויים היו מרבים לבוא העירה, כי נזקקו לשירותיו של היהודי. הפרנסה נמצאה ביתר קלות והלילה הקצר גם הוא חסך שעות מיותרות של שהייה באפס מעשה ודאגה ליום המחר — ולמחר הארוך של עמך ישראל.

בימות הקיץ היתה באה שמחה יתירה גם על הנשים, שהיו יוצאות אל מפתני בתיהן וחוטפות שיחה עם שכנותיהן, כפורצות את סגור ביתן הכולאן בחורף ומנתקן זו מזו. אותה שעה משתהים הגברים קמעה זה עם זה להליף גניחות על המצב הקשה, על פרנסה שהיא כקריעת־ים־סוף, ומעניין לעניין עולים על אותו עניין של מצב היהודים בעולם, מצב העולם, פוליטיקה, גזירות הרשות. ביידיש קראו לזה ״זומער לעב״ (הקיץ, שיחיה!). ברחוב היהודי נפגשו אז יותר, דיברו יותר, ודיברו על הכול: על עסקי ציבור, קהילה, עירייה וכדומה; וכן על עסקי פרט, חתונה ושמחות, משפחה, או, להבדיל, פטירות, יהודי שרק עכשיו, הנה רק אתמול דומה ראיתיו, והנה...

חרותים בלבותינו ערבי קיץ ברוז׳אן. שקיעת השמש שירדה על העולם גזרה שקיעה על הרעש, הטירדה והאבק. הכול שקע ופינה מקומו לריחות השדה. רוחות ערב קלילות ופרות חוזרות מן המרעה ומשאירות ״רישומן״ על המידרכות. דמתה אז העיירה לתחנת־רכבת, שאחרון קרונותיה נעלם על פסיה. הכול נדם, הכול חזר לשממונו, ושקט ושלווה סביב.

אך השלווה הפסטורלית הזאת היתה מדומה. באותם ערבים ישבו גויים על מפתני בתיהם וחרשו מזימות על שכניהם היהודים, המנצלים את טוב ארצם כביכול. כאן געשו יצרים והכול תסס. לאחר יום עבודה, משנחו קצת מעמלם הקשה, היתה הקנאה עולה בגרונם. מתקנאים היו ביהודים, אשר אינם יודעים את טעם העמל ומבלים חייהם, כפי דעתם, ללא עבודה

ויגיעה. אחד היה מסית את רעהו, וכך נרקמו מזימות רשע נגד הורינו היגעים מעול הפרנסה.

נער הייתי אז וזכורה לי התקופה ההיא. באתי מן הרחוב הביתה, אל הורי המחייכים אלי תמיד, והנה קדרו פניהם. צעירים היו ועתידם לפניהם, ולא הובנה לי קדרותם. את שאלותי פטרו ב"שום דבר! זה לא בשביל ילדים!". אך הדבר לא הרפה ממני ולאט לאט פיענחתי את התעלומה. והנה, על קירות הבתים הופיעו ציורים של חזיר מפוטם וכתובת מתחתיו: "היהודי החזיר" או "היהודי נצלן" או "אל תקנו אצל יהודים" או "שאר אל שארו" (סבוי דו סבֶגוֹ).

קדרו שמי היהודים. הקונים נתמעטו, הסנדלרים חדלו לעבוד למען חנויות היהודים, הפרנסה דללה. הגויים הקימו מפעלים משלהם. מי יודע מה היה עולה, לולא אחדות ישראל הפורצת בעיתות צרה. על אף הפירוד וחילוקי הדעות ברחוב היהודי נמצא להם הכוח המאחד לעמוד יחד במלחמת קיום זו. יהודי ורשאי אחד, אברמסקי, סיפק להם נעלַים מן המובחר ובזול, יהודים אחרים סייעו בדרכים אחרות, הלקוחות הגויים חזרו אט אט אל חנויות היהודים, והחיים שבו לקדמותם.

כך נתערבו לנו ברוז'אן קסמי נוף וניחוחי תקופות השנה עם פוליטיקה עכורה ודאגות קיום. הדור הישן עמד במאבקים כאלה לא פעם וקיבל זאת כגורל שאין להתקומם נגדו. אך אנו, הדור העולה, הסקנו מסקנות אחרות, מרחיקות ראות ומרחיקות לכת. אנו, ששרנו "אומרים ישנה ארץ, ארץ כולה שמש...". חשבנו על שני הדברים: גם על שמש, שלא ינצלו שפעת חומה להתנכלות בנו, וגם על ארץ, שתהיה כולה שלנו, שלא נהיה בה אורחים בלתי־רצויים.

מרדכי ארמוני (זאמעק)

## איך זע דיך, מיין שטעטל...

איך זע דיך, מיין שטעטל, אויפן באַרג,
די איינגעבויגענע הייזער אין דעם פּירקאַנטיקן מאַרק,
ווען עס פאָרט דורך אַ וואָגן טרעשטשען די שטיינער —
אַ ייד נישט געבליבן איינער...

יידן זיצן, וואַרטן, אין די געוועלבער, קראָמען,
צו פאַרקויפן אַ קוואַרטירל נאַפט, פאַר אַ גראָשן בשמים,
מען וואַרט אויף אַ קונה, אפילו אַ געמיינער —
איצט נישטאָ קיין יידישע געוועלבער, נישט געבליבן איינער...

יידישע קינדער גייען אין חדר (אַן עין־הרע!).
מען לערנט אלף־בית און מען לערנט גמרא.
עס לערנט אַ גרויסער, עס לערנט אַ קליינער —
איצט נישטאָ קיין חדר, נישט געבליבן איינער...

אין שטאָט איז אַ מאַרק טאָג. מען קויפט תבואה, קאַרטאָפל, אייער,
כאָטש אין טאָש איז נישטאָ קיין דרייער,

אויף שבת אַן עוף, אפשר אַ האָן אַ פיינער —
איצט נישטאָ קיין ייד, דעם שבת דאַרף דאַרט קיינער...

יידן קומען צום יריד פאַרקויפן זייער סחורה.
עס האַנדלען בעלי־מלאכות, עס האַנדלען בני־תורה,
דעם קונה באפּוצן ער זאָל אַרויס אַ שיינער —
איצט קומען נישט קיין יידן, נישט געבליבן איינער...

אין שטעטל אַ חתונה, מען גייט צו דער חופה ביים שול.
עס גייען גרויס און קליין, דער עולם — פול.
שיין ווי אַ מלכה איז די כלה, דער חתן אַ בחור אַ פיינער —
איצט נישטאָ קיין יידישע כלה, קיין יידישער חתן — נישט געבליבן איינער...

געשטאָרבן אַ ייד, איז דער דין (אָדער דער מנהג מסתמא):
מען פאַרדעקט דאָס פעסל, די וואַסער זאָל נישט ווערן טמא.
אויף מאָרגן ביי דער לוויה יאָמערן די ווייבער און וויינען די וויינער —
איצט מען פאַרדעקט נישט די וואַסער, נישט געבליבן יידן קיינער...

דו בינסט געראַטעוועט געוואָרן פון פייער,
מיין פריינט, דיין לעבן איז דיר טייער.
טראַכט נישט, אז גלייך צו דיר איז נישטאָ קיינער —
האַלט זיך נישט גרויס, דו בינסט נישט איינער...



### פצועי הפרעות ברוזאן

על הפרעות שהיו ברוז'אן (פולין) מסופר ב„פאריזער היינט" מ־7 בספטמבר, לאמור:

בריונים אנדקים פרצו לתוך בתי יהודים, שדדו והכו. בין הפצועים: יחזקאל גלצ'ינסקי, פרידה גלצ'ינסקי, מנשה פיאפש, קלימקביץ', הטוחן מרגלית. הבריונים חדרו לתוך דירתו של יעקב ז'אפקה אשר שם נמצאו צעירים אחדים והכו את שמואל ז'אלאני, ליבל ז'אפקה, חיה אנגחורניק, ראובן שאלאנצ'יק, רבקה פן, ניסים. האחרון הוא תייר שבא מארץ ישראל.

ידיעה על התפרעות ברוז'אן שהופיעה בעתון עברי בא"י (1930)
א ידיעה וועגן א איבערפאל איבער יידן אין רוזשאן אין א העברעאישער צייטונג אין ארץ־ישראל 1930

**אריה בוכנר ז"ל**

# כזאת היתה העיירה



מי הם הנשארים? קומץ אנשים בארץ וקומץ קטן יותר בגולה, מפוזרים בכל העולם.

הוכחדה והושמדה קהילת רוז'אן, שמנתה כשלושת אלפים נפש, קהילה שברוב עונייה היה בה גם חן משלה, חן של עיירה קטנה, תוססת ונלחמת על קיומה.

וכי מה היה חסר בה? היו בה מתנגדים וחסידים של רביים ואדמו̇רים שונים, סוחרים ובעלי־מלאכה, מפלגות מכל הגוונים, תנועות נוער, ספריות וחוגים דראמטיים, נשפים והצגות, ספורט וטיולים.

כל מאורע בעיירה נהפך לנחלת הכלל, כל אירוע — למאורע של הציבור כולו. מי מאתנו אינו זוכר את ערבי החתונות? כמעט הכול חיכו וציפו לחופה, כאילו זוהי חופתם או חופת קרוביהם ומשפחותיהם, ויכולת לפגוש בשעת החופה את כל הנוער שבעיירה.

ומי מאתנו לא יזכור את ההצגות? ההצגה החלה בעשר בלילה, ולפעמים גם באחת־עשרה, בשעה שבעולם הגדול היא כבר מסתיימת. ההצגה נמשכה זמן רב, כמעט כפליים מן הדרוש, כי הקהל שמע את הטקסט פעמיים — פעם מפי הלחשן (סופלער בלע"ז) ופעם שנייה מפי השחקן, הארטיסט. ואיש לא התרעם על שהשחקן אינו יודע את הטקסט בעל־פה. כאשר נסתיימה ההצגה, האיר כבר השחר ולא כדאי היה לחזור הביתה לשכב לישון. לכן שוחחו או טיילו על הכביש הפולטוסקאי עד זריחת החמה, עד אור הבוקר המלא.

כזאת היתה העיירה.

כן, גם גנבות היו בעיירה, אבל גנבות מסוג מסוים, גנבת ספרים מהספריות, גנבות "תרבותיות", אשר דוגמתן לא ידעו, אולי, העיירות והערים שבסביבה.

כזאת היתה העיירה.

ובקרות אסון בעיירה היתה הלחישה עוברת משכן לשכן, מבית לבית, ממשפחה למשפחה, והנשים הצדקניות — ידיהן מלאות היו עבודה. יש לעזור, יש להושיט סיוע מהיר, יש לאסוף, לקבץ. ואז יכולת לראותן מחזרות על הפתחים כקבצניות ומבקשות מתן בסתר כדי להציל נפש בישראל.

כזאת היתה העיירה.

ובבוא יום חג היתה כל העיירה מתקשטת והילדים רחוצים ומסורקים, לבושים בגדי יום־טוב, מתרוצצים מסביב לבית־הכנסת וליד השטיבלך למיניהם — וכל העיירה לבשה חג.

כזאת היתה העיירה. היתה — אבל איננה עוד. היתה — ולא נזכה לראותה שוב. היתה — ואבדה מן העולם. היתה — ולא תקום לעולם.

**אריה (לייבל) בוכנער ז״ל**

# אזוינס איז געווען אונדזער שטעטל

ווער זענען די איבערגעבליבענע? א קליינער בינטל מענטשן אין ישראל און א נאָך קלענערער בינטל אין דער דיאספּאָרא, פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

פאַרניכטעט און אויסגעראָטן קהלת רוזשאן, וואָס האָט געציילט ביי דריי טויזנט נפשות, א קהלה וואָס טראָגט איר אָרעמקייט האָט געהאַט איר באַזונדערן חן, א חן פון א קליין שטעטל, וואָס ברויזט און קעמפט פאַר איר עקזיסטענץ.

טאָקע וואָס האָט ביי איר געפעלט? געווען אין איר מתנגדים און חסידים פון פאַרשידענע רביים און אדמורים, סוחרים און בעלי־מלאכה׳ס, פאַרטייען פון אַלע קאָלירן, יוגנט באַוועגונגען, ביבליאָטעקן און דראַמאַטישע קרייזן, אָוונטן און פאָרשטעלונגען, ספּאָרט און אויספלוגן.

יעדע געשעעניש אין שטעטל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַלגעמיינע געשעעניש, יעדע פּאַסירונג — א געשעעניש פון גאַנצן עולם. ווער פון אונדז געדענקט עס נישט די אָוונטן פון די חתונות? כמעט אַלע פלעגן וואַרטן מיט אומגעדולד אויף דער חופּה, עפּעס ווי עס וואָלט גאָר געווען זייער חופּה אָדער די חופּה פון איינעם פון זייערע קרובים און פאַמיליעס, און דו האָסט געקענט באַגעגענען בשעת דער חופּה די גאַנצע יוגנט פון שטעטל.

און ווער פון אונדז געדענקט נישט די פאָרשטעלונגען? די פאָרשטעלונג פלעגט אָנפאַנגען צען ביינאַכט, און מאַנכמאָל אויך עלף א זייגער, אין א שעה וואָס אין דער גרויסער וועלט ענדיקט זיך שוין א פאָרשטעלונג. זי פלעגט זיך ציען א לאַנגע צייט, כמעט צוויי מאָל אַזוי לאַנג ווי עס האָט זיך געפאָדערט, ווייל דער פּובליקום האָט געהערט דעם טעקסט צוויי מאָל — איין מאָל פון סופלערס מויל און דאָס צווייטע מאָל פון דעם אַרטיסטס מויל. קיינער האָט נישט געהאַט קיין פאַראיבל פאַרוואָס דער אַרטיסט ווייס נישט זיין ראָליע אויף אויסנווייניק. ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך געענדיקט, האָט שוין געטאָגט און עס איז נישט געווען כדאי צו גיין אַהיים שלאָפן. האָט מען געשמועסט אָדער געשפּאַצירט אויפן פּולטוסקער שאָסיי ביז די זון איז אויפגעגאַנגען, ביזן פּולן ליכטיקן פרימאָרגן.

אזוינס איז געווען אונדזער שטעטל.

יאָ, אויך גנבות זענען געווען אין שטעטל, אָבער גנבות פון א באַשטימטן סאָרט, ביכער גנבות פון די ביבליאָטעקן, ״קולטורעלע״ גנבות, אַזעלכע וואָס די אַרומיקע שטעטלעך האָבן אפשר נישט געוווּסט.

אזוינס איז געווען אונדזער שטעטל.

און ווען עס האָט חלילה פּאַסירט אַן אומגליק אין שטעטל, פלעגט די שוּשקעריי דורכגיין פון שכן צו שכן, פון הויז צו הויז, פון פאַמיליע צו פאַמיליע, און די גוטע ערליכע פרויען האָבן געהאַט אַ סך צו טון. מען דאַרף העלפן, מען דאַרף געבן גיכע הילף, מען דאַרף צוזאַמענקלייבן געלט. און דאַן האָסטו געקענט זען ווי בעלי־ביתישע פרויען גייען אַרום איבער די הייזער און בעטן א מתן בסתר צו ראַטעווען א יידישע נשמה.

אזוינס איז געווען אונדזער שטעטל.

און ווען ס׳פלעגט קומען א יום־טוב, פלעגט זיך דאָס גאַנצע שטעטל אויספּוצן און די קינדער פלעגן זיין אויסגעצוואָגן און פאַרקעמט, אָנגעטאָן די יום־טובדיקע בגדים, לויפן

ארום בית־מדרש און די פארשידענע שטיבלעך — און דאָס גאנצע שטעטל איז יום־טובדיק געשטימט און אויסגעפוצט.

אזוינס איז געווען דאָס שטעטל. געווען — אָבער מער שוין נישטאָ. געווען — און מיר וועלן מער זי נישט זען. געווען — און אויסגעמעקט געוואָרן פון דער וועלט. געווען — און וועט שוין מער נישט אויפשטיין.

**אפרים בן־דור (פֶּנְדֶר) / תל־אביב**

# פרקי רוז׳אן

## מבוא



נשארו לנו הזכרונות. אנו חיים והם חיים בתוכנו. עד יומנו האחרון נזכור. כקרני אור, עתים זוהרים ועתים עמומים, הם בוקעים דרך נבכי העבר, ההולכים ומתערפלים עם הזמן המתמשך, עם ריבוי הימים, השנים, עשרות השנים. וכדי להנציח את עברנו היהודי המפואר, את רוז׳אן היהודית, אנו צוללים לתוך העבר ומנסים לדלות כל פנינה של חיינו היהודיים בעיירה. אנו משתדלים להכיר את "המעיין ממנו שאבו אבותינו" בכל הדורות, את העוז והכוח בדרך הארוכה של המרטירולוגיה היהודית לקיים את החיים ואת ההמשך, שבאו לידי ביטוי נעלה ביותר עם הקמת מדינת ישראל, דוקא אחרי הטבח הגדול של עמנו.

כתיבת הספר בידי עשרות בני עירנו זוהי החובה הגדולה, והמינימלית, שאנו חייבים לכל בני עירנו ובני משפחותינו, אשר לא זכו לראות את תקומת העם על אדמתו ההיסטורית. עם הקמת מצבה זו אנו מצטרפים ליתר קהילות בית־ישראל שהוכחדו, והנותרים מהן מקיימים את צוואתם — לא לשכוח! אנו מצטרפים לכתיבת פרק קטן נוסף בהיסטוריה היהודית ונותנים תשובה מוחצת לשונאי־ישראל, שלא רק רצחו וירשו, אלא רוצים גם למחוק את זכרנו בתולדות ארצותיהם, ארצות שבנינו יחד איתם, בזיעתם ודמם של יהודים במשך מאות בשנים.

שם בנו אבותינו את חייהם הססגוניים בייחודם היהודי, על רקע הסביבה הנוצרית העוינת, תוך השתלבות במציאותה הכלכלית, החברתית והמדינית ותוך מאבק מתמיד לזכויותיהם. היו אלה יהודים עמלים, בעלי־מלאכה ופועלים, חנוונים וסוחרים, אינטליגנציה עובדת, עירוניים וגם כפריים, חסידים ומתנגדים וסתם יהודים. היו ביניהם אנשים מכל המפלגות, לאומיות וסוציאליסטיות, וגם נוער מכל התנועות, שחזונם היה טובת העם היהודי והעולם כולו. כל אחד, לפי דרכו, שאף לטוב וליפה.

על רקע מציאות כלכלית וחברתית של עיירה יהודית טיפוסית בפולין שבין שתי מלחמות

עולם, מראשית עצמאות פולין המחודשת ועד חיסולה עם פרוץ מלחמת־העולם השנייה, זרמו כאן החיים באפיקם הרגיל, עם צביון מקומי ייחודי מובהק. מתוך חיים אלה צמחו והתפתחו כל התנועות החברתיות והפוליטיות, אשר בראש מאווייהן היה להביא הצלה וגאולה לעם ולאדם, או לפחות להקל על המצוקה היהודית, ההולכת וגדלה בנסיבות הזמן, כשעגיבת השנאה והנגישות מתהדקת והולכת סביבנו.

התפתחות התנועות והמפלגות לא פסחה על עיירתנו והן היו כעין אספקלריה של המציאות היהודית כולה, החל מ״אגודת־ישראל״, שהיתה נתמכת השלטונות ושורשיה ביהדות הדתית הגדולה, דרך מפלגות סוציאליסטיות כמו ה״בונד״ ו״פועלי־ציון״ ימין ושמאל, ועד המפלגות הציוניות לכל גוניהן. משקלן הסגולי של כל התנועות היה שונה בכל תקופה, מקביל, בערך, למה שהתרחש בעולם היהודי כולו ובמדינה ששכנו בתוכה. חשוב לציין, כי ברוז׳אן בלטו בפעילותן הציבורית, בשנות העשרים והשלושים, בעיקר ״פועלי־ציון שמאל״ ו״השומר הצעיר״. וזאת בנוסף על ״אגודת־ישראל״, ששמרה על מעמדה האיתן בקרב היהדות הדתית הרחבה והשמרנית. מעמדה הלך ונתרופף לפני פרוץ המלחמה, כשתנועת ״המזרחי״ מרחיבה את השפעתה בחוגים אלה ומקרבת אותם לציונות.

כל זה נגדע ואיננו עוד. רק אודים מוצלים מאש נותרנו, כדי לספר את הזכרונות, כדי לרושמם עלי ספר — עוד פרק היסטוריה יהודית כאובה, מצבת נצח בשבילנו ולדורות הבאים.

## נוף והווי

עיירה מיוחדת היתה רוז׳אן, חן מיוחד היה לה. ראשית כל, בשל מיקומה הגיאוגרפי. בתוך מישורי מאזובשה התנשאה העיירה מעל גבעה ניכרת, הגולשת מצד מזרח אל הנהר נארב. ומי מתושביה לא התגאה בנהר זה רחב־הידים ? וכאשר הגעת לעיירה דרך הגשר שעל־פני הנהר, גשר עץ עם ״היסטוריה״, הרי כאילו אל ארץ הרים עלית. ובדומה לכך מצד צפון, מעבר אוסטרולנקה. והעיירה שוכנת על הגבעות, הנמשכות בצורה מרשימה דרומה, בצמוד לנהר. רק בצד מערב התמזג השטח עם המישורים הנרחבים של המחוז בואכה מאקוב ופולטוסק. כזאת היתה הרגשתם של בני רוז׳אן, כי במרום הרים יושבת עירם וממרום הרים הם צופים על נוף מרהיב עין, הנישא הרחק אל מעבר לנהר ובו שדות ואחו כמרבדים צבעוניים שגוניהם משתנים עם עונות השנה. יערות בירקות אפלה מילאו את כל האופק מעבר לנהר וחרטו את קו הרקיע אי־שם במרחקים.

כל עונת שנה ויופייה המיוחד. בא האביב והקרח מתחיל לנוע. לאט לאט נמס הקרח והנהר עולה על גדותיו ומציף שטחים נרחבים. המראה הזה של מים אדירים היה מעלה בלב גם גאווה וגם חרדה. עד מרגלות ההר היו המים מגיעים ומאיימים בהצפת בתי המגורים הדלים של גויים ויהודים כאחד. עם ההתחממות באביב היו המים נסוגים באיטיות ועמהם באה הציפייה לקיץ הקרוב, לרחיצה מהנה בנהר, לשחייה מחוף אל חוף, לשיט בסירה, לטיול בחיק הטבע וכיוצא בזה. הנהר היה מתכווץ בערוצו הקבוע והיה מתגלה האחו רחב־הידים, בו היו רועות עזי רוז׳אן המפורסמות (רוזשאנער קאָזעס), ששמן הלך לפניהן ונהפכו לסמל של רוז׳אן היהודית וכינוי לצון ליהודיה. ואיך לא אזכיר את העזים והגדיים, שגדלו בגינתנו בהיותי ילד, וכל־כך כאב לבי כאשר נשחטו הגדיים, הזכרים המיותרים, ורק פרותיהם הרכות נשארו למזכרת וקישטו את הרצפה עד יומי האחרון בעיירה.

האביב הביא בכנפיו גם את ריחותיו המיוחדים. ריחות פריחת הבוסתנים של עצי־פרי



קבוצת בוגרי "השומר הצעיר" בשיט על הנאַרב.
א גרופּע פון "השומר הצעיר" שיפט זיך אויפן נאַרעוו.

למיניהם ושל הלילך (בעז) היו נישאים באויר ומתערבבים עם ריח קציר השחת הראשון. החום היה עולה אט אט ואתו הגיע זמן של טבילה בנהר ושחייה מהנה. מקומות הרחצה בנהר, בימי ילדותי, היו נפרדים לגברים ולנשים, כאשר בגדי־הים טרם היו בשימוש בסביבותינו. עם חדירת האופנה של בגדי־ים גם לרוז׳אן נתקרבו התחומים והרחיצה בנהר נהפכה בקיץ למפגש חברתי של צעירי העיר וחוף הנארב נהיה ל"פלאז׳ה", כמקובל בעולם הגדול. באי חוף הרחצה שהיו ברובם יהודים "בטלני" העיירה היו מנצלים את ימי השמש לשיזוף, אבל מרבית המתרחצים היו מתרכזים על חוף הנהר אחרי־הצהרים לאחר העבודה ובימי ששי לקראת השבת. אפשר היה לראות צעירים וגם זקנים, אשר עשו את טבילתם בנהר טבילת מצווה, כתחליף למקווה. אין אפוא כל פלא, שהרבה שחיינים יהודים היו בעיירה.

אולם, השחייה בנהר בקיץ, שהיתה מהנה ומבדרת, היתה גם מקור לאסונות טביעה. כמעט שלא היה קיץ בלי מקרה של טביעה, כי גדול היה הנהר וגם אכזרי בהפתעותיו, ומדי פעם בלע את קרבנו.

אחד מאופני הבידור בעיירה היה הטיול (שפאצירן). אנשי רוז׳אן אהבו לטייל. הטיול התחיל במידרכות שמסביב לכיכר השוק (מארק) המרובעת ונמשך לכביש הפולטוסקאי, כביש ה"וויאַמקא", שחיבר את הכביש הראשי עד לגשר שעל הנהר. טיול יותר ארוך, המיועד בעיקר לשבתות וימי חג, היה הטיול מעל הגשר אל הקסרקטינים (קאַשארן), אל החורשה הקטנה ואף הלאה. ומי זה לא טייל ברוז׳אן ? — כולם, בכל הגילים ! אך קודם כל הנוער, ספוג הרומנטיקה והרגיש ליופי של הנוף המקיף אותו. הנוער היה מוצא את פורקנו בחיק הטבע בעליצות, בשירה, בצחוק קולני, במשחקים ובמעשי קונדס. כך זה נמשך כל עוד לא החלה להשתולל שנאת הגויים. עם התגברות האנטישמיות נתקצרו הטיולים עד כדי מחנק במסגרת מידרכות השוק בלבד.

בין בידורי הקיץ נזכיר גם את ה"דאטשע" (הקיט) של רוז׳אן, המיועדת לבעלי־היכולת כביכול לשם שינוי בחייהם או לנגועי חולי וחולשה — בכפר הסמוך קאשביץ. אנחנו

אַלץ אַרום און אַרום איז ווייס איינגעדעקט מיט אַ ווייסן איבערדעק און די גרינע פלעקן פון די וועלדער ווייט ביים האָריזאָנט, אויפן קאָנטראַסט פון דער בלענדענדער ווייסקייט, זעען זיך אַרויס נאָך שטאַרקער ווי זומער אין דער באַגעגעניש מיטן הימל. די קעלט שטאַרקט זיך און שטיקער אייז באַווייזן זיך אין טייך, וועלכער האָט געביטן זיין קאָליר אויף גאָר טונקל. ביסלעכווייז פאַרפרירט דער ווינטער די וואַסערן פון טייך, און איין פרימאָרגן שטייט מען אויף און מען זעט, אַז דער טייך איז פאַרגליווערט, פאַרפראָרן. דער אייז ווערט גרעבער און גרעבער, ביז ער ווערט ווי אַ פעסטער דעק אויף די פליסנדע וואַסערן אונטער אים. אויך דער שניי, וואָס פאַלט אָן אָן אויפהער און באַדעקט דעם אייז, פאַראייניקט די ביידע ברעגעס צו איין שטח, ווי עס וואָלט גאָר קיין טייך נישט געווען אויף דער וועלט. פון אויבן פון באַרג קענסטו זעען מענטשן, וועלכע גייען אַריבער דעם טייך אָן שום מורא און נאָך זיי פאָרן שוין שליטעלעך און שליטנס געשפּאַנט צו פערד. נאָר די בריק דערמאָנט אָלעמען, אַז דאָ פליסט אייגנטליך אַ טייך. די טעג זענען קורץ און די נעכט לאַנג. דאָס לעבנס־פרייד שטופּט ווידער אַרויס אַלעמען אין דרויסן. ווידער שפּאַצירן, ווידער אויספלוגן און שטיפערייען — אין פּאַסיקע, וואַרעמע מלבושים — און לעבן זאָל דער ווינטער!

ווער געדענקט דאָס נישט די שמחה און פאַרגעניגנס פון ווינטער? פון די באַהעלטעניש נעמט מען אַרויס די שליטעלעך און מען לאָזט זיך פליען באַרג אַראָפּ מיט אַ שרעקלעכער געשווינדקייט. די קליינע שליטעלעך זענען אָנגעפולט מיט ייִנגלעך און מיידלעך, און פרייד און געלעכטער און אַ גוטער טומל אַרום. די מערסטע וואָס נוצן אויס די פאַרווייִלונגען זענען ווידער אונדזער יידישע יוגנט, מיטגלידער פון באַוועגונגען און פּאַרטייען, קינדער פון שולן און "חדרים". שניי און בערגלעך אַראָפּצושליטלען זיך זענען געווען אַ סך, און ווער ס'האָט געהאַט ליזשוועס און געווען פלינק געניט, האָט געמאַכט אַ לעבן אויפן גרויסן אייז־שפּיגל וואָס איבערן טייך.

אויך דער ווינטער האָט אַן ענדע, און אַזוי פאַרמאַכט זיך דער ראָד פון די סעזאָנען מיט זייער שיינקייט און פילפאַרביקייט, יעדער סעזאָן מיט זיינע פריידן און שפּילערייען. אַזוי האָבן מיר געלעבט אונדזער לעבן אין קלימאַט און לאַנדשאַפט פון פּוילן אין משך פון פילע דורות. און פּלוצים האָט זיך אַלץ געענדיקט, אָפּגעשניטן געוואָרן, און יידן זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון לאַנד אויף אַן אכזריותדיקן אופן, וואָס עס איז נישטאָ קיין ביישפּיל דערצו אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

די לאַנדשאַפט איז געבליבן, דאָס לאַנד איז געבליבן, די זון שיינט ווי אַלע מאָל, אָבער קיין יידן זענען שוין דאָרט נישטאָ. געבליבן זענען נאָר די זכרונות.

## דאָס געשטאַלט פון שטעטל

אין דער באַזונדערער נאַטירליכער לאַנדשאַפט פון אונדזער שטעטל איז ענטשטאַנען אַ באַזונדערעס יידישעס לעבן. כ'ווייס נישט פון וואַנען קומט צו אונדז דער באַזונדערער דיאַלעקט פון יידיש. עס איז אַ פאַקט, אַז אונדזער יידיש איז געווען אַנדערש ווי דאָס יידיש אין דער שכנותדיקער מאַקאָוו, נאָר 19 ק"מ דערווייטערט פון אונדז און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שאַרפן "ריש", אָדער פון דאָס יידיש אין אָסטראָלענקאַ, 27 ק"מ פון אונדז און ענליך צו דאָס ליטווישע יידיש, אָדער פון פּולטוסקער יידיש, 31 ק"מ ווייט פון אונדז און זיצט אויך אויפן נאַרעוו.

די געאָגראַפישע און טאָפּאָגראַפישע פּאָזיציע פון רוזשאַן, אויפן הויפּט־וועג צווישן וואַרשע און רוסלאַנד, האָט זי געמאַכט אַ סטראַטעגיש פּונקט (איינעם פון סך) אויפן נארעוו. צו דעם צוועק האָט מען דאָרט אויפגעבויט אונטערערדישע פעסטונגען (פאָרטן) נאָך אין די צארישע צייטן. דאָס איז אויך געווען די סיבה, וואָס רוזשאַן איז חרוב געוואָרן אין יעדער מלחמה פון די פיל מלחמות, וועלכע האָבן זיך געפירט אין דעם לאַנד אין פילע תקופות. אויף דעם זאָגן עדות אַלע היסטאָרישע דאָקומענטן.

דער קרייז האָט זיך גערעכנט אלס איינע פון די אַגריקולטורעלע געגנטן, כאָטש אַ טייל פון אים איז געווען באַדעקט מיט וועלדער. די פוילישע באַפעלקערונג פון דער געגנט האָט געלעבט בעיקר פון ערד־אַרבעט, פי־צוכט, פישעריי און וועלדעריי. אַדמיניסטראַטיוו האָט רוזשאַן געהערט צום פּאָוויאַט מאַקאָוו־מאַזאָוויעצק. די אגריקולטור אין דער געגנט איז געווען עקסטענסיוו. אָפּגעשטאַנען און צעטיילט צווישן פיל פויערים מיט קליינע פאָל־וואַרקעס. איך געדענק נישט קיין גרויסע הויפן אין אונדזערע געגנטן.

דער פאַרקער מיט אונדזער שטעטל האָט זיך געפירט אויף שלעכטע שאָסייען, און צו די דערפער — אויף נישט ברוקירטע וועגן. די נאָענטסטע באַן־סטאַציע, אויף די ליניע וואַרשע—אָסטראָלענקאַ, איז געווען פּאַשעקי, 14 ק"מ פון רוזשאַן. די אָרעמקייט פון דער געגנט, דאָס פעלן פון אינדוסטריע און שלעכטע טראַנספּאָרטאַציע האָבן גורם געווען צו אָפּגע־שטאַנענקייט און א נידעריקן לעבנס־ניוואָ.

אין אָט דער אָפּגעשטאַנענער אַגראַרישער געגנט האָט געשטעקט רוזשאַן. קיין וואַסער־איינריכטונגען אין די הייזער זענען נישט געווען. וואַסער האָט מען געשעפּט אויף אַ פּרימיטיוון אופן פון די פּולע ברינעמער. נאָר איין פּאָמפּע איז געווען אין שטעטל, אין מיטן מאַרק, און זי האָט געגעבן ארבעט די אלע וואַסער־טרעגער, וועלכע פלעגן שלעפּן אין עמערס מיט פידעס אויף די אַקסלען וואַסער פאַר די הייזער פון שטעטל. עלעקטריע האָט מען אריינגעפירט אין רוזשאַן נאָר אין העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן, ווען מען האָט אויפגעבויט די שטאָטישע עלעקטרישע־סטאַציע. און דאָך איז רוזשאַן געווען אַ שטאָטישער צענטער, וואָס האָט צוגעשטעלט דער גאַנצער סביבה אלע קאָנסומיר־פּראָדוקטן. די מערסטע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געלעבט אין שטעטל, האָבן זיך פאַרנומען מיט שטאָטישע פאַכן און אויך א ביסל לאַנדווירטשאַפט.

אַ דאַנק דעם באַדאַרף אין אַ צענטער פאַר האַנדל און מלאכה האָט זיך אין שטעטל עטוויקלט א באַזונדערע יידישע עקאָנאָמיע, וועלכע איז באַשטימט געוואָרן דורך דער היסטאָרישער יידישער געזעצליכקייט אין פוילן, מיטן סאָציאַלן באַשטיין און ספּעציעלע פאַכן פון די יידישע איינוווינער. די יידן אין רוזשאַן זענען באַשטאַנען (קיין גענויע ציפערן האָבן מיר נישט) ביי 60% פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, ארום 3000 נפשות, פאַרן אויסברוך פון דעם צווייטן וועלט־קריג. אין צייטן פון וואַלן, כדי די יידן זאָלן נישט האָבן קיין מערהייט אין מאַגיסטראַט, פלעגט די רעגירונג בכוונה אַנשליסן די נאָענטע דערפער צום שטעטל און דורך דעם פאַרגרעסערן די צאָל פון די פוילישע וויילערס.

א באַזונדערן פלאַץ מיט זייער צאָל האָבן פאַרנומען די פאַרשידענע בעלי־מלאכות: שניידערס, שוסטערס, שטעפערס, שלאָסערס, שמידן, סטולמאַכס, היטל־מאכערס, בעקערס, קצבים און אנדערע האַרעפאַשניקעס; ווי אויך בעלי־עגלות, טרעגערס, שאָפערן און אנדערע. פאַרמאָגבאַרע סוחרים זענען געווען ווייניק אין אונדזער שטעטל. דער מערסטער האנדל איז געווען אין די הענט פון קליינע און מיטלמעסיקע קרעמערס אין קליינע

אנגעשטאָפּטע קרעמלעך: שפּייז, גאַלאַנטעריי, מאַנופאַקטור, אייזנוואַרג און געבוי זאַכן, כלים און געשיר; און אויך קליינע רעסטאָראַנען, קיאָסקן פון לייכטע געטראַנקען און אז״וו.

צוויי מילן זענען געווען אין אונדזער שטעטל: א מעכאַנישע, וואָס האָט געהערט צו מאַרגאַליס־פּאַזשיצקי, און אַ ווינט־מיל. בעקערס אונטערנעמונגען, נישט ווייט פון שטעטל האָבן אַדמיניסטראַטיוו געהערט צום דאָרף דישאַבאַבא. דאָס איז געווען אַן אינדוסטריעלע ״אימפּעריע״ פאַר זיך.

די בעלי־מלאכות זענען געווען דאָס אָרגאַניזירטסטע טייל פון שטעטל. זיי זענען געווען אָרגאַניזירט אין ״האַנדווערקער־פאַראיין״. יעדער בעל־מלאכה איז פּאַקטיש געווען אַן אומהאָפּהיינגיקער אַרבעטער, אָדער האָט געהאַט אַממערסטן 2־3 געדונגענע אַרבעטער, געזעלן. די צייט פון געזעלן איז געווען ווי אין ״חדר״, דער אַזוי־גערופענער ״זמן״: א ״זמן״ פון פּסח ביז סוכות און אַ ״זמן״ פון סוכות ביז פּסח. אין פילע פאַלן האָט זיך דער געזעלן פאַרדונגען מיט עסן ביים אַרבעטס־געבער, און דאָס האָט אים געצווונגען צו אַרבעטן פון פרי ביז ביינאַכט אָן באַשטימטע שעה׳ען. נאָר אין דער לעצטער תקופה, נאָך א סך לאַנגע קאַמפן, האָבן די לוין־אַרבעטער דערגרייכט אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג.

דער טרוים פון יעדן געזעלן איז געווען צו עפענען אַן אייגענעם וואַרשטאַט אָדער צו עמיגרירן איבערן ים. עקאָנאָמיש איז די לאָגע פון די בעלי־מלאכות געווען אַ שווערע. כדי צו ציען געווען חיונה האָט מען געדאַרפט אַרבעטן שעה׳ען אָן אַ צאָל. די קאָנקורענץ צווישן זיי איז געווען גרויס, און מיט דער צייט האָט די רעגירונג גענומען באַשווערן זיי דאָס לעבן. די האַנטווערקער האָבן געמוזט געהערן צו אַ צעך, אָרגאַניזירט דורך דער רעגירונג, און באַקומען אַן אָפיציעלע ערלויבניש אַלס אַ מייסטער (Karta Rzemieslnicza). כדי צו ווערן זעלבסשטענדיק האָט יעדער געזעלן געמוזט דורכגיין אַן עקזאַמען און קריגן אַ שיין פון א מייסטער. דאָס איז געווען אַ קלאָרע אַנטיסעמיטישע טענדענץ, צו באַשווערן אויף די יידישע בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן באַהערשט פיל פאַכן, און צו אונטערשטיצן די פּוילישע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין מערן.

די בעלי־מלאכות האָבן געמוזט אליין פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן, און צווישן זיי זענען געווען א היפּשע צאָל פון בכבודיקע בעלי־בתים. כמעט אלע זענען געווען פרומע יידן און זייערע קהל׳שע ענינים האָבן זיי געפירט אין די שולן. צוויי שולן זענען געווען אין שטעטל. די גרויסע שול און די קליינע שול, איינע נעבן דער צווייטער. די גרויסע שול איז אויפ־געבויט געוואָרן אויפן פּלאַץ פון דער אַלטער שול, וואָס איז חרוב געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ סך יאָרן האָט מען זי געבויט, ביסלעכווייז. צוליב איר גרויסקייט און הויכקייט האָט מען נישט געקענט דאַווענען אין איר ווינטער צייט. דאַן פלעגט מען דאַווענען אין דער קליינער שול, וועלכע ס׳איז געווען לייכטער צו באַהייצן. די שול אין שטעטל האָט געדינט נישט נאָר צום דאַווענען, נאָר אויף פאַר אסיפות אַלס א פאָלקס־הויז אין צייט פון וואַלן, פאַר עפנטליכע פאַסירונגען און פאַרן אויפטרעטן פון ציוניסטישע אָדער אַנדערע רעדנער.

די קליינע שול איז פּאַקטיש געווען דער צענטער פון די האַנטווערקער און זייער פאַראיין און דאָרטן פלעגן זיי פירן זייערע פאַרזאַמלונגען. חוץ דעם האָט צענדליקער יאָרן עקזיסטירט א מנין פון בעלי־מלאכות אין אונדזער הויז, בענדערס הויז, וואָס איז אריבער ווי א טראַדיציע פון זיידע חיים. דער ש״ץ אין דעם מנין איז געווען **אברהם־שאול**

זאַמעק. אין דעם מנין האָט זיך געפונען אַ באַזונדערער "פנקס" פון די בעלי־מלאכות. ביזן חורבן פון שטעטל אין ערשטן וועלט־קריג, האָט מען פאַרשריבן אַלע עפנטליכע פּאַסירונגען פון די ארבייטסזאַמע יידן.

איינע פון די וויכטיקסטע אונטערנעמונגען פאר געגנזייטיקער הילף פון די האַנטווערקער איז געווען די גמילות־חסדים־קאַסע, וואָס האָט געגעבן אירע נויטבאַדערפטיקע חברים הלוואות אָן פּראָצענט. אַנגעפירט מיט דער קאַסע האָט פישל גאָגאָל, וועלכער האָט געהאַט אַ וואַרשטאַט צו פאַרריכטן ראָווערן און נײַ־מאַשינען. דער "האַנדוועָרקער פאַר־איין" האָט פאַרנומען זייער א בכבודיקן אָרט אין שטעטל. איבערהויפּט האָט ער זיך פאַרנומען מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען און פאַך פראַגעס. פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט איז דער פאַראיין נישט געווען מאַנאָליטיש און מענטשן פון אלע פּאַרטייען און שטרעמונגען האָבן צוזאַמען געאַרבעט און געווירקט.

די מערסטע קראָמען זענען געשטאַנען ענג אַרום דעם פירקאַנטיקן מאַרק (רינעק), וואָס איז געווען אין צענטער פון שטעטל. עטליכע קראָמען זענען געווען אויך אין די זייטיקע גאַסן. בפרט געדענק איך די יאַטקע גאַס. אלע קראָמען זענען געווען קליינינטשקע און דער אויסוואל פון סחורה אַ קנאַפּער. קיין אַנגראָ (הורט) סוחרים זענען אין שטעטל נישט געווען, דערפאר האָבן די קרעמערס און די סוחרים געדאַרפט ברענגען די סחורות דירעקט פון וואַרשע אָדער באַשטעלן זיי דורך איינצלנע פּאַרמיטלער (שפּיליטער).

דער פאַרקער מיט וואַרשע האָט זיך געפירט דורך אויטאָבוסן, וועלכע זענען א לאַנגע צייט געווען אין יידישע הענט, אָדער מיטן באַן דורך פּאַשעקער סטאַציע. עס זענען אויך געווען לאַסט־אויטאָס, וועלכע פלעגן ברענגען סחורות פאר די קרעמערס און די סוחרים. מיט דער צייט, אין די שפּעטע דרייסיקער יאָרן, ווען דער אַנטיסעמיטיזם און דער עקאָנאָ־מישער קאַמף געגן די יידן האָבן זיך געשטאַרקט, האָבן די פּאָליאַקן נאַציאָנאַליזירט די אויטאָבוסן ליניעס און זיי געמאַכט אַלס אַ רעגירונגס מאָנאָפּאָל. האָבן די יידן, וואָס זייער פּרנסה איז געווען דער פאַרקער, איינגעפירט דעם "אָמניבוס", געשפּאַנט צו פערד, און געפירט קאָנקורענץ מיט די פּוילישע נאַציאָנאַליזירטע אויטאָבוסן. דאָס איז געווען אַ פּאַרמאַכטער וואָגאָן מיט צוואַנציק זיץ־פּלעצער. אַנשטאָט דריי שעה מיטן אויטאָבוס פלעגט מען פאָרן 17־18 שעה, אָבער צייט האָט דאַך נישט געשפּילט דאַן קיין ראָליע ביי די יידן. צייט האָט מען געהאַט איבערגענוג, איבערהויפּט אַז דער באָיקאָט און די עקאָנאָמישע גזירות האָבן געוואָרנט צו דערשטיקן דעם יידן און מען האָט געדאַרפט אַלץ אויסשטיין. די נסיעות קיין וואַרשע מיט דעם אָפּגעשטאַנענעם פאַרקערס־מיטל פלעגן זיך פירן צוויי מאָל אַ וואָך, מיט אַן אָפּשטעל אויפן וועג אַנצופיטערן די פערד. די נסיעה איז געווען אַ שווערע, אין ענגשאַפט און אויף אומבאַקוועמע געזעסן, און נאָך אזא נסיעה אויף די שלעכטע וועגן פלעגן די פּאַסאַזשירן אָנקומען, קיין וואַרשע אָדער צוריק קיין רוזשאַן, צעהאַקט און צעבראָכן. אָבער די דאָזיקע אויסמאַטערנדע נסיעה האָט געהאַט אַ גרויסן פאָרצוג: זי איז געווען ביליג און האָט געגעבן אַ געפיל פון זיג — איר זעט, מיר קאָנען אויסקומען אָן די רעגירונגס אויטאָבוסן!

דער צענטער פון דער עקאָנאָמישער אַקטיוויטעט זענען געווען די וואָכנטליכע מערק און די מאָנאַטליכע יאָרידן. צוויי מאָל אַ וואָך, דינסטיק און פרייטיק, זענען פאָרגעקומען די מערק. און אויב דער מאַרק טאָג איז אויסגעפאַלן אין יידישן יום־טוב, איז ער בטל געוואָרן פון זיך, ווייל אַן יידן איז נישטאָ נישט קיין מאַרק און נישט קיין יאָריד — אַזוי

שטארק איז געווען דער יידישער אַנטייל אין האַנדל און אין די פרימיטיווע עקאָנאָמישע באַציאונגען אין יענע אומשטענדן.

די יארידן פלעגן פאָרקומען יעדע פירטע וואָך, דינסטיק. אין די געוויינליכע מארק־טעג פלעגן די פויערים פון דער ארומגעגנט ברענגען אין שטעטל זייערע אַגריקולטור־פּראָדוקטן, און פאַר דעם פלעגן זיי קויפן אלץ וואָס זיי האָבן געברויכט און האָבן דאָס נישט פּראָדוצירט. אויפן מאַרק האָבן זיך געפירט געגנזייטיקע באַציאונגען צווישן די צוויי טיילן פון דער באפעלקערונג: די יידישע משפחה פלעגט זיך באַזאָרגן מיט לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקטן פארן הויז־געברויך, און דער פויער פלעגט קויפן ביי די יידן דעם לעבנסוויכטיקן פאַרברויך, אַנגעהויבן מיט זאַלץ און צוקער און נאַפט ביז האַנטווערקעריי פּראָדוקטן און פאַרשידענע סחורות. די מארק־טעג און די יארידן האָבן זיך געפירט, ווי אויבן געזאָגט, אויפן רינעק. דאָס זענען געווען זייער אינטענסיווע האַנדלס־טעג און דער הויפּט־אָדער פון האַנדל אין גאנצן קרייז.

דער טאָג פון יאַריד איז געווען ממש א געשעעניש אין לעבן פון שטעטל. אויפן יאריד פלעגן יידן ברענגען אַ סך סחורות אין גרויסע קוואַנטומס. אַ געוויסע צייט פריער פלעגן די בעלי־מלאכות און די קרעמערס אָנגרייטן באַדייטנדע רעזערוועס. שוין נאָכמיטאָג ערב דעם יאריד פלעגט זיך אָנפאַנגען דאָס צוגרייטונג. אין שטעטל פלעגן אַנקומען קאַראַוואַנעס פון סוחרים און בעלי־מלאכות פון אלע שכנותדיקע שטעטלעך, אין וועגענער אָפענע און מיט בוידן, און פארכאַפּן אן אָרט אויפן מארק און גלייך נעמען אויפשטעלן זייערע סטראגאַ־נעס. דורך נאַכט פלעגן אויפגעשטעלט ווערן די סטראגאנעס און אין דער פרי זענען אלע געווען גרייט צום יאריד. נישט געווען קיין פלאנירער אָדער פירער, אָבער אַ פאַקט איז, אַז די סטראגאנעס פלעגט מען אויפשטעלן לויט די פּראָפעסיעס און די סאָרטן פון די סחורות: שניידערס נעבן שניידערס, שוסטערס נעבן שוסטערס און דאָס גלייכן. א לאנג־יעריקע טראדיציע האָט עס, ווייזט אויס, איינגעפירט אזא אָרדנונג — יעדער פאַך פאר זיך.

טומל און געפילדער האָבן אויסגעפילט דאָס שטעטל. דער מארק־פּלאַץ איז פּלוצים געוואָרן קליין אריינצונעמען די הונדערטער און טויזנטער פון קויפערס און פארקויפערס און סתם נייגעריקע. די ענגשאַפט צווישן די סטראגאנעס איז געווען זייער גרויס. שוין פרי אין דעם מאָרגן האָט זיך אָנגעהויבן דער טומל פון ליאַרעמדיקן האנדל: פארקויפערס, וועלכע רופן אויס און לויבן זייערע סחורות, און קויפערס, וועלכע דינגען זיך אויפן קול. דאָס שטעטל איז געווען איבערגעפולט. און אין דעם דאַזיקן טומל און פארהאוועטקייט זענען אויך פאָרגעקומען באגעגענישן פון באַקאַנטע און פריינט. אין איין וואָרט, אַ לוסטיקע, פילפארביקע און ברויזנדע סומאַטאָכע.

אן אנדער האנדל האָט זיך געפירט אין ענדע שטעטל אויף אן אנדער פּלאַץ, אויפן פערד־מאַרק. דאָרטן איז אָנגעגאנגען דער האנדל פון פערד, קי, חזירים (להבדיל). דאָרט פלעגט מען אויך ברענגען בהמות צו באַלויפן. אויך דאָ איז געווען א טומל און קולות האָבן זיך געהויבן ביזן הימל, אָבער אנדערע קולות: הירזשעריי פון פערד און מוקען פון קי האָבן זיך אויסגעמישט מיט די געשרייען פון די קונים און פארקויפערס.

אָוונט צו פלעגט זיך דער גרויסער טומל לאנגזאם בארואיקן. און אזוי אויך דאָס שטעטל, אָבער נישט אין גאַנצן. קולות פון שיכורע גויים וועלכע שלעפן זיך ארום וואקלענדיק אויף די כמעט ליידיקע און שמוציקע פלעצער, פלעגן "פּראָקלאַמירן" דעם ענדע פון זייערע געשעפטן אויפן וועג פון שענק צו זייערע וועגענער. יעדער ייד פלעגט שנעל זיך

אַפּטראָגן נאָך דעם גרויסן טומל אין זיין הויז אריין, כדי ער זאָל נישט אָנשטויסן זיך אויף א שיכורן גוי.

יעדער יאריד איז געווען אַ גרויסער טאָג אין לעבן פון די יידן, ווייל דער פּדיון פון אזא טאָג איז געווען אַ וויכטיקע שטיצע פארן לעבן און האַנדל פון די קומענדיקע וואָכן. און אזוי פון יאריד צו יאריד, פון מארק צו מארק האָט זיך געדרייט דער ראָד פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן אין אונדזער שטעטל און האָט דורך דעם באַשטימט איר ספּעציפישן יידישן לעבנס-אַרט.

די טעג פון זייערע חגאות און די זונטיקס זענען געווען אָפיציעלע טעג פון רו און לויטן געזעץ האָט מען געמוזט האַלטן די קראָמען פארמאַכט, אָבער דורך די הינטער-טירן האָט זיך דאָך געפירט דער מסחר. די גויים פון די ארומיקע דערפער, וועלכע פלעגן קומען אין זייער חגא מאַדליען זיך אין דער גרויסער קירכע פון רוזשאַן, האָבן שטענדיק געפונען אַ וועג צו מאַכן א טייל פון זייערע קניות. און נאָך דעם ווען זיי האָבן זיך גוט אָנגעפרעסן און אָנגעזויפט, פלעגן זיי ווערן אַן אָנשיקעניש און אָנטשעפּעניש פאר די יידן. טשעפּען זיך צו א יידן איז דאַן געוואָרן א מאָדע, כמעט א מצווה. אויסער דעם פלעגן אין זונטיק און אין די קריסטליכע חגאות קומען אין שטעטל אויך סאָלדאַטן פון די קאַזארמעס פון איבערן טייך. אויך זיי פלעגן אין די טעג אָנפילן דאָס שטעטל כדי צו פארוויילן, זיך אָנטרינקען און פריילעך מאכן דורך טשעפּען זיך מיט יידן.

די פוילישע חגאות האָבן איבערגעלאָזן דערינערונגען ביי די יידן פון שטעטל. אין די לעצטע יאָרן פארן חורבן זענען זיי געוואָרן ממש א קאַשמאר און מאנכמאָל פלעגט מען מורא האָבן ארויסגיין אין גאַס. אזוי איז אויך געווען אין די נאַציאָנאַלע יום-טובים, אין אומאָפּהיינגיקייטס-טאָג און דעם "דריטן מאי". דאַן פלעגן די סאָלדאַטן קומען פון זייערע קאזארמעס און מאכן א מיליטערישע דעפּילאַדע אין שטעטל, אונטער די קלאַנגען פון זייער מיליטערישן אָרקעסטער און דעם אָרטיקן פייערלעשער אָרקעסטער. דאַן האָט מען געמוזט אויספּוצן די הייזער מיט נאַציאָנאַלע פאָנען און פארשידענע באַפּוצונגען. גאָר אָן חשק האָבן דאָס געטאָן די יידן פון שטעטל. מיר האָבן גוט געוווּסט, אַז נאָך דער מיליטערישער דעפּילאַדע פון דעם פוילישן שטאַטליכן כוח וועט צוריקקומען די אנגסט אין אונדזערע הערצער און עס וועט עגבערן די פראגע "וואָס וועט מאָרגן פּאַסירן?". מיט פארבאָרגענער קנאה פלעגן מיר קוקן אויף די דעפּילאַדעס, וועלכע זענען געווען אַן אויסדרוק פון נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער אומאָפּהיינגיקייט, און פלעגן טרוימען וועגן אונדזער ארץ-ישראל, וועגן יידישער אומאָפּהיינגיקייט, וועגן א יידישער מדינה און יידישעס מיליטער. יאָ, אויף די ברעגעס פון נאַרעוו, אין דער אנטיסעמיטישער פוילן, האָבן מיר געטרוימט וועגן שיבת ציון, וועגן נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. אין אָט די חגא טעג פון די גויים פלעגט דאָס שטעטל פארלירן איר יידישן קאָליר. דאָס זענען געווען טעג פון שרעק און שטילן אומעט פאר אונדז. אַן אַטמאָספער פון יום-טוב האָט זיך געפילט אין שטעטל נאָר אין די יידישע הייליקע טעג.

## יידישעס לעבן

פרייטיק נאָכמיטאָג פלעגט זיך דאָס שטעטל אויסליידיקן פון די פויערים, וועלכע זענען געקומען צום מארק. א שבת'דיקע אַטמאָספער פלעגט אָנפילן דעם מארק-פּלאַץ, וואָס נאָר עטליכע שעה פריער איז געווען אָנגעפילט מיט טומלדיקע מענטשן. רו און שטילקייט

הערשן ארום. אַט גייט **שמואל־יענקל דער שמש** און שרייט אין אַלע גאסן, אַז אַט אַט איז שוין שבת, מען זאָל פאַרמאַכן די קראָמען און נעמעןֹ גיין אין שול. ווער געדענקט נישט זיין דונערדיקן קול: ״אין שול אריין! שבת!״

די קראָמען פארמאכן זיך איינע נאָך דער צווייטער. יידן גייען צוריק פון מקווה און באָד ריינע און שטראלנדע. און ווער עס גייט נישט אין באָד, וואשט זיך גוט ארום ביי זיך אין הויז. די זון פארגייט און שבת ליכט שטראלן פון יעדן פענצטער. יידן איילן זיך אין שול און אין די שטיבלעך צו קבלת־שבת און דאוונען בציבור. און אין שול — ווער ס׳איז געקומען דאוונען מיט כוונה און ווער סתם צו באגעגענען חברים, אָבער די אַטמאָספער איז פייערליך, און אפילו אויב דו ביסט נישט פרום און היטסט נישט אלע מצוות, פילסטו דאָך א דערהויבנקייט. נאָך אַ וואָך פון לויפעניש און הו־האַ קומט דער אויסגעווארטער טאָג פון רו און אָפּרו, עס קומט דער שבת.

דאָס פייערליכע באגעגעניש צווישן די חברים און גוטע באַקאַנטע הויבט זיך אָן אין שול. די נייעס פון וואָך גייען אריבער פון מויל צו אויער, געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע נייעס, וועלכע נעמען ארום די גאנצע וועלט און אלע פּראָבלעמען. נישטאָ קיין פּראָבלעם, וואָס מען האָט נישט ארומגערעט אין שול. נאָכן קבלת־שבת קערט מען זיך צוריק אהיים, צו דער פייערליכער סעודה, צום קידוש אויף וויין און אייגן־געבאַקענע חלה, צו די פיש און פלייש. פאר דער יוגנט פאַנגט זיך אָן דער שבת אָוונט ערשט נאָך דער סעודה, אויף די וועכנטליכע באגעגנישן אין די פּארטייען און באוועגונגען, אויף רעפעראַטן און ארויסטרעטן.

אזעלכע זענען געווען די שבתים און די יומטובדיקע טעג. פולשטענדיקע רו און טראדיציאַנעל יידיש. יעדער יום־טוב און זיינע באַזונדערע מנהגים און אייגנשאַפט. דאָס שטעטל איז געווען כמעט אָפּגעשלאָסן און פארשלאָסן, אָן קיינע באפעלן און געזעצן. די קראָמען פארמאכט — און קיין ייד וועט נישט וואגן עפענען די קראָם אום שבת. גויים זענען כמעט נישט געווען אין שטעטל. יידיש לעבן און לעבנסאַרט האָבן געהערשט אין שטעטל. און דאָ פיל איך אַ דראַנג אָפּצושילדערן אַ ביסל די יידישע יום־טובים, ווי איך האָב זיי דאַן געזען און ווי זיי זענען געבליבן אין מיין זכרון.

פסח דערנענטערט זיך און די צייט פון מצה־באַקן איז געקומען. עטליכע וואָכן פאר דעם הייצט מען שוין איין די אויוונס אין עטליכע ערטער. שכנים נעמען זיך צוזאמען אין גרופּעס פאר געגנזייטיקער הילף און מצה באַקן. די פרייד פון נאָענטן יום־טוב איז גרויס אפילו ביי די קינדער, וועלכע זענען פלייסיקע שותפים אין אלע הכנות, פון באקן מצות ביזן פארברענען דעם חמץ. אַ צענטראלער פּלאַץ פון פארברענען דעם חמץ איז געווען אנטקעגן דער מקווה, אויפן ליידיקן פּלאַץ אין טאָל אויף דער גאס וואָס פירט אַראָפּ צום טייך. דאָרטן פלעגט מען מאכן שייטער־הויפנס פון שטרוי, וואָס מען האָט ארויסגענומען פון די מאַטראַצן (שעניקעס), וועלכע מען האָט באַנייט לכבוד יום־טוב.

אין יעדן הויף און יעדן הויז איז א גרויסע טעטיקייט: מען כשרט די כלים אין זודיק וואסער מיט אָנגעברענטע שטיינער, מען רייניקט גרינטליך די הייזער, מען קאַלכט די ווענט און דאָס גלייכן. אלץ ווערט ווי באַנייט.

אויך די נאַטור באַנייט זיך. דער דופט פון פרילינג טראָגט זיך אין דער לופטן. די זון ווארעמט שטארקער. גרינקייט שפּראָצט פון די בוימער און פון דער ערד און גיט צו פייערליכקייט צום יום־טוב פון פרילינג און באפרייאונג.

און אַט איז שוין נאָענט שבועות. ער האָט אויך אַ באזונדערן אויסזען אין שטעטל. חוץ

דעם מנהג פון מילכיקס געדענק איך מיט פרייד דעם מנהג פון באַפּוצן די הייזער מיט גרינס (**בלישטש**), וואָס מיר פלעגן שלעפּן פון דערוויַיטנס אָדער קויפן ביי די גויים, וועלכע האָבן געוווּסט פון די יידישע מנהגים און זיך צוגעפּאַסט צו זיי.

מיט אַ באַזונדערן געפיל געדענק איך די ימים־נוראים אין אונדזער שטעטל. עס קומען די ערשטע הערבסט טעג מיט זייער כמורנעם געמיט. געקומען די סליחות טעג. פרידליכקייט און איבערבעטונג פילן זיך אין די רייד און באַציאונגען. אין די צווייַ טעג פון ראש־השנה איז די גרויסע שול געווען איבערפילט. יעדער וואָס האָט געהאַט אַ ״שטאַט״ אין שול האָט אים געהיט מיט זיבן אויגן, פאַר זיך און פאַר זיין משפחה, ווייל די שול איז געווען צו קליין אריינצונעמען אלע יידישע איינוווינער פון שטעטל. פלעגט מען טאַקע אין די יום־טובים ברענגען שטולן פון דער היים אלע זאָלן קענען זיצן און זאָלן נישט פארפעלן די תפילות און די חזנים פון שטעטל, און איבערהויפּט דעם חזן־און־שוחט **פרידמאַן דעם ראַדזינאָווער**.

און ווער קען פארגעסן יום־כיפור אין שטעטל, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען שוין עטליכע טעג פריער מיטן קויפן די ״כפרות״ און זייער שחטן אלע מיט אַ מאָל ערב יום־כיפור. שוין אין מיטן טאָג פלעגט אַראָפּגיין אַ הייליקייט אויף דאָס שטעטל. נאָך דער סעודה מפסקת פלעגט מען אָנהויבן גיין אין שול און אין די שטיבלעך — יונג און אַלט, קינד און קייט. מיט דער צייט האָט מען איינגעפירט דעם מנהג פון זאַמלען שפּענדונגען אויף פארן קרן־קימת, מיט די אנדערע טראַדיציאָנעלע שפּענדונגען אין שול ערב יום־כיפור. די חברים פון ״השומר הצעיר״ פלעגן אויך שטיין נעבן דאָס שיסל פון קרן־קימת אין רוזשאַן.

מיט אַ הארציקן ציטער דערמאָן איך זיך דעם כל־נדרי אָוונט אין שול, וואָס איז פארפלייצט מיט ליכט, עלעקטרישע לעמפלעך און גרויסע נשמה־ליכט, און גיבן צו אַ ספּעציעלן געפיל פון יום־הדין, וואָס דרינגט אריין טיף אין דער נשמה. די ״תפילה זכה״ און דאָס געוויין פון עזרת־נשים, צוזאמען מיטן טיפן און ציטערדיקן קול פון רב אין תפילת כל־נדרי און דעם ענטפערן פון דעם גאנצן קהל צוזאמען — אַלץ האָט געהאַט אַ שטאַרקע באַזונדערע ווירקונג אויף יעדן איינעם.

אויך דער טאָג פון יום־כיפור האָט געהאַט עפּעס באַזונדערעס אין אונדזער שטעטל. עס איז ווערט צו דערמאָנען די דריי שוחטים, וועלכע זענען דעם טאָג געווען אויך בעלי־תפילות, יעדער אויף זיין שטייגער, און האָבן לייכטער און ליבער געמאַכט דעם קהל דאָס פארברענגען לאַנגע שעה׳ען אין דער ענגשאַפט פון דער שול. זיי האָבן צעטיילט צווישן זיך די ראָלן: **איטשע־מאיר אלביק** פלעגט אָנפאַנגען מיט פסוקי דזמרא, **חיים־שלמה כאַצקאָוויטש** פלעגט דאַוונען שחרית, און דער אָפיציעלער חזן, **פרידמאַן דער ראַדזינאָווער**, האָט מיט זיין שטאַרקער און זיסער שטימע געדאַוונט מוסף, אריבערשטייגנדיק די פריערדיקע. אפילו חברים פון ״השומר הצעיר״, ליבהאָבער פון געזאַנג, פלעגן זיך אָנשליסן אָן דער אימפּראָוויזירטער קאַפּעליע און מיטהעלפן ביים זינגען, בעיקר אין דער תפילה פון ״העבודה״. אין מיינע אויגן איז דאָס געווען די שעה פון ״השומר הצעיר״ אין שול. אַן אויסטערלישע פארבינדונג, אָבער אזוי איז עס געווען — נישט אזוי פון רעליגיעזן געפיל ווי פון ליבע צו געזאַנג. דאָס פייערליכקייט פון יום־טוב אין דער באַלויכטענער שול, פון דער כל־נדרי ביז נעילה, וועלן מיר קיינמאָל נישט פארגעסן.

און אָט איז שוין נישט ווייט פון סוכות. פון יעדן הויף הערט מען העמערלעך קלאַפּן — דאָס גרייט מען צו די סוכות. מען ברענגט סכך. עס קומען אָן די אתרוגים און לולבים,

וועלכע דער שמש טראָגט ארום פון שטוב צו שטוב. און די, וואָס האָבן נישט געהאַט די מיטלען צו קויפן דאָס בענטשן איבער אַן אתרוג אין זייער אייגענער שטוב, האָבן מקיים געווען די מצווה מיטן קהלשן אתרוג און לולב אין שול. און פאר הושענא־רבה איז געווען ווער ס׳האָט פאַרזאָרגט הושענות, גרינע צווייגלעך פון ווערבעס געבונדן אין בינטלעך צו קלאַפּן מיט זיי ביי דער ספּעציעלער תפילה ביז אַלע בלעטלעך פאַלן אראָפּ.

די יידן פון אונדזער שטעטל האָבן זיך געמיט צו היטן מיט גרויס אַכט אַלע יידישע טראַדיציעס און מנהגים, כאָטש דאָס מאָדערנע לעבן האָט שוין געהערשט אין שטעטל. און אזוי האָט זיך געצויגן, פון יום־טוב צו יום־טוב, דאָס יידיש לעבן ווי אין די אַמאָליקע צייטן. אָבער פיל האָבן שוין געלעבט פריי, געקעמפט מיט א סך גלויבנס און מנהגים, און מיט אנדערע שלום געמאַכט און נאָכגעגעבן — אַלט און ניי האָט געשפּינט דאָס יידישע לעבן צוזאמען.

מיטן אויפשטייג פון דעם ציוניזם אין אונדזער שטעטל — דוקא דורך דער יוגנט, דורך דער גרעסטער באוועגונג ״השומר הצעיר״ — איז צוגעקומען א נייע שיכט צו אונדזער יידישעס לעבן. געקומען די צייט פון נאַציאָנאַלער שטאַרקער אויפוואכונג, ווייל די שנאת ישראל און דער עקאָנאָמישער קאַמף געגן די יידן האָבן ענג געמאַכט אונדזער לעבן אין פוילן ביז דערשטיקונג. די פּאָליטיק פון דעם אָוושעם (Owszem) איז געוואָרן די אָפיציעלע פּאָליטיק פון דער סאַנאַציע פּאַרטיי, וועלכע האָט געהערשט אין לאַנד ביזן אויסברוך פונם קריג און האָט פּאַקטיש ערלויבט א טייל פון די געזעצן פון עקאָנאָמישן באָיקאָט אויף יידן. מיט דעם האָט זי זיך קאָנקורירט מיט דער ענדעציע, וועלכע האָט געפּאָדערט א פיזישע מלחמה געגן די יידן ביז זיי וועלן ארויסגעריסן ווערן פון פוילן מיט אלע מיטלען.

דאָס לעבן איז געוואָרן טרויעריקער, די יום־טובים זענען געוואָרן אומעטיקער, ד־דאגות גרעסער — צוליב דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, וואָס איז געוואָרן אומבאַצאָמט אנטיסעמיטיש אונטער דער השפעה פון אויפשטייגנדעם היטלעריזם אין דער שכנותדיקער דייטשלאַנד, וועלכער האָט געדראָט צו דערטרינקען די גאַנצע וועלט אין אַ באַד פון בלוט. און דער ערשטער קרבן זענען געווען מיר, די יידן.

## יידישע דערציונג און שולעס אין שטעטל

די יידישע דערציונג איז געווען רעליגיעז געשטימט, אזוי ווי דאָס גאנצע לעבן אין שטעטל, אָבער מיט דער צייט איז זי אונטערגעגאַנגען אַ פּראָצעס פון סעקולאריזאציע. די אלע ענדערונגען האָב איך געפילט אויף זיך. שוין אַלס קינד האָב איך דורכגעמאכט דעם געראַנגל צווישן רעליגיעזער און וועלטלעכער דערציונג. איך האָב אָנגעפאַנגען אין ״חדר״ און דורכגעגאנגען פון איין ״זמן״ צו אן אנדער ״זמן״ אין פארשידענע ״חדרים״, אָנגעהויבן מיטן ״חדר מתוקן״ פון **שראַן**, דורך די ״חדרים״ פון די מלמדים **אביגדור גרינבערג, מנדל אבאַיס, רפאל־הירש** און אנדערע.

דאָס לערנען אין ״חדר״ איז געווען אויסגעדראָשן און לאנגווייליק. די מערסטע מלמדים זענען געווען אַלטע מענטשן, אָן קיינע פּעדאַגאָגישע בילדונג און אָן א ברייטן ערציערישן האָריזאָנט. די קינדער פלעגן געשטראָפט ווערן און כאַפּן שמיץ אויף יעדער קלענסטער עבירה געגן שווערן אָנגענומענעם רעזשים פון א ״חדר״. דאָס איז געווען אַן אָפּגעשטאַנענע דערציערישע סיסטעם, וואָס האָט שוין לאנג געדארפט פארשווונדן ווערן. די איינציקע

פארוויילונג און אויסלאַדונג זענען געווען די טראַדיציאָנעלע קינדער־שפּילן ווי די מעטא ( אַ שטעקל מיט א פּילקע), דער פּאלאנט (א שטעקל מיט א שטיקל האָלץ) און אנדערע. פארשטייט זיך, אז די קינדער זענען נישט געווען גליקליך אין לאנגווייליקן "חדר", בשעת עס רופט זיי אן אַנדער דערציונג, א פרייערע און מער פאַרגעשריטענע.

דערווייל איז דערציונג געוואָרן פארפליכטעט דורכן געזעץ אין פּוילן און דאָס וויסן די פּוילישע שפּראַך און קולטור איז געוואָרן א נויטווענדיקייט פון לעבן און א באַדינגונג צו ענטוויקלונג. דאָס האָט בעוויגן אויך ביי מיינע פרומע עלטערן און זיי האָבן באוויליקט מיך צו שיקן אין יידישן וועלטליכן פאָלקס־שול, ווו מען האָט געלערנט מיט א בלויזן קאָפּ און די אונטערריכטונגס־שפּראַך איז געווען פּויליש. און דאָך איז עס געווען אַ יידישע שולע. די שילער און לערער און דירעקטאָר זענען געווען יידן, און אויך די אַטמאָספער איז געווען יידיש. אויך די הייזער, אין וועלכע די שולע איז איינגעשטאנען, האָבן געהערט צו יידן. עס זענען געווען די הייזער פון דער באַרימטער פאַמיליע סעגאַל, וואָס די פּאַליאַקן האָבן עס קאָנפיסקירט פאר א שולע, נאָך דעם וואָס די סעגאלס האָבן פארלאָזן רוזשאן אין צייט פון די באָלשעוויקעס. דאָס איז געווען דער ערשטער דורכבראָך פון יידישע קינדער און יוגנטליכע פון דער עקסקלוזיווער טראַדיציאָנעלער דערציונג צו א וועלטליכער דערציונג און צוזאמען יינגלעך מיט מיידלעך. איך געדענק גוט די נייגעריקע בליקן, וואָס מען האָט געוואָרפן זעענדיק א יינגל זיצט נעבן א מיידל אויף איין באנק אוןביידע... שעמען זיך.

נאָך די לעקציעס אין דער שולע, מיטאָג־צייט, פלעג איך גלייך אוועקגיין אין "חדר" און לערנען דאָרט ביז אין אָוונט. דער קלעם איז געווען גרויס. דער "חדר" האָט אויפגעהערט פאַלקאָם מיך צו אינטערעסירן, און ס'האָט גאָר נישט געהאָלפן דער שווערער דרוק פון



בי"ס "יבנה" בהנהלת לבקוביץ', גרינשפן, אלתר פרל בל"ג בעומר.
"יבנה" שולע אין רוזשאן.

מיינע עלטערן איך זאָל אָפּהיטן די טראַדיציאָנעלע דערציונג. פון שלום־בית וועגן האָב איך מיך באַמיט צו טאָן מיינע עלטערנס ווילן, אָבער איך האָב גוט געוווּסט, אַז די שולע איז מיר נענטער צום הארצן און ענטפערט בעסער אויף מיינע באַגערן און באַדערפענישן.

די שולע אין רוזשאַן האָט געהאַט אַ באַזונדערע ענטוויקלונג. צוליב דער יידישער ווירקליכקייט פון שטעטל האָט מען געמוזט פירן אַן אַלגעמיינע פּאָלקס־שולע נאָר פאַר יידישע קינדער מיט יידישע לערערס און פּארוואַלטערס. חוץ דעם האָט עקזיסטירט אַ שולע פאַר פּאָליאַקן. אין דער פּוילישער שולע האָבן געלערנט קינדער נישט נאָר פון שטעטל נאָר אויך פון אַלע אַרומיקע דערפער. די ביידע שולעס האָבן נישט געשטערט איינע דער צווייטער. אָבער ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך פאַרשטאַרקט, האָט מען אויך אויף דעם געביט אָנגעהויבן קוועלן די יידן. מען האָט געצווּוּנגען איינצופירן לעקציעס פון דער פּוילישער שפּראַך אויך אין די "חדרים" כדי די רעליגיעזע קינדער, וועלכע באַזוכן נישט די אַלגעמיינע פּאָלקס־שול, זאָלן זיך באַקענען מיט דער פּוילישער קולטור. דאָס איז געווען, אייגנטליך, אַן אָנערקענטער שריט אויסצוקומען מיטן געזעץ פון צוואַנגס־דערציונג.

מיט דער צייט איז פאָרגעקומען אַ ווייטערע ענטוויקלונג. די אַנטיסעמיטן האָבן נישט גערוט. זיי האָבן נישט געקענט זען אַ יידישע אומאָפּהענגיקע שולע. איז אַרויס אַ גזירה, מען זאָל די העכסטע צוויי קלאַסן, זעקסטע און זיבעטע, אַריבערפירן אין דער פּוילישער שולע און צוזאַמענמישן די יידישע קינדער מיט די פּוילישע. דאַן איז ענטשטאַנען די פּראָבלעם פון לערנען שבת, וואָס קיין יידישעס קינד האָט דאָס נישט אַרויפגעלאָזט אויפן זינען. מיר האָבן באַשלאָסן אויף אַ שטרייק פון שילערס און נישט געגאַנגען לערנען. עס הט זיך אָנגעפאַנגען אַן עפנטליכער גערודער פון די פירערס פון שטאָט. עס איז אוועק־געפאָרן אַ דעלעגאַציע פון עלטערן אין די קרייז אַנשטאַלטן מיטן ציל צו לאָזן אַלע קינדער אין דער יידישער פּאָלקס־שול. די דעלעגאַציע איז געקומען צוריק פאַרשעמט און מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. איך געדענק מיין פאָטער, וואָס איז געווען איינער פון דער דעלעגאַציע, ווי ער איז צוריקגעקומען פון מאָקאָוו און טרערן שטיקן זיין האַלז. מען האָט געמוזט זיך אונטערגעבן און אַראָפּשלינגען אויך די גזירה.

מיר האָבן געלערנט נאָר פינף טעג אין דער וואָך, און דאָס האָט זייער באַשווערט אויף אונדז. דער אַנטיסעמיטיזם צווישן די קינדער און די לערערס האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. אונדזער דערציער פּענזשינסקי איז געווען ממש אַ גראָבער יונג און פלעגט אונדז דערגייען די יאָרן מיט זיינע אַנטיסעמיטישע פּראָוואָקאַטיווע פראַגעס. מיינע חברים פון זעלבן קלאַס דערמאָנען מיר ביז היינט דעם ביטערן דיספּוט צווישן מיר און אים וועגן דער לאַגע פון די פּוילישע יידן צוליב די עקאָנאָמישע אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון גראַבסקי. צום ענדע דיספּוט, ווען פּענזשינסקי האָט שוין מער נישט געקענט זיך ווערן געגן מיינע טענות וועגן דער שלעכטער באַציונג צו די פּוילישע יידן, האָט ער אויסגעשריען צו מיר אין כעס און מיט רשעות:

"רעד נישט מער! דו רעדסט ווי אַ קאָמוניסט!"

פאַרשטייט זיך אַז איך האָב געשוויגן. אָבער מען האָט מיך גערופן צו אַן אויפקלערעניש ביים דירעקטאָר זיבלעווסקי, אין דער אָנוועזנהייט פון גלח. מען האָט אויך גערופן מיין פאָטער און אים דערציילט וואָס פאַר אַ בונטאַרער זון איך בין. עס איז געווען אַ שטורעם אין לעבן פון קלאַס און אויך אין מיין לעבן, און איך בין אין גאַנצן אַ ייִנגל פון

דרייצן יאָר. דער געפיל וועגן וואָס עס ערוואַרט אונדז איז אריינגעדרונגען טיף אין מיין נשמה און האָט מיך געוועקט צו באטראכטן מיין ווייטערדיקן וועג אין לעבן.

אין דעם קלאַס, אין דעם ערשטן יאָר פון אריבערגאנג אין דער פוילישער שולע, זענען מיר נאָך געווען אַ געאייניקטער יידישער קלאַס. אָבער אַ יאָר שפּעטער, אין זיבעטן קלאַס, זענען מיר שוין געווען א געמישטער קלאַס און דאָס לעבן איז געוואָרן שווערער. בכוונה האָט מען געגעבן שבת ערנסטע לעקציעס, כדי מיר זאָלן געשטרויכלט ווערן. די דיספּוטן און צוזאמענשטויסן צווישן אונדז און די פוילישע קינדער זענען געווען אַ טאָגטעגליכע ערשיינונג. מיר האָבן זיך באַקלאָגט אָבער אויך געקעמפט, און אזוי האָט זיך עס געצויגן ביזן ענדע פון לערן־יאָר. נאָר די לעקציעס פון רעליגיע (דאָס הייסט יידישע געשיכטע) פון **אריה** (**לייבל**) **בוכנער** זענען געווען א ליכטיקער שטראַל אין אונדזערע שעה׳ען אין דער שולע.

צוליב דער לאָגע האָט זיך די שולע אין סעגאַלס הייזער זיך פאַרמינערט ביז פינף קלאַסן. שפּעטער צו, ווען דער יידישער דירעקטאָר **רינג** איז באַשולדיקט געוואָרן אין קאָמו־ניסטישער טעטיקייט, האָט מען די שולע געשטעלט אונטערן אויפזען פון דעם פוילישן דירעקטאָר און זי האָט פארלאָרן איר לעצטע אומאָפּהענגיקייט.

די ענטוויקלונג פון דער ״השומר הצעיר״ באוועגונג, וואָס איז אריינגעדרונגען אין דער שולע, האָט באוויזן דער יוגנט דעם וועג צו א בעסערער צוקונפט. דער טרוים וועגן דער ציוניסטישער לייזונג פון דער יידן פראגע, וואָס ווערט שווערער און שווערער, האָט געגעבן א פרישן טעם אין אונדזער לעבן און האָט גרינגער געמאַכט די שוועריקייטן.

### ״השומר הצעיר״ אין ריזשאָן

די ״השומר הצעיר״ באוועגונג איז אויפגעשטאַנען, ווי פריער געזאָגט, אין דער שולע. דאָ האָבן זיך אָרגאַניזירט גרופּעס פון ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס א באַזונדערער צויבער איז געווען אין זייער שטיפערישן צוזאמענזיין. עס האָט זיך באוויזן צווישן אונדז די גרויע, שומרישע בלוזקע און די סקאַוטישע בינדע; עס האָבן אונדז באַאיינדרוקט די עמבלעמען פון די שומרישע שיכטן; עס האָט געקלונגען די שומרישע ברכה ״חזק ואמץ!״ און נאָך אזעלכע איינדרוקמאכנדע ערשיינונגען. דאָס האָט מיך נייגעריק געמאַכט. איך האָב זייער געוואָלט זיין מיט זיי, איינער פון זיי, אָבער איך האָב מורא געהאַט פאַר מיינע עלטערן. איך בין אויך נישט געווען זיכער, אויב איך וועל אויסהאַלטן די פילזייטיקע טעטיקייט: אין דער שולע, אין ״חדר״ און אויך אין דער באוועגונג. איך האָב מקנא געווען מיינע חברים, וועלכע זענען געווען פריי שוין אין דעם עלטער צו טון ווי זיי ווילן. דער פאַרבאָט אויף דער באוועגונג אין מיין הויז איז געווען שטרענג און אַבסאָלוט. אָבער עס האָט מיך אזוי געצויגן צום פרייען לעבן אין דער יוגנט־באוועגונג, אַז איך האָב דאָך באַשלאָסן זיך אָנשליסן אין אַ גרופּע, וואָס האָט זיך דאַן געשאַפן.

אין יענער צייט איז שוין דער שומרישער ״קן״ געווען פול אָרגאַניזירט, מיט אלע שיכטן, קבוצות, גדודים און אָנפירונגס אַנשטאַלטן. איך געדענק אז מיין ערשטער ראש־קבוצה איז געווען **דויד אַבלאַדזינער** (וואָס קיין אמעריקע) און ער האָט דאָס אונדזער גרופּע צוזאמענגעקליבן. די ״אסיפות״ פלעגן פאַרקומען אין דער פרייער נאַטור זומערצייט, און אין זיין הויז אין שלעכטע וועטערן און ווינטער. די קבוצה האָט געהייסן ״בנימין״. חברים אין דער קבוצה זענען געווען **אלטער ראָזנפעלד** (היינט אין טבריה), **צבי שעלונטשיק**

(אין פאריז), זאב קוואַרטאָוויטש (אין אורוגוואי), יצחק גרודע און יעקב (יאָקל) ניימאַן (אומגעקומען דורך די נאציס), זאב סאַפּירשטיין (אין ארגענטינע) און נאָך עטליכע, וועלכע זענען געווען מיט אונדז א קורצע צייט און זענען אומגעקומען מיט אלע פּוילישע יידן.

ווינשנסווערט צו דערמאָנען די באַדינגונגען און באָדן פארן ענטוויקלען זיך פון דער באוועגונג אין אונדזער שטעטל. קיינע קולטור־אַנשטאַלטן און פארווייליונגען זענען דאן אין רוזשאן נישט געווען, אפילו נישט קיין קינאָ. עלעקטריע איז איינגעפירט געוואָרן ביי אונדז אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן. אַ קליינער אינדזל פון עלעקטרישער באַלייכטונג איז געווען אין בעקערס אונטערנעמונגען און די הייזער ארום זיי. די קולטורעלע טעטיקייט האָט זיך געפירט אין די לאָקאַלן פון די פּאַרטייען, אָבער דאָס איז געווען נישט מער ווי פאָרשטעלונגען פון ליבהאָבער, פארשיידענע אימפּרעזעס און פאָרלעזונגען פון רעפערענטן, וועלכע פלעגן קומען פון די ארומיקע שטעט. דאָס האָט נישט באַפרידיקט די יוגנט.

די פאָרמעלע דעמאָקראַטיע און די יידישע נויט אין פוילן האָבן געשאַפן גוטע באַדינגונגען פאר געזעלשאַפטליכער און פּאָליטישער ענטוויקלונג ביי די יידן, און ספּעציעל — ביי דער יוגנט. די פילפארביקייט פון יידישע פארטייען און באוועגונגען האָט באַצייכנט אויך רוזשאן. אונדזער פּאָליטישן און גייסטיקן "שפּייז" האָבן מיר געשעפּט פון די יידישע טעגליכע צייטונגען און פעריאָדישע זשורנאלן און אויך פון דער אָרטיקער ביבליאָטעק. די יידישע ווירקליכקייט, אויפן גרונט פון דער פוילישער רואינירטער עקאָנאָמיע, איז געשטאַנען אונטערן שאָטן פון דעם גיפטיקן אנטיסעמיטיזם. די יוגנט האָט געפילט אז די ערד ברענט אונטער די פיס. די יוגנט האָט געזוכט א בעסערע און זיכערערע צוקונפט. דער ציוניזם איז געווען א רעאלער וועג צו לייזן די יידישע פראגע. די ציוניסטישע באוועגונג האָט זיך פארשפּרייט און פארשטארקט אויך דורך דעם, וואָס זי האָט געקעמפט פאר די יידישע רעכט אין דער דעמאָלטיקער פוילן.

די באוועגונג פון "השומר הצעיר", מיט איר ציוניסטישער און חלוצישער פּראָגראַם האָט געצויגן די יוגנט. אירע דערציערישע טעטיקייט פאַר נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און חלוצישער פארווירקלעכונג אין ארץ־ישראל איז טיף אריינגעדרונגען אין לעבן פון דער יוגנט אין שטעטל. אין דער דאָזיקער ווירקליכקייט האָט זיך אָרגאַניזירט דער קן פון "השומר הצעיר" אין רוזשאן, וואָס האָט געפירט א ברויזנדע טעטיקייט א סך יאָרן, ביזן אומקום. די יינגסטע שיכט האָט געהייסן "צופים צעירים" און "צופים בוגרים"; און די עלטסטע האָבן געהייסן "קשישים". יעדע שיכט האָט געלעבט איר לעבן אין די ראמען פון קבוצה, גדוד און עדה. די דערציונג איז געווען פּילזייטיק. די צופיות (סקאוטיזם) האָט געגעבן די יוגנטליכע א געפיל פון אויסלאַדונג און פולע פרייהייט דורך די ספּאָרט־איבונגען און מאַרשיראָווקעס אין געמיינזאמען ריטם, אַ דאנק די סקאוטישע שפּילן אין דער פרייער נאַטור, קולטורעלע אָוונטן, אויספלוגן צופוס, זומער קאָלאָניעס (מושבות) פון מלאווער גליל און באגעגענישן מיט די קנים פון "השומר הצעיר" אין די שכנותדיקע שטעט.

די קולטורעלע טעטיקייט איז באַשטאַנען, קודם כל, פון ציוניסטישע און ארץ־ישראלדיקע טעמען, געשפּרעכן און לייענען וועגן דער "השומר" אָרגאַניזאציע און די גבורה פון די שומרים. דאָס לייענען גוטע און אקטועלע ליטעראטור איז געווען באגלייט מיט הייסע דעבאַטן און ליטעראַרישע "פּראָצעסן". קיין גימנאזיע איז אין אונדזער שטעטל נישט געווען, דערפאר איז דער קן געווען א באַזע פאר זעלבסטענטוויקלונג, האָט געגעבן חשק צו לייענען און אריינגעבראכט קולטור צווישן דער יוגנט.



קן ״השומר הצעיר״ בל״ג בעומר ביער האלונים.
דער קן פון ״השומר הצעיר״ ל״ג בעומר אין דעמבאָוון וואלד.

צו א גרויסן שוווּנג האָט געבראַכט דעם קן דאָס אריבערגיין אין דעם רחבותדיקן לאָקאַל אין הויז פון די בוכנערס. דאָס איז געווען דער גרעסטער און שענסטער לאָקאַל אין שטעטל. זיינע פענצטער האָבן ארויסגעקוקט אויפן מארק, אויפן צענטער פון שטאָט. מיר האָבן אויסגעפוצט די ווענט מיט בילדער און לאָזונגען פון אַקטועלן און שומרישן אינהאַלט. דער לאָקאַל איז געווען פול מיט לעבן און יוגנט־פרייד. די קלאַנגען פון שומרישן געזאַנג און דער ריטם פון אַ שטורעמדיקן הורה, שבת און יום־טוב, פלעגן זיך טראָגן פון די פענצטער פון צווייטן שטאָק און קלינגען ווייט ארום. זיי האָבן גערופן די יוגנט זיך אָנשליסן אָן דעם לעבנס־שטייגער, וואָס איז אייגנטליך געווען אַ רעוואָלט געגן די יידישע ווירקלעכקייט אין שטעטל. מאַנכמאָל האָט דאָס געשטערט די שכנים אָדער אויפ־גערעגט די גויים, וועלכע האָבן זיך געבייזערט אויף דער ״יידישער חוצפה״, אָבער זיי האָבן דאָס געמוזט אָננעמען ווי אַ פאַקט און קיין זאך נישט געקענט טון.

דער קן איז געוואָרן אַ קולטורעלער און געזעלשאַפטליכער צענטער און האָט צוגעצויגן פילע יוגנטליכע. דאָרט האָבן מיר געהאַט אונדזער ביבליאָטעק, א גאנץ גרויסע, וואָס איז געווען אָפן פאר יעדן איינעם. מיר האָבן דאָרט געהאַלטן נאָר גוטע ביכער און די יוגנט האָט פיל באזוכט דעם ווינקל פון וויסן און בילדונג.

די ״השומר הצעיר״ באוועגונג אין אונדזער שטעטל איז באשטאנען מערסטנס פון שילערס, אָבער אויך פון יוגנט וואָס האָט געארבעט אָדער נישט געהאַט קיין באשעפטיקונג. אין אלע קרייזן פון דער יוגנט איז די באוועגונג אריינגעדרונגען און האָט באַרייכערט זייער

לעבן מיט גייסטיקייט און אידעאלן. זי איז געווארן א צענטער פון קולטורעלער און געזעלשאפטליכער טעטיקייט.

מיט דער צייט האָבן זיך פארשארפט די פּראָבלעמען פון די עלטערע חברים. זייער שטרעבונג איז געווען קלאר: פּראָדוקטיוויזירונג און הכשרה כדי עולה צו זיין. די עליה קיין ארץ־ישראל איז געווען דער חלום און אידעאל פון אונדז אלע. דאָס ארויסגיין אויף הכשרה און דאָס גרייטן זיך צו דער עליה האָט פאראייניקט אלע עלטערע חברים אין זייער טעטיקייט פאר דער באוועגונג און אויך אין געזעלשאפטליכן לעבן פון שטעטל. ארום קן פון "השומר הצעיר" אין רוזשאן האָבן זיך קאָנצענטרירט אלע טאטן פון "החלוץ", דאָס אַרבעטנדע ארץ־ישראל, די נאַציאָנאלע פאָנדן, דער ציוניסטישער שקל, די וואלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס און נאָך אנדערע. כאָטש דער מורשה פון קרן־קימת אין רוזשאן, **משה־אהרן פריזאנט**, ווערלכער איז געווען אן אלגעמיינער ציוניסט, אָבער ער איז געווען פון די איינציקע אין שטעטל. דער באַזיס און הויפּט־פאַקטאָר פון דער ציוניסטישער טעטיקייט אין רוזשאן איז געווען דער קן פון "השומר הצעיר".

ווי פריער געזאָגט, דער סטימול אין דער שיכט פון די בוגרים איז געווען די עליה קיין ארץ־ישראל, און זי איז שטענדיק געווען אין א פארקערטער פּראָפּאָרציע צווישן דער נויטווענדיקייט און די מעגליכקייטן. פּאַראַלעל צו דער לאגע אין דער עליה איז דער קן געשטיגן אָדער געזונקען. ווען די אָנפירערס פון קן פלעגן עולה זיין, האָט זיך די הנהגה געביטן. (לויט דעם פלעגן מיר רופן די תקופות אין אונדזער קן: די תקופה פון **אריה בוכנער, די תקופה פון חיים פערל** אאז"וו.) די לאגע אין דער עליה האָט באַשטימט די לאגע פון דער גאנצער באוועגונג. ווען ס'איז געווען א גרעסערע עליה, האָט זיך דער קן פארברייטערט, און פארקערט.

די פּראכטפולע תקופה פון "השומר הצעיר" אין רוזשאן איז געווען די תקופה פון **אריה בוכנער** ז"ל, דער באַגאַבטער לערער און דערציער, וועלכער האָט געגרינדעט דעם קן און איז פילע יאָרן געווען זיין פירער, ביז זיין עליה קיין ארץ־ישראל. אים האָבן מיר צו פארדאנקען אלעס שענסטע און בעסטע אין לעבן. נאָך זיין עליה האָט פארנומען זיין פּלאַץ **חיים פערל** ז"ל, אויך א לערער און דערציער און אויך געענדיקט א לערער־סעמינאַר. אין זיין תקופה בין איך נישט געווען אין שטעטל, ווייל כ'האָב געלערנט אין ווארשע, אָבער איך האָב געהיט דעם קאָנטאַקט מיטן קן בעת כ'פלעג באַזוכן דאָס שטעטל אין די פעריען און יום־טובים.

און אָט איז געקומען א נייע תקופה — א מאַסן ארויסגיין אויף חלוצישער הכשרה, און זי האָט מיך אויך ארייַנגעצויגן. לויט דעם רוף פון דער באוועגונג האָב איך איבער־געריסן דאָס לערנען. נאָך חיים פערלס עליה האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ **יצחק סענ־דאַראָוויטש**. אין דער תקופה איז די עליה זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן. הלוצים זענען געווען א לאַנגע צייט אויף הכשרה און פילע האָבן פאַרלוירן דאָס געדולד און גענומען זוכן אַ פּריוואַטע לייזונג אין פארשידענע ריכטונגען. אונדזער קן האָט פארלאָרן פיל חברים. אַ טייל האָט פאַרלאָזן די באַוועגונג, ווייל זיי האָבן נישט געזען קיין אויסזיכט צו עליה. צוליב דער שווערער לאַגע האָט מען מיך אָפּגערופן פון הכשרה כדי צו פירן דעם קן צוזאמען מיט יצחק סענדאַראָוויטש. מיר האָבן געאַרבעט צוזאמען אַ לענגערע תקופה. עס איז געווען נישט לייכט צו שלעפּן דעם יאָך, ווייל די פארצווייפלונג איז ארייַנגעדרונגען אין דער באוועגונג.

מיטן אָנפאַנג פון דער אומלעגאַלער עליה, עליה ב׳, ווען ס׳האָט זיך באַוויזן אַן אויסזיכט עולה צו זיין, האָט זיך די לאַגע פון קן פאַרבעסערט. ער האָט ווידער גענומען זיך פאַרברייטערן. עס האָבן אונדז געפעלט מדריכים און מיר האָבן געלעגט פיל אַכט אויף דער טעטיקייט פון די בוגרים. מיר האָבן אפילו געפּרווּוט אָרגאַניזירן אַן אייגענע זומער־קאָלאָניע פון די יונגע שיכטן, ווייל די זומער־קאָלאָניעס פון גליל האט מען אנגולירט צוליב דעם וואַקסנדעם אנטיסעמיטיזם. איך דערמאָן מיך אונדזער לעצטע קאָלאָניע (מושבת קיץ), וואָס מיר האָבן אָרגאַניזירט אין אַ נאָענטן דאָרף צו רוזשאַן און וואָס האָט שיר זיך נישט געענדיקט מיט אַן אומגליק. מיר האָבן געהערט ביינאַכט, אַז די פּויערים גרייטן אַן איבערפאַל אויף אונדז, און מיר האָבן פאַרלאָזן פרי אויף צו מאָרגנס, ווען די פּויערים זענען ארויס צו דער ארבעט. מיר זענען אוועק צו דער צייט און אויסגעמיטן אַ זיכערן אומגליק.

ווען יצחק סענדאַראָוויטש איז עולה געווען, בין איך געבליבן אליין אָנצופירן דעם קן. איך האָב צוגעצויגן שבתאי כץ און גענומען אים צוגרייטן צו דער פליכט. דאָס איז געווען א שווערע און אינטערעסאַנטע תקופה. דעם גרויסן לאָקאַל אין צענטער פון שטאָט האָבן מיר שוין לאַנג פאַרלאָרן און מיר האָבן געדונגען אַן אנדערן (ביי רייטשיקן, אין האלערא גאַס). אין קן זענען אָנגעקומען צענדליקער פרישע יוגנטליכע און דער קן האָט זיך פאַרברייטערט; און אפילו דערמאָנט, רעלאַטיוו, די פאַרגאַנגענע גוטע טעג. ווערט צו דערמאַנען די אויפטרעטן און אימפּרעזעס, וואָס אין איינער פון זיי האָט זיך באַטייליקט שייקע וויינער פון דער הנהגה־הראשית. אין צענטער איז געשטאַנען די ארץ־ישראלדיקע פּאָעמע ״הרכבת״ (די באַן) פון אברהם שלאָנסקי, וואָס מיר האָבן אויסגעפירט מיט גרויס חן אויפן הינטערגרונד פון אימפּראָוויזירטע דעקאָראַציעס פון פּאַפּיר.

איך געדענק אונדזער לעצטן מיפקד פסח 1939. עס זענען געשטאַנען אין די שורות ביי הונדערט־און־פופציק חניכים, לויט זייערע גדודים און מיט זייערע פאַנען. אָבער איך בין געשטאַנען אַ פאַרקלעמטער. איך האָב געפילט אַז דער סוף דערנענטערט זיך. עס האָבן זיך נישט געפונען קיין נייע מדריכים, וועלכע זאָלן קענען ממשיך זיין די טעטיקייט פון קן. און אין הערבסט פון דעם זעלבן יאָר איז אויסגעבראָכן די מלחמה, און אַלץ איז איבערגעריסן געוואָרן.

## דאָס געזעגנען זיך מיטן שטעטל

מאַי 1939.

א געוויינליכער פרייטיק, אַ מאַרק־טאָג, ערב שבת אין שטעטל. כ׳בין ארויס פון מאַגיסטראַט נאָך דעם ווי כ׳האָב דאָרט געמאכט די נויטיקע פאָרמאַליטעטן פאַר מיין עליה קיין ארץ־ישראל. נאָענט דערביי האָט געקלונגען הויך דער קול פון ראַדיאָ, וואָס האָט געוועקט אויפמערקזאַמקייט ביי די מענטשן אפילו אין דעם רוישיקן מאַרק־טאָג. עס האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן יידן מיט גויים צוזאַמען. די שטימע פון פּוילישן אויסערן־מיניסטער יוזעף בעק האָט זיך געטראָגן פון ראַדיאָ. ער האָט גערעדט וועגן די דייטשע פאָדערונגען בנוגע דעם דאַנציגער קאָרידאָר. די אינטערנאַציאָנאַלע שפּאַנונג איז געקומען צו איר הויכפּונקט. דער מיניסטער האָט דעקלאַרירט, אַז פּוילן וועט קעמפן אויף לעבן און טויט אין פאַל פון אַ נאַציישער אינוואַזיע. די גויים ארום האָט עס באַגייסטערט, אָבער איך האָב געהאַט א שווער געמיט. דער באָדן ברענט אונטער מיינע פיס. כ׳האָב פאַרלאָזן דעם פּלאַץ.

אויף די ווענט זענען געווען אָנגעקלעפּט ענדעקישע פּלאַקאַטן מיט דער לאָזונג „קויפט נישט ביי יידן!" און באַגלייט מיט אנטיסעמיטישע קאַריקאַטורן. דאָס האָבן די ענדעקעס אָנגעקלעפּט נעבן מאַגיסטראַט אונטער די אויגן פון דער פּאָליציי. כ'האָב געפילט מיט מיין גאנצן וועזן דעם אָנקומענדן שטורעם.

און וואָס וועט זיין מיט די יידן?

איך בין געגאַנגען ווי א לונאַטיקער. ווען איך בין געקומען אַהיים, האָב איך געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד אויפן פּאָסט-טרעגער, אויף א בריוו מיט די לעצטע אינסטרוקציעס וועגן קומען קיין וואַרשע צום טראַנספּאָרט פון דער אומלעגאַלער עליה (עליה ב').

די מלחמה פילט זיך שוין אין דער לופטן, זי איז שוין נאָענט, אַ פראַגע פון וואָכן אָדער טעג. אין פּוילישן לאַגער פילט זיך אַ געוויסע אויפוואַכונג. מען גרייט זיך. עס ווערט פּראָקלאַמירט אַ זיכערקייט-אָנלייע. אויך די יידן ווערן גערופן אויסצופילן זייער „פּאַטריאָטישע פליכט" — אַט די יידן, וועלכע מען האָט אַזוי אויסגענוצט און באַיקאָטירט. דער ייד האָט זיך געפונען צווישן האַמער און קאָוואַדלע, און די פּרנסה קוועלן זענען פאַרמאַכט געוואָרן. נישט געקוקט דער עקאָנאָמישער אָרגאַניזירטער באָיקאָט, שלאָגט מען יידן און קיינעם אַרט עס נישט. די יידישע יוגנט ציט זיך צוריק און פאַרשליסט זיך אין אירע ד' אמות. די אָוונט-שפּאַצירן אויף דעם פּולטוסקער שאָסיי ווערן קירצער, מערסטנס ביזן „קרייץ" (ביים ווינקל וואָס פאַרבינדט די וויעמקאַ מיטן בריק). די געפאַר לויערט פון יעדער זייט. די יידישע יוגנט שפּאַצירט נאָר אויפן רינעק. די איינציקע טעטיקייט פירט זיך נאָר אין די יוגנט-באַוועגונגען, ספּעציעל אין „השומר הצעיר" אין זייער באַשרענקטן לאָקאַל.

יעדער זונטיק איז ווי א קאַשמאַר אין שטעטל. יידן פאַרשליסן זיך אין זייערע הייזער. שיכורע סאָלדאַטן, וואָס דרייען זיך ארום אין די גאסן, זענען א געפאַר פאַר יעדן יידן. מאַנכמאָל הערט מען געשרייען פון אַ געשלאָגענעם אָדער א גערודפטן יידן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. יעדן מאָל וואָס איך קום צוריק אַהיים, וואַרטן אויף מיר די משפּחה מיט גרויס אומרו. אַ שטיין גייט זיי אַראָפּ פון האַרצן, ווען זיי זעען מיך גאנץ און געזונט.

דאָס איז געווען די ווירקליכקייט אין אונדזער שטעטל און אין גאנצן פּוילישן יידנטום: אַנטיסעמיטיזם, עקאָנאָמישער באָיקאָט, די געפאַר פון דער נאַציסטישער דייטשלאַנד, פאַרמאַכטע טויערן פון ארץ-ישראל — קיין אויסוועג, אָן אַ האָפענונג!

מיר, די יוגנט, האָבן דאָך געזוכט דעם מאַרגן, אַ וועג ארויס פון דער שטיקעניש. איז טאַקע די בשורה וועגן דער עליה ב' געווען א שטראַל פון ליכט אין אונדזער פינצטערן לעבן. די, וועלכע האָבן זוכה געווען צו עליה, זענען געווען גליקליך. איך בין געווען צווישן זיי.

ענדליך איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דאַטום פון דער עליה. מיינע חברים האָבן באַקומען אויך א ידיעה ווו זיך וועגדן אין וואַרשע. איך האָב נישט באַקומען אזא ידיעה און מיין לאגע איז געווען נישט קלאָר. כ'האָב באַשלאָסן צו פאַרלאָזן צוזאַמען מיט זיי און פאָרן קיין וואַרשע. ווען איך בין געקומען אין דער הנהגה הראשית אין וואַרשע האָב איך זיך דערוווּסט, אז מיך האָט מען אָפּגעלייגט אויף דעם קומענדן טראַנספּאָרט. איך האָב זיי גלייך געמאָלדן,

אז איך בלייב און פאַר נישט צוריק קיין רוזשאַן. מען האָט מיר פאָרגעשלאָגן צו וואַרטן ביז מאָרגן, אפשר וועט עמיצער פון די באַשטימטע צו עליה נישט קומען. אויף מאָרגן האָט מען מיר אָנגעזאָגט, אַז צוויי האָבן אַנולירט זייער פאָרן און אַז עס איז דאָ אַן אָרט פאר מיר.

מיין מזל איז געווען גרויס, אָבער דאָך נישט פאָלקאָם, ווייל כ׳האָב געדאַרפט איינאָרדנען מיין באפרייאונג פון די מיליטערישע אינסטאַנציעס אין פּולטוסק. עס איז מיר געבליבן נאָר 48 שעה ביז מיין פארלאָזן דאָס פּוילישע ערד. עס איז געווען זייער דרינגנד און כ׳האָב באַשלאָסן זאָפאָרט צו פאָרן קיין פּולטוסק און איינאָרדנען דעם ענין אויפן אָרט. נאָך א שווערער נסיעה בין איך אָנגעקומען קיין פּולטוסק און גלייך זיך געווענדעט צו דער מיליטערישער מאַכט. עס האָט מיך אָנגענומען אַ פּוילישער אָפיציר, אַן אינוואַליד (אָן א האַנט), און עס האָט זיך ענטוויקלט צווישן אונדז אַן אינטערעסאַנטער שמועס וועגן די סיבות פון מיין פארלאָזן פּוילן. ער האָט אָנגעהויבן אויסגיסן זיין ביטער האַרץ פאר מיר, אָבער איך האָב זיך ארויסגעדרייט פון דער אמתדיקער סיבה און געענטפערט, אַז איך פאָר אויף אַ שפּאַציר. ער האָט געפּרוּווט מיר איבערצייגן, איך זאָל נישט פארלאָזן פּוילן, ווייל איר לאַגע איז שווער און זי דאַרף האָבן די יידן. צום ענדע האָט ער מיך געבעטן, איך זאָל אים וויינּיקסטנס צוזאָגן, אַז איך וועל קומען צוריק נאָך דעם "שפּאַציר". האָב איך דען געהאַט א ברירה? — "פארשטייט זיך, אז כ׳וועל קומען צוריק!" האָב איך אים פארזיכערט. ער האָט דאן פארקירצט די ביוראָקראַטישע פּראָצעדור און אין איין שעה בין איך שוין געווען אין דרויסן מיטן נויטיקן דאָקומענט אין האַנט. פארן ארויסגיין האָט ער זיך געזעגנט מיט מיר פריינדליך און מיר געווונטשן א גליקליכע רייזע.

עס איז מיר געבליבן צייט ביז מאָרגן אין דער פרי. ס׳איז געווען מיטאָג־צייט און כ׳בין געווען 31 ק״מ פון רוזשאַן, דאָך האָב איך באַשלאָסן זי צו באזוכן דאָס לעצטע מאָל. יענעם טאָג איז געווען אַ יאריד טאָג אין רוזשאַן. אַ טומל און אַ געפּילדער אין די גאסן. און ווידער זע איך די אַנטיסעמיטישע פּלאַקאַטן אויף די יידישע קראָמען און עלעקטריע־סלופּעס פון אונדזער שטעטל. די יידן, וועלכע איך האָב באַגעגנט, האָבן זיך געווונדערט און מיך געפרעגט, וואָס האָט פּאַסירט, אַז איך בין ווידער דאָ. מיין משפחה איז געווען שטאַרק איבערראַשט. איך האָב זיי דערציילט, וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט פאר די לעצטע צוויי טעג. מיר זענען געזעסן און געשמועסט וועגן דער פארגאנגענהייט. איך האָב געקוקט אויף מיינע משפחה מיטגלידער און טרערן זענען מיר געשטאַנען אין די אויגן. איך האָב געהאַט א געפּיל, אז מער וועל איך זיי נישט זען, אז מיר שיידן זיך אויף אייביק.

איך האָב באַשלאָסן צו פארלאָזן רוזשאַן דעם זעלבן טאָג, מיטן נאָכמיטאָגדיקן אויטאָבוס, און נישט וואַרטן אויף מאָרגן פרי. ווען כ׳בין געקומען אויף דער אויטאָבוסן־סטאַציע, האָט אויף מיר געוואַרט א וואַרעמער סיורפּריז. איך האָב געמיינט, אז נאָר ווייניקע האָבן מיך געזעען אָנקומען אין שטעטל, און דאָ זענען געקומען פילע מיך באַגלייטן: חברים פון דער באוועגונג, באקאַנטע און סתם יידן. ווער ס׳איז געקומען זיך געזעגנען, ווער שיקן א גרוס אין ארץ־ישראל און ווער זען א שטעטישן פארלאָזן דאָס לאַנד. ביז היינט קאָן איך נישט פארשטיין, ווי אַזוי האָט זיך פארשפּרייט די ידיעה וועגן מיין באזוך אין אזא רוישיקן טאָג ווי דער יאריד. דאָס איז געווען אַן איבערלעבונג, וואָס כ׳וועל קיינמאָל נישט פארגעסן.

ווען כ׳בין ארויפגעשטיגן אויפן אויטאָבוס, האָב איך אָנגעקוקט די פילע יידן, וועלכע

זענען געקומען באגלייטן זייערס א שטעטישן אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. אַ טרער איז אַראָפּגעפאַלן אויף מיין פנים, אַ טרער פון טרויער און פרייד צוזאַמען.

ביסט מיר טייער, רוזשאַן, אָן אַ שיעור...

נתן וויגאָדע / פתח־תקוה

## רוזשאַן, ווי קען איך דיך פאַרגעסן?

תדבק לשוני לחכי, אויב איך וועל דיך פאַרגעסן! און ווי קען מען פאַרגעסן אַלע אונדזערע הייליגסטע און טייערסטע? ווי קען מען פאַרגעסן דעם אָרט און די סביבה, די היים און די חברים, וווּ און מיט וועמען מיר האָבן זיך געפילט אַלס היינטצייטיקע מענטשן און ווערטיקע יידן.

אָט שטייען פאַר מיינע אויגן דאָס שטעטל רוזשאַן און איר אומגעגנט, די ווונדערלעכע נאַטור, די בערג, דער נאַרעוו, דער וואַלד, דאָס אַלדער בריקל מיט די גרויל־מעשיות וועגן אים. און אין זיי און אַרום זיי — מאַסן מיט יידן, יידן מיט טרויער אין די אויגן, מיט פחד פאַרן מאָרגן, און מיט הערצער פול מיט האָפנונג, אַז אויך ביי אונדז, ביים יידישן פאָלק, וועט זיין אַמאָל פרייד, וועלן נאָך קומען בעסערע צייטן.

וויפל גבורה, וויפל העלדישקייט, איז געלעגן אין יעדן איינעם פון זיי — און פון אונדז אַלעמען — כדי דורכצולעבן די שנאה און דעם האַס פון דער אַרומיקער סביבה און פון זייערע מאַכט. ווער קען זאָגן, אַז אָט די ברידער אונדזערע זענען געגאַנגען מיט הכנעה צו דער שחיטה, ווי מען פרוווט וועגן דעם דערציילן. וויפל גבורה, וויפל העלדישקייט האָבן אַרויסגעוויזן אונדזערע רוזשאַנער יידן, וואָס האָבן נישט איינמאָל אָפּגעשטויסן אַנטיסעמיטישע איבערפאַלן און פּאָגראָמען.

רוזשאַן איז געווען אַ שטעטל מיט לערנער, סוחרים און בעלי־מלאכות, מיט אַרבייטער, מיט פאַראיינען, ביבליאָטעקן, אָוונט־קורסן, פאַרלעזונגען, ספּאָרט־קלובן, דראַמע־קרייזן און פיל אַנדערע.

אַ שבת אין שטעטל — יידן אין די זיידענע קאַפּאָטעס, יידן שבת׳דיק געקליידעט, גייען אין די בתי־מדרשים; יונגעלייט און יונגוואַרג גייען אין זייערע פאַראיינען; און אַלץ האָט איין שטרעבונג, איין האָפנונג, איין ווילן — צו לעבן ווי יידן. אָט די דאָזיקע אומשולדיקע קדושים, זיי זענען דאָס אומגעקומען מיט אַלערליי שוידערליכע טויטן — פאַר וואָס? פאַר ווען? נאַר דערפאַר, ווייל זיי זענען געווען יידן!

די היטלעריסטן מיט זייערע צוהעלפער האָבן געוואָלט אויסמעקן פון דער וועלט און פון דער געשיכטע איינס פון די עלטסטע פעלקער. און די הערשער פון דער גאַנצער וועלט האָבן צוגעקוקט און געשוויגן. ווי זשע זאָלן מיר זיי פאַרגעסן? ווי קענען מיר זיי פאַרגעסן? ווען מיר, פאַרקערט, פּראָטעסטירן און פאָדערן, עס זאָל נישט געשענקט ווערן די נאַצישע רוצחים, וועלכע דרייען זיך נאָך איצט אַרום פראַנק־און־פריי איןביידע זייטן פון דייטשלאַנד און אין עסטרייך. מיר וועלן שרייען און רופן צום לעצטן ביסל

געוויסן פון דער וועלט: דערלאָזט נישט, אַז דער געזעץ זאָל שענקען די נאַציס און עס זאָל זיי פאַרגעסן ווערן זייער שוידערלעכער זינד!

מדינת ישראל, וואָס איז אויפגעשטאַנען נאָכן אומקום פון די זעקס מיליאָנען קדושים, דאַרף און וועט אַריינגעמען אין זיך זייער הייליקן זכר. פילע פון זיי וואָלטן געקאָנט היינט דאָ זיין מיט אונדז און פאַרגרעסערן דעם ישוב, פאַרשטאַרקן אונדזער כוח און באַפרוכט־באַרן אונדזער ערד.

לאָמיר זיי געדענקען, און אין געדענקען שווערן: נישט פאַרגעסן דעם אומגעהויערן פאַרברעכן פון די נאַצישע באַנדעס און זייערע צוהעלפער! טון אַלץ, אַז אונדזער מדינה זאָל ווערן שטאַרקער, ווייל אַ יידישע מדינה איז די איינציקע גאַראַנטיע, אַז אַזאַ אומגליק זאָל זיך מער נישט איבערחזרן!

משה ביילים / ניו־יאָרק

# פון הייטערער קינדהייט ביזן פינצטערן סוף

## פאַרוואָס אַ בוך?



רוזשאַן — אַ קליין שטעטל אין פוילן, וווּ מיר זענען געבוירן געוואָרן און געשטעלט די ערשטע שריט אויף גאָטס ערד. קיין שום אויסערגעוויינלי־כעס איז קיינמאָל אין רוזשאַן נישט געשען, נישט ביי די יידן און אויך נישט ביי די פּאָליאַקן. קיין באַרימטע פיגורן האָט רוזשאַן נישט אַרויסגעגעבן. אפילו קיין מיליטערישע שלאַכטן פון היסטאָרישן באַדייט זענען נישט פאַרגעקומען ביי רוזשאַן, אַזוי ווי, למשל, אין דער דערבייאיקער אָסטראָלענקע אָדער פּולטוסק. דאָס שטעטל איז געווען פאַרשלאָפן, ווי פאַרגעסן, כאָטש עס איז געלעגן אויפן שליאַך צווישן ביאַליסטאָק און וואַרשע. טאָ פאַרוואָס זשע שרייבן וועגן רוזשאַן? — נאָר כדי אָפּצוגעבן כבוד די אומשולדיק אומגעקומענע יידן, אונדזערע קרובים און יוגנט־חברים, די מיט וועלכע מיר זענען געזעסן אויף איין חדר־באַנק אָדער אויף איין שול־בענקל. און אָנפאַנגען דאַרף מען מיט די קינדער־יאָרן.

## לערנען, קולטור און גייסטיק לעבן

די חדר־יאָרן. אין געדאַנק איז געבליבן איינגעקריצט דאָס געפיל פון מורא: מורא פאַר דעם גויישן הונט, וועלכער איז דיר נאָכגעלאָפן און געוואָלט בייסן; מורא פאַר דעם פּוילישן יונגן כוליגאַן, וואָס האָט דווקא געוואָלט באַווייזן זיין "העלדישקייט" אויף

דעם קערפּער פון אַ פינף אָדער זעקס יעריקן יידישן ייִנגל; אויך מורא פאַר דעם מלמד האָט זיך איינגעבאַקן אין זכרון.

אין שולע איז מען געגאַנגען אין דער פרי, אין חדר דעם גאַנצן נאָכמיטאָג און אפילו ביינאַכט. די מלמדים — אַלטע יידן מיט לאַנגע אָדער קורצע בערד, אָן אַ ניצוץ פון פאַרשטיין פּעדאַגאָגיע אָדער קינדער־פּסיכאָלאָגיע, מיט מיטלאַלטערליכע מעטאָדן פאַר "יונגיטשקע זקנים", ווי מאַקס נאָרדאו פלעגט רופן די גלות׳דיקע יוגנט. אָבער לערנען האָט מען געמוזט, ווייל מען האָט אינסטינקטיוו פאַרשטאַנען, אַז נאָר מיט דעם קען מען זיך אויסצייכענען. לערנען, לערנען, לערנען! נישט פאַרלירן קיין צייט אויף שפּילערייען, אויף שווימען אין נאַרעוו אין זומער אָדער גליטשן זיך אין ווינטער. די ליזשוועס פלעגט מען אַליין מאַכן פון אַ שטיקל האָלץ מיט אַן אייזערנעם דראָט געצויגן דורך דער לענג פון דעם האָלץ. פּרימיטיוו — עס האָט אָבער אין יענע יאָרן געדינט דעם צוועק. פיזישע איבונגען כדי צו וואַקסן געזונט, דאָס זענען געווען פרעמדע געדאַנקען. לערנען כדי צו ווערן אַ רב אָדער אַ דאָקטאָר — דאָס איז געווען דער טרוים פון דער יידישער מאַמע.

ליידער איז קיין ישיבה אָדער גימנאַזיע אין רוזשאַן נישט געווען. פלעגן די בר־מצוה ייִנגלעך פאָרן אין ישיבות אין אַנדערע שטעט, און דאָרטן "געגעסן טעג" און געקנעלט. גאָר גאָר ווייניקע האָבן געלערנט אין גימנאַזיעס אָדער סעמינאַרן. די איבערוויגענדע מערדייט פון רוזשאַנער יוגנט האָט זיך געלערנט פאַכן, האַנדווערקעריי. איך קען אָבער עדות זאָגן, אַז אויך ביי זיי איז דער דורשט נאָך וויסן געווען זייער שטאַרק. שטענדיק האָט מען געוואָלט וויסן, וואָס עס טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט. מען האָט געלייענט ביכער און געחלומט חלומות. ווען איך פלעג קומען אויף וואַקאַציע אַהיים, פלעגן זיך אייניקע פון זיי מיט מיר פונאַנדערשמועסן וועגן ליטעראַטור, און ממש אַרויסגעוויזן ידיעות אין די ווערק פון די דאַמאָלסטדיקע פּאָפּולערע שרייבער ווי ראָמען ראָלאַן, אַנדרעי זשיד, שאָלאָכאָוו און, פאַרשטענדליך, די רוסישע קלאַסיקער.

די יוגנטליכע פון מיין דור האָבן געפונען אַן ערזאַץ־שולע אין די ציוניסטישע און נישט־ציוניסטישע באַוועגונגען. דאָרט האָבן זיי געלערנט די געשיכטע פון אונדזער פאָלק, געלערנט פאַרשטיין די אומגאַרמאָלע, ספּעציפישע לאַגע פון די יידן, און מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פון אַלגעמיינעם יידישן־פּוילישן לעבן. זיי האָבן מאַרשירט און געזונגען לידער פון אויפוואַכונג, לידער פון ליבשאַפט און בענקשאַפט צו ציון. זיי האָבן גערעדט וועגן אַ קאַמף פאַרן יידנשאַפט און וועגן אַ יידישן קיבוץ אין ארץ־ישראל, באַזירט אויף יושרדיקע סאָציאַליסטישע יסודות. אַנדערע זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון בונדיסטישע אָדער קאָמוניסטישע געדאַנקען. די רוזשאַנער זענען געווען אַ מיניאַטור־אָפּשפּיגלונג פון גרויסן שפּרודלדיקן לעבן אין דעם יידישן פּוילן.

אויך דער עלטערער דור האָט אַרויסגעוויזן אַ פאַראינטערעסירונג אין די געשעענישן פון דער צייט. קיין פּוילישע צייטונגען האָט מען כמעט נישט געלייענט. אָבער יעדן וואָכן־טאָג אין דער פרי פלעגט מען גיין צו פּריזאַנט׳ן און וואַרטן מיט אומגעדולד אויף דעם "היינט", "מאָמענט" אָדער "פאָלקס־צייטונג", און טאַקי אויפן אָרט אַנאַליזירן די נייעס און געקומען צום אויספיר, צי ס׳איז גוט פאַר יידן אָדער שלעכט פאַר יידן.

מערסטנס זענען די ידיעות געווען אומגינסטיק. דאָס זענען געווען שלעכטע צייטן פאַר דעם פּוילישן ייד. דער אַנטיסעמיטיזם האָט געבושעוועט. דער באָיקאָט געגן דעם יידישן קרעמער אָדער האַנטווערקער איז געווען שטאַרק. די עקאָנאָמישע לאַגע איז

געווען אַ ביטערע. ביי אַנדערע אומות וואָלט אַזאַ מצב אפשר געפירט צו רעוואָלט. די יידן זענען אָבער געווען אין גלות און קיין פאַרבינדעטע האָבן זיי נישט געהאַט. בונטאַרע געדאַנקען האָבן זיך געמערט, אָבער דער רעאַליזם פון דער צייט האָט איבערגעוויגן און באַזיגט די פרייהייטס געפילן. דער דראַנג צו עמיגרירן איז געווען שטאַרק. אָבער יידן האָבן נישט געהאַט גענוג געלט און, אפשר, נישט גענוג וויסן איבער וואָס עס טוט זיך אין דער ברייטער וועלט. פאַרשטענדליך אַז די אימיגראַציע־פּאָליטיק פון די פאַר־מלחמה־דיקע רעגירונג איז אויך געווען אַ גרויסע שטערונג, און די שטעלונג לגבי עליה פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל איז דאָך גוט באַקאַנט.

היינטיקע צייטן, ווען אין יעדער שטוב איז פאַראַן אַ ראַדיאָ, און כמעט אין יעדן הויז אויך אַ טעלעוויזיע־אַפּאַראַט, איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין רוזשאַן זענען אין יידישע הייזער, ביזן אויסברוך פון קריג, געווען ווייניק ראַדיאָס. כ׳געדענק גענוי, אַז נאָר אין 1932 האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט דעם קול פון דער ראַדיאָ. דאָס איז געווען ביי פרענקל דעם ״ראָווער־מאַכער״. ער האָט מיר דערלויבט אָנצוטאָן די סלוכאַווקעס און אויף אַ ״מיסטישן״ אופן האָב איך טאַקי געהערט יהודה מנוחין שפּילן. דערווייל האָבן אַנדערע געוואַרט אומגעדולדיק אויף זייער ריי אָנצוטאָן די סלוכאַווקעס.

## יום־טובים

צו שרייבן וועגן יענע יאָרן און נישט צו דערמאָנען די יידישע יום־טובים וואָלט געווען ממש אַן עוולה. נאָר די צוויי טעג אין יאָר, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט דעם שטאַרקסטן איינדרוק, זענען געווען יום־כיפור און שמחת־תורה. וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט!

יום־כיפור — ערנסט, שטרענג, ״היום הרת עולם״; שמחת־תורה — פריילעך, שמייכלדיק־קאָקעטיש, כמעט זאַרגלאָז.

יום־כיפור באַנאַכט איז דאָס בילד פון די ברענעדיקע ליכט אין בית־המדרש, דאָס בילד פון יידן איינגעוויקלט אין ק׳טלען און טליתים, זאָגן מיט כוונה די תפילות. יום־כיפור איז הערן געוויינען, וועלכע טראָגן זיך פון דער ווייבערישער שול, איבערהויפּט בשעת דעם ונתנה־תוקף. און ווער קאָן אויסדריקן די שטימונג מוצאי יום־כיפור, ווען יידן זענען צוריקגעגאַנגען אהיים מיט די נישט־אויסגעברענטע ליכט פון בית־המדרש אָדער פון די חסידישע שטיבלעך — גייענדיקע ליכטלעך אין דער אַרומיקער פינצטערניש!

שמחת־תורה איז געווען דער היפוך. שמחת־תורה איז געווען דער חסיד מיט אַ סאָלדאַטסקן היטל אויפן קאָפּ, טאַנצענדיק און זינגענדיק. דאָס איז געווען דער טאָג, ווען אויך דער ייד האָט געכאַפּט אַ טרונק בראָנפן און איז אָפטמאָל געווען גוט בגילופין. דאָס איז געווען דער טאָג, ווען ער האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם יאָך פון פרנסה, פאַרגעסן דעם בייטש פון פאַרפאָלגונג, און איז געווען גליקליך אַז ער איז אַ ייד.

## אויסברוך פון קריג און יציאת־רוזשאַן

דאָס אַלץ איז געקומען צו אַן ענד דעם 1טן סעפּטעמבער 1939. די מלחמה איז אויסגעבראָכן. די דייטשישע לופט־מאַשינען האָבן זיך באַוויזן איבער די הימלען. מ׳האָט אונדז געראָטן צו טראָגן נאַסע טיכלעך כדי זיך צו באַשיצן פון שעדליכע גאַזן. אַ באַקאַנטער מאַיאָר האָט מיין מאַמע געראָטן צו לויפן אויף דער אַנדערער זייט פון נאַרעוו, ווייל ביי

דעם זייט טייך וועט די פוילישע אַרמיי שטעלן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד. די באַגריפן וועלכע פוילישע אָפיצירן האָבן געהאַט וועגן קריג־פירונג! וואָס פאַר אַ שפּאַס!

אין אַלע מײַנע יאָרן פון אויפוואַקסן אין פוילן און גיין אין פוילישע שולעס האָב איך זעלטן געהאַט אַ פּאָזיטיוון צוגאַנג צום פוילישן פאָלק. אויב כ׳האָב עפּעס געלערנט און געגאַסן פון דער פוילישער ליטעראַטור, איז דאָס געווען די אידיי פון וואַלענראָדיזם. כ׳האָב געזען אַרום זיך אַ צעבושעוועטן אַנטיסעמיטיזם און אויך אים געשפּירט אויף די אייגענע פּלייצעס. נישט איינמאָל בין איך געווען אנגעגריפן. יעדעס מאָל אָפּגעענטפערט און אָפטמאָל פאַרשפּילט דעם קאַמף.

ווייל כ׳האָב נישט אַנגענומען מיצקעוויטשעס באַשרייבונג פון אַ גלות׳דיקן טיפּ יענקל, ווייל כ׳האָב פאַרטיידיקט די יידישע רעכט און געהאַט די חוצפה צו צווייפלען אין דער אמת׳דיקייט פון מיין געשיכטע־פּראָפעסאָרס אינטערפּרעטאַציעס לגבי דער ראָל פון ייד אין דער פוילישער געשיכטע, האָב איך זיך איינגעקויפט דאָס "צעטל" פון אַ קאָמוניסט. וואָס פאַר אַן איראָניע! איך, דער זשאַבאָטינסקי תלמיד, גאָר אַ קאָמוניסט! אפילו פּראָפעסאָר דאָבקאָוויסקי, דער דעפּוטאַט אין פוילישן סיים, דער נישט־פּראָווינציאַל, האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין דעם נייעם טיפּ פון אַ יידישן יוגנטליכן אין פוילן. נאָר עטליכע וואָכן פאַרן אויסברוך פון קריג האָט זיך די שטעלונג לגבי פוילן געביטן: סוף־כל־סוף, דער דייטשישער נאַצי איז געווען אַ גרעסערער שונא ווי דער פוילישער כוליגאַן. אָבער אויך דער ראָמאַן איז געקומען צו אַ שנעלער ענדע.

ווען מיר זענען דערלאָפן ביז בריסק און געזען, ווי די רעשטלעך פון דער פוילישער אַרמיי באַציען זיך ברוטאַל צו יידן, באַשולדיקנדיק זיי אין העלפן דער רויטער אַרמיי, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז די שנאה פון פּאָליאַק צום ייד איז נישט געמינערט געוואָרן. דאָס לאַנד פון די ליאַכן, ווי אַ טייל פוילישע שרייבער פלעגן רופן זייער פאָלק, איז פאַר די יידן געווען אַ ביטערער מקום־מקלט.

יציאת רוזשאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען שבת אין דער פרי, דעם 2טן סעפּטעמבער 1939. טייל מיט קינדער־וועגעלעך, טייל מיט וועגענער און פערד, טייל נישט מער ווי אַ פּעקל אויף זייערע פּלייצעס, האָבן רוזשאַנער יידן זיך געצויגן קיין גאַוואָראָוו. דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון לאַנגן וואַנדער־וועג, דער אָנפאַנג פונם לעבן פון אַ פּליט. איבער פעלדער און איבער וועלדער איז מען געלאָפן, אויף אומבאַקאַנטע וועגן האָט מען זיך געשלעפּט, כדי צו אַנטלויפן וואָס ווייטער פון די נאַצישע חיילות. און די וועלכע זענען נישט געלאָפן, זענען ליידער אומגעקומען אין די געטאָס אָדער קרעמאַטאָריעס.

מען האָט מיך אָפט געפרעגט, צי נאָר די בראַווע זענען לעבן געבליבן. מיין ענטפער איז שטענדיק געווען אַ קאַטעגאָרישער "ניין!". יעדער פון די לעבן־געבליבענע האָט טאַקי נישט איינמאָל געקוקט דעם טויט אין די אויגן. ער איז אָבער לעבן געבליבן נאָר דורך אַ צופאַל, פשוט אַ מזל.

די קדושים זענען געווען אַזוי בראַוו, אינטעליגענט און קלוג ווי מיר — זיי האָבן אָבער ליידער קיין מזל נישט געהאַט. דער דייטשער רוצח האָט באַוויזן אַרויפצולייגן אויף זיי זיין לאַפּע.

זאָל דער יזכור בוך זיין אַ מאָנומענט פאַר די אַלע קדושים פון אונדזער שטעטל.

# מילדות זוהרת עד הסוף המר

רוז׳אן — עיירה קטנה בפולין, בה נולדנו ועל אדמתה צעדנו ראשית צעדינו. שום דבר יוצא־מגדר־הרגיל לא התרחש ברוז׳אן מעולם, לא אצל היהודים ולא אצל הפולנים. אישים נודעים לא יצאו ממנה. אפילו קרבות בעלי ערך היסטורי לא נערכו ליד רוז׳אן, כמו, למשל, ליד אוסטרולנקה או פולטוסק הסמוכות. עיירה שקטה, כאילו שכוחה, אם כי שכנה על דרך־המלך בין ביאליסטוק ובין וארשה. לשם מה אפוא לכתוב על רוז׳אן? והתשובה היא: כדי לכבד את זכרם של היהודים, אשר נספו על לא עוול בכפם, קרובינו וידידינו מנוער, אלה שעמהם ישבנו יחדיו על ספסל אחד ב״חדר״ או בבית־הספר. ואתחיל בימי הילדות.

## לימוד, תרבות וחיי־רוח

שנות ה״חדר״. בזכרוני חרות חזק רגש הפחד: פחד מפני הכלב של הגויים, שרדף אחריך ורצה לנשוך; פחד מפני הכוליגן הפולני הצעיר, שרצה להראות את ״גבורתו״ דוקא על גופו של ילד יהודי בן חמש או שש; וגם הפחד מפני ה״מלמד״.

אל בית־הספר הלכנו בבוקר, ואילו אל ה״חדר״ כל אחר־הצהרים ואפילו בערב. המלמ־דים — יהודים זקנים, בעלי זקנים ארוכים או קצרים, בלי ניצוץ של הבנה בפדגוגיה או בפסיכולוגיה של הילדות, עם שיטות מימי־הבינים בשביל ״ישישים צעירונים״, כפי שכינה מאקס נורדאו את הנוער בגלות. אולם חובה היתה ללמוד, כיוון שבאופן אינסטינקטיבי הבננו, כי רק בכך ניתן לנו להצטיין. ללמוד, ללמוד, ללמוד! לא לבזבז זמן על משחקים,



כיתת בית־ספר עם המורים אריה בוכנר ואדה ויגדרסון.
א קלאַס פון דער שולע מיט די לערער אריה בוכנער און עדא ויגדערסאָן.

על שחייה בנהר הנארב בקיץ או על גלישה עליו בחורף. את המחליקיים עשינו בעצמנו מחתיכת עץ וחוט ברזל, שהשחלנו לאורך העץ. פרימיטיבי, תאמרו, אבל בימים ההם זה ענה על הצרכים. אימון גופני למען בריאות וכוח, זה היה רעיון זר בעיירה. ללמוד כדי ליהפך לרב או לרופא, זה היה חלומה של כל אמא יהודית.

למרבה הצער, ברוז׳אן לא היתה כל ישיבה או גימנסיה. היו הנערים בני הבר־מצווה נוסעים אל הישיבות שבערים אחרות ושם ״אכלו ימים״ ולמדו. בודדים למדו בגימנסיות או בסמינרים. הרוב המכריע של הנוער ברוז׳אן למד מקצוע, מלאכה. אבל גם אצלם, יכול אני להעיד, היה הצמא לדעת עז ביותר. תמיד רצו לדעת מה נעשה בעולם הרחב. קראו ספרים ורקמו חלומות. כאשר הייתי בא הביתה לחופשה, היו אחדים מהם נכנסים עמי בשיחות על סיפרות ומגלים בקיאות רבה בכתבים של הסופרים המפורסמים אז כגון: רומן רולאן, אנדרה ז׳יד, שולוכוב, וכמובן, הקלסיקונים הרוסיים.

בני דורי מצאו להם תחליף לבית־הספר בתנועות הציוניות והלא־ציוניות. שם הם למדו את תולדות עמנו, למדו להבין את האנומליה המיוחדת של היהודים, ונסחפו בזרם של החיים היהודיים הכלליים בפולין. הם צעדו ושרו שירי התעוררות, שירי אהבה וגעגועים לציון. הם דיברו על מלחמה למען מדינה יהודית ועל חיים יהודיים בקיבוץ בארץ־ישראל, חיים המיוסדים על אדני צדק סוציאליסטי. אחרים נסחפו ברעיונות הבונדיסטיים או הקומו־ניסטיים. באחת, אנשי רוז׳אן היו השתקפות מיניאטורית של החיים היהודיים התוססים בפולין.

גם הדור הקשיש הראה התעניינות במאורעות הזמן. לא קראו עיתונים פולניים, אבל כל יום חול, בבוקר, היו הולכים אל **פרייזאנט** ומחכים בחוסר־סבלנות לבואם של ה״היינט״, ה״מאָמנט״ או ה״פאָלקס־צייטונג״, ובו במקום מבררים ומנתחים את החדשות ומייד מגיעים למסקנה, האם זה טוב או רע בשביל היהודים.

על־פי־רוב היו הידיעות לרעת היהודים. אלה היו זמנים קשים בשביל יהודי פולין. האנטישמיות השתוללה. החרם הכלכלי נגד החנוונים ובעלי־המלאכה היהודים היה חזק. והמצב הכלכלי היה חמור. אצל אומות אחרות זה היה מביא להתקוממות, אבל היהודים הרי היו בגלות וללא בני־ברית להסתייע בהם. צצו ורבו רעיונות מרי, אבל הריאליזם ניצח את רגשי החופש. היתה כמיהה עזה להגירה, אלא שליהודים לא היה מספיק כסף לעקירה אל מקום חדש, וגם לא ידעו בבירור מה מתרחש בעולם הגדול. מדיניות ההגירה של כל הממשלות מלפני המלחמה היתה אף היא מכשול רב, ועמדת השלטונות המנדטוריים על ארץ־ישראל הרי ידועה היטב.

## חגים ומועדים

לכתוב על הימים ההם ולא להזכיר את החגים היהודיים, את הימים־הטובים, הרי יהיה זה ממש עוול. ושני הימים המרשימים ביותר של חגי ישראל היו יום־הכיפורים ושמחת־תורה. איזה ניגוד!

יום־כיפור — רציני, חמור־סבר, ״היום הרת עולם״; שמחת־תורה — עליז, צחקני וגנדרני.

ליל יום־כיפור הוא מראה של נרות דולקים בבית־הכנסת, תמונת יהודים עטופים בטליתות ו״קיטלען״, האומרים בכוונה רבה את התפילות. יום־כיפור הוא שמיעת בכיות, הנישאות מעזרת־הנשים, במיוחד בשעת ה״ונתנה תוקף״. ומי יבטא את האוירה של מוצאי־יום־כיפור,

עת יהודים חוזרים לבתיהם מבית־הכנסת או מהשטיבלעך של החסידים ובידיהם הנרות הבלתי־גמורים — אורים צועדים בחשיכה שמסביב.

שמחת־תורה היה היפוכו. שמחת־תורה הרי זה החסיד וכובע חיילים לראשו, מרקד ומזמר. ביום זה גם היהודי נתכבד בלגימה הגונה ולעתים היה בגילופין כהוגן. זה היום, שיהודי זרק מעצמו את עול הפרנסה, שכח את שוט הרדיפות והיה מאושר באשר הוא יהודי.

## פרוץ המלחמה ויציאת רוז׳אן

לכל זה בא הקץ באחד בספטמבר 1939. המלחמה פרצה. מטוסי־הקרב הגרמניים נראו בשמים. יעצו לנו לשאת עמנו מטפחות לחות כדי להתגונן מפני התקפת גאזים. סרן מַכָּר מן הצבא הפולני יעץ לאמנו לרוץ אל מעבר לנארב, מכיוון שבצד זה של הנהר יתגונן הצבא הפולני בתוקף. המושגים שהיו לקצינים הפולנים על ניהול מלחמה! ממש בדיחה!

בכל שנות גידולי על אדמת פולין והליכתי לבתי־ספר פולניים רק לעתים נדירות גיליתי יחס חיובי לעם הזה. אם למדתי משהו ואף קיבלתי מהסיפרות הפולנית, הרי זה רעיון הוואלנרודיות. ראיתי מסביבי אנטישמיות משתוללת ואף הרגשתיה על בשרי. לא פעם הותקפתי. כל פעם החזרתי מלחמה שערה, אך לעתים קרובות הפסדתי במערכה.

הואיל ולא קיבלתי את התיאור של מיצקביץ׳ של טיפוס גלותי יענקל ומכיוון שעמדתי על זכויות היהודים והיתה לי החוצפה לפקפק באמיתות הדעה של מורי ההיסטוריה הפולניים על אודות תפקידו של היהודי בתולדותיה של פולין — רכשתי לי ״תווית״ של קומוניסט. לעג הגורל! אני, תלמידו של ז׳בוטינסקי, קומוניסט! אפילו פרופסור דובקובסקי, הציר בסיים הפולני ואדם בעל אופקים רחבים, לא היה מסוגל לתפוס את הטיפוס החדש של הצעיר היהודי בפולין. ורק שבועות אחדים לפני פרוץ המלחמה נשתנתה עמדתי כלפי פולין: סוף־סוף, הנאצי הגרמני היה אויב גדול יותר מאשר הכוליגן הפולני. אבל גם רומן זה לא האריך ימים.

משהגענו בעת בריחתנו עד בריסק וראינו כיצד שרידי הצבא הפולני מתעללים ביהודים, בהאשימם אותם בעזרה לצבא האדום, נוכחתי לדעת, כי השנאה של הפולני ליהודי לא פחתה. ארץ הליאכים, כפי שסופרים פולנים אחדים כינו את עמם, היתה מקום־מקלט מר ממוות בשביל היהודים.

יציאת רוז׳אן החלה בשבת בבוקר, ב־2 בספטמבר 1939. יהודי רוז׳אן רצו אל גובורובו, מי עם עגלות־ילדים, מי בעגלות רתומות לסוסים ומי ברגל כשחבילה דלה על כתפיו. זו היתה הראשית של דרך נדודים ארוכה, ההתחלה של חיי פליטים. רצו דרך שדות ודרך יערות, נשרכו בנתיבות בלתי־מוכרות, ובלבד להימלט ככל האפשר רחוק מן החילות הנאציים. ואלה אשר לא יצאו לדרכים ולא נסו על נפשם, נספו בגיטאות ובמישרפות.

לעתים קרובות נשאלתי, האם רק האמיצים שרדו. תשובתי היתה ״לאו!״ מוחלט. כל אחד מן הניצולים ראה לא פעם את המוות פנים אל פנים. אולם הוא נשאר בחיים רק הודות למקרה, פשוט מקרה.

הקדושים היו באותה מידה אמיצים, חכמים ונבונים כמונו, אך למרבה הצער — לא היה להם מזל. הרוצח הגרמני השיגם.

יהא ספר־יזכור זה יד לכל הקדושים של עיירתנו.

# קהלה קדושה רוזשאַן



צווישן די טויזנטער יידישע ישובים אין פּוילן, וועלכע זענען אַזוי טראַגיש אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער און זייערע פּוילישע און אוקראַיני־שע פינצטערע אונטערהעלפער, געפינט זיך אויך אונדזער שטעטעלע רוזשאַן. ס׳איז אונדזער פליכט צו דערציילן דער וועלט און אונדזערע קינדס־קינ־דער, וואָס דאָס יידישע רוזשאַן איז געווען, וואָס פאַר אַ גייסטיקע און מענטשליכע רייכטום איז פאַר־ניכטעט געוואָרן.

### אַ ביסל פאַרגאַנגענהייט

די יידן אין רוזשאַן, וועלכע האָבן געציילט אַריבער דריי טויזנט נפשות פאַר זייער אומקום, האָבן ווי אַלע יידן אין די פּוילישע שטעטלעך געהאַנדלט און גע־אַרבעט כדי זיך מפרנס צו זיין. ס׳איז אָבער באַשערט געווען, אַז רוזשאַן זאָל צוויי מאָל חרוב ווערן, איןביידע וועלט־מלחמות. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דאָס יידישע ברידערליכקייט האָט זיך שטאַרקער אַנטוויקלט און צוגעגעבן רוזשאַן אַ באַזונדערע אייגנטלעכקייט.

אַז רוזשאַן איז אָוועק אין פלאַמען אין 1914 — מיר געדענקען דאָס נאָך — האָבן די יידן זי אויפגעבויט צוריק, ווען זיי זענען צוריקגעקומען. די ערשטע, וועלכע האָבן זיך צוריק־געקערט, האָבן גלייך אָרגאַניזירט אַ געמיינזאַמען צוזאַמענלעבן און געגנזייטיקע הילפס־וועזן. יאָרן שפּעטער האָט מען אַלץ געערעדט ביי אונדז וועגן דעם, ווי יידן האָבן געהאָלפן איינער דעם צווייטן, אויפגעהויבן געפאַלענע און געזעטיקט הונגעריקע, און דאָס שטעטל איז אויפגעבויט געוואָרן פון די חורבות.

אין 1920 זענען ביי אונדז געפאַלן קרבנות אין דעם קאַמף צווישן די באָלשעוויקעס מיט די פאָליאַקן. די רוסישע באַמבעס, וועלכע האָבן געדאַרפט באָמבאַרדירן די מילי־טערישע קאַשאַרן און קריגס־אָביעקטן, זענען געפאַלן אויף דער יידישער באַפעלקערונג און רוזשאַן האָט טייער באַצאָלט פאַר דעם נאָכקריג. שפּעטער האָבן די פאָליאַקן נקמה גע־נומען אין אייניקע יידן, כדי צו שטילן זייער נקמה־דורשט. דאָס אַלץ האָט אַרויפגעלייגט פליכטן אויף די לעבן־געבליבענע, און רוזשאַן איז אויסגעשטאַנען דעם פּרוּוו.

### רוזשאַנער יידן

אין שטעטל זענען געווען סוחרים, אַ ביסל גבירים, אַ סך קבצנים וואָס האָבן געהאַלטן אין איין דאגה׳ען, ווו נעמט מען אַ פאַר זלאָטעס צו צאָלן אַ וועקסל, צו קויפן סחורה, און אויך... ווו באַרגט מען עטלעכע גראָשן אויף שבת. ס׳זענען געווען בעלי־מלאכה׳ס, מעקלער און סתם הענדלער, און אויך אָפּיציעלע דלפונים, וואָס יידן אין רוזשאַן האָבן געזאָרגט פאַר זיי און משלים געווען דערמיט, אַז דאָס זענען פאַרפאַלענע נויטבאַדערפטיקע און מען מוז זאָרגן פאַר זיי.



קבוצת צעירים לאחר מלחמת־העולם הראשונה.
א גרופּע יוגנטליכע נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג.
חיים גערוועער און זיין פרוי לוטקא, פייגע וויגאָדא, באַשקע בוכנער, הערמאַן גאָרני (דער לערער) און זיין שוועסטער, יצחק שטשעטשין, חיה־ביילע פּשישוסקער־ראָזנבלום.

מיר האָבן געהאַט אַ שיינע גרויסע שול און אַנדערע בתי־תפילה און חסידישע שטיבלעך. נאָך אין דער פינצטער האָט מען געזען אין אונדזערע געסלעך גייען אָדער לויפן יידן מיט טליתים אונטערן אָרעם, צום ערשטן מנין דאַוונען. אין שול זענען געזעסן ישיבה־בחורים און געלערנט, און האַרציקע נגונים האָבן זיך געטראָגן אין שול־גאָס. טעג און נעכט, יאָרן־לאַנג, האָבן יידן געדינט גאָט און אַזוי אַרום פאַרטיפט דעם יידישן גורל־געפיל.

די שול איז פאַרברענט געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעם רוזשאַנער נאָך־מלחמה־דור איז געווען שווער אַליין אויפצושטעלן צוריק, וואָס דורות פריער האָבן יאָרן־לאַנג געבויט און געשטעלט. האָבן רוזשאַנער יידן אין אַמעריקע זיך בייגעשטייערט, כדי ווידער אויפבויען דעם הייליקן צענטער פון רוזשאַנער יידנטום. אויך דאָס פאַריכטן פון אונדזער שול מיט געמיינזאַמע כוחות און מיט ברידערלעכקייט האָט יאָרן געשפּייזט אונדזערע הערצער מיט וואַרעמקייט.

אויך אין קולטורעלן און פּאָליטישן־געזעלשאַפטלעכן זין איז רוזשאַן געווען אַ טעטיקע איינהייט. ס׳זענען געווען באַוועגונגען, אַנשטאַלטן, פּאַרטייען — ציוניסטישע, מזרחי, אגודת־ישראל, פּועלי־ציון, השומר־הצעיר, החלוץ, בית״ר און אַנדערע. ס׳האָט זיך געפירט אַ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט מיט פאַרשטענדעניש און קולטור. ס׳זענען געווען חדרים, ביבליאָטעקן, אָוונט־קורסן, שטיבלעך, מנינים, דראַמאַטישע קרייזן, ספּאָרט־קלובן, לייַ־קאָסעס, לינת־הצדק, הכנסת־אורחים, הכנסת־כלה און אַנדערע. ווען איך הויב מיך אָן צו דערמאָנען, וואָס אַלץ האָט זיך געטאָן אין אונדזער שטעטל, שטיי איך און קלער: גע־וואַלד, דאָס אַלץ איז געווען אין דעם קליינעם רוזשאַן ? !

איך האָב אַלעס צוזאַמענגעמישט. כ׳קען נישט פונאַנדערשיידן צווישן די פאַרשידענע

כאַראַקטערן פון יעדן אַנשטאַלט און יעדער געזעלשאַפט. כ'וויל דאָס אויך נישט מאַכן. כ'וויל פשוט געבן אַן אמת'דיק געטרייעם בילד פון דער געוואַלטיקער טעטיקייט פון אונדזער שטעטל. ווו האָט מען גענומען אַזוי פיל צייט צוווידמען פאַר קהל ? ווו האָט מען גענומען אַזוי פיל עסקנים, עוסקים בצרכי ציבור באמונה, זיי זאָלן לעבנס־לאַנג שפּענדן זייער רו־צייט און ענערגיע פאַר אַזוי פיל קהל'שע ענינים ?

דאָ קום איך צו צום סוד פון אונדזער באַזונדערקייט. רוזשאַן האָט געהאַט הייסע יידן, טייערע אוהבי־ישראל, אויסערגעוויינלעכע געשטאַלטן — יידן וואָס האָבן אויסגעטראָגן דעם יידישן שמערץ און זייער גאַנצן לעבנס־אינטערעס אַריינגעלייגט אין דעם קהל'שן לעבן מיט זיינע לעבנס־באַדערפענישן און פּראָבלעמען. רוזשאַן האָט אויך געהאַט אַ הייסע און טיכטיקע יוגנט, וואָס פלעגט אין די אָוונטן, טאָג אויס און טאָג איין, אויספילן די פּאַרטיי־לאָקאַלן, קולטור־אַנשטאַלטן און יוגנט־קלובן, און געפונען נאָך צייט פאַר־נעמען זיך מיט ביבליאָטעקן, שפּילן טעאַטער, אויספירן קעסטל־אָוונטן און פרייטיק־צו־נאַכט רעפעראַטן, טענץ, געזאַנג, יוגנט־אויספלוגן. שווער צו פאַרשטיין, ווי די יוגנט האָט געקענט זיך באַטייליקן אין אַזוי פיל אונטערנעמונגען, ווי פאַרקויפן שקלים, אַגיטירן, פירן וואַל־טעטיקייט, לייענען ביכער, שפּילן טעאַטער און אַזוי ווייטער.

און נישט פאַרגעסן זאָלן מיר, אַז רוזשאַן איז געווען אַ שטעטל פון אַרבעט און האַנט־ווערקער, גוטע פאַכמענער, פאָלקס־יידן וואָס זענען געווען פול מיט שאַפונגס־פרייד און ליבע צו דעם פאַך. ווען מ'וועקט מיך אויף אין מיטן נאַכט און מ'פרעגט מיך, מיט וואָס האָט זיך רוזשאַן אויסגעצייכנט מערער פון אַלץ, וואָלט איך געזאָגט נישט טראַכטנדיק קיין סך : רוזשאַנער בעלי־מלאכות ! די גוייִשע געגנטן אַרום האָבן גערעדט וועגן רוזשאַן דאָס שטעטל, וואָס קאָן אַלץ, וואָס האָט אַלע בעלי־מלאכות אויף וועלכע מען קאָן זיך פאַרלאָזן.

און נישט נאָר פון פאַך־שטאַנדפּונקט האָבן זיך אונדזערע בעלי־מלאכות אויסגעצייכנט. אויך געזעלשאַפטליך האָבן זיי געדינט אַלס ביישפּיל. מ'האָט גערעדט וועגן זייער האַרציקייט, זייער געטריישאַפט איינער צום אַנדערן, זייער טעטיקייט אויף אַלע געביטן. און נאָך אַ שווערן פאַרהאָרוועטן אַרבעטס־טאָג פלעגן זיי גיין אין בית־מדרש הנאה האָבן פון אַ ביסל תהלים זאָגן, הערן אַ שיעור אין משניות און זיך דערקוויקן מיט אַ ביסל עין־יעקב.

היינט, רוזשאַנער חתונות ! ווי קאָן מען פאַרגעסן די חתונות ביי אונדז ? — מיט איינ־געלאַדענע און אויך נישט געבעטענע געסט. דאָך איז אַ חתונה אין רוזשאַן געווען יעדנס חתונה. דאָס שטעטל האָט מיטגעלעבט דאָס געשעעניש. כלי־זמרים האָבן געשפּילט, מחו־תנים זענען געווען פריילעך, יוגנט האָט געטאַנצט, קינדער זענען אַרומגעלאָפן פון חתן צו דער כלה און צוריק. אין גאַס האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון מוזיק און גערודער. מ'האָט געפירט חתן־כלה איבער די גאַסן, יעדער זאָל זען, יעדער זאָל וויסן, אַז עס איז אַ שמחה ביי יידן — ס'איז צוגעקומען אַ פאַר־פאָלק, יידן וועלן זיך מערן און נישט אונטערגיין ! אין אַלע פענצטער האָבן יידן אַרויסגעשטעלט אָנגעצונדענע ליכט אָדער נאַפט־לאָמפּן. פלעמלעך פון פרייד האָבן באַלויכטן דאָס פינצטערקייט. מ'האָט זיך געפרייט, ווייל מ'האָט געוואָלט זיך פאַרגעסן, און ס'איז געווען וואָס צו פאַרגעסן. אָבער מהאָט זיך אויך באַוווסט־זיניק געפרייט מיט דעם, וואָס אַ יידישע טאָכטער איז אויפגעריכט געוואָרן, וואָס עלטערן איז אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ, וואָס עס איז פריילעך אין שטעטל.

## צום אָנדענקונג

אין ענדע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט פון דעם גיהינום מיט אַנדערע לעבנס־געבליבענע יידן און בין געקומען זען ווי זעט אויס אונדזער רוזשאַן, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דאָס לעבעדיקע שטעטל רוזשאַן האָט אויסגעזען ווי אַ בית־עולם. אַלץ פאַרברענט, פינצטער אָרום, טויב־שטיל און טויט.

די פוילישע שכנים, אונדזערע שונאים, האָבן זיך געפרייט מיט אונדזער בראָך און זיך באַמיט צו דערשלאָגן דאָס איבעריק לעבנס־געבליבן ביסל יידן. (דאָן איז געווען דער פּאָגראָם אין קעלץ.) אויף אונדז האָבן זיי געקוקט ווי אויף אַ וועלטס־פעלער, וואָס היטלער האָט געמאַכט מיט דעם, וואָס ער האָט אונדז נישט אויסגעראָטן ביזן גרונט.

כ'בין אוועק פון רוזשאַן אויף אייביק.

זאָלן געבענטשט זיין די הענט, וואָס האָבן אונטערגענומען די גרויסע און שווערע אויפגאַבע פון אַרויסגעבן אַ בוך לזכר רוזשאַן.

נוטע ראָגאָזע ז"ל

## רוזשאַנער יחוד

געשריבן אין קיבוץ דפנה
דעם 11טן פעברואַר 1955.

### דער רוזשאַנער "עפּאָס"

רוזשאַן נאָך זון־אונטערגאַנג איז געווען די ריכ־טיקע רוזשאַן. אין דעם צייט־אָפּשניט איז געווען אין איר עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט ד־ך געצויגן צו איר און דו קאָנסט עס נישט פאַרגעסן. בין מנחה למעריב איז געווען דער "עפּאָס" אירער, מיט וואָס זי איז געווען אַנדערש פון איר אָרום, בולט און אונענדליך טיף.



דאָס איז אין רוזשאַן אומעטום געווען פול מיט יידן, איבערהויפּט דער בית־מדרש. יידן זענען געווען צוזאַמען, כדי נישט צו פאַרגעסן וואָס אייניקט זיי. אין די דאָזיקע שעה'ן האָבן זיי געלערנט אין די אַלטע ספרים און זיך באַהעפט מיט זייער גרויסער גייסטיקער פאַרגאַנגנהייט. זיי האָבן געלערנט חומש, משניות, גמרא, חיי אדם, עין יעקב. און געלערנט האָבן זיי אַליין אָדער מיט דער הילף פון די גע־לערנטע פון זייער "חברה", פון אַ רבי'ן, אַ מלמד, אַ זאָגער. דער עיקר — נישט אָפּצו־שטיין, לערנען, לערנען, לערנען!

אין די שעה'ן פלעגן זיך טרעפן מגידים, שדרים, דרשנים, משולחים פון ישיבות פון

לאָמזשע, פון טעלז און אַנדערע. דאָ האָט מען געקאָנט זען די יידן פון אַ גאַנצן טאָג ווערן פלוצים אַנדערע, ווערן פאַרענדערט. דאָ האָבן זיי פאַרגעסן די גראַשן־פּרנסות און זיך אָפּגעגעבן מיט הימל און וויזיע. און פון מאָל צו מאָל האָבן זיי אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל צייט, כדי צו באַהאַנדלען מענטשלעכע ענינים און פּראָבלעמען ברומו־של־עולם.

געווען ביי אונדז אַ שיינע הכנסת־אורחים. אַ פרוי, אַ פּשוטע שניידערין, האָט געשאָנקען אַ הויז מיט אַ שיינעם פּלאַץ אין צענטער פון שטאָט. האָבן גוטע יידן זיך אָרגאַניזירט אַלס ״חברה הכנסת אורחים״ און האָבן געווידמעט זייער צייט די ״אורחים״, דאָס מיינט די קבצנים און פון־שטאָט־צו־שטאָט וואַנדערער, די אייביקע ווערט־מוסטערן פון וואַנדער־פאָלק. האָט מען געזאָרגט, זיי זאָלן האָבן אַ ריין געלעגער, אַ וואַרעמע שטוב, אַ ליכטיקן סופיט איבערן קאָפּ. די שטאָט אַליין האָט צוגעגעבן, עס זאָל זיין אַ ספּעציעלע שטוב צום קאָכן אַ וואַרעם געקעכץ פאַר אַ ייד אַ יורד, אַ בעל־בית, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט ווער ווייסט ווי צו אַזאַ לעבנס־שטייגער. מען האָט איינגעאָרדנט אויך אַ שטוב צום וואשן, מיט אַ שמש צום באַדינען, ער זאָל אַרויסהעלפן די אָרעמע לייט זיך אָריענטירן אין די מנהגים פון שטעטל. אָרעמע לייט פלעגן דערציילן, אַז דאָ אין קליינעם רוזשאַן האָבן זיי זיך אויסגעגלייכט די ביינער מער ווי אין די גרעסטע שטעט.

נו, און גמילות־חסדים קאַסע מיט אַ חברה ״סומך נופלים״ האָט רוזשאַן געהאַט, וואָס האָבן געשאַפן געלט כדי צו העלפן קליינע סוחרים און אָרעמע בעלי־מלאכות, זיי זאָלן בלייבן שטיין אויף די פיס און חלילה נישט אומפאַלן, זיי זאָלן בלייבן יידן צווישן יידן. אָן פּראָצענט האָבן זיי די הלואות געקריגן און אויף קליינע לייכטע ראַטעס, און בכבוד, אַלץ לויט דער יידישער באַצייכנונג: רחמנים, בישנים, גומלי חסדים.

ס׳האָבן פּראָבלעמען נישט געפעלט. רוזשאַן האָט געהאַט קאַזאַרמעס אַרום זיך און יידישע זעלנער פלעגן זיך אויפהאַלטן אין שטאָט. האָט רוזשאַן געזאָרגט, אַז זיי זאָלן זיין צווישן יידן, זיך אויסרוען פון דעם אַנטיסעמיטיזם פון זייערע וואָפן־ברידער, אָדער אפילו אָפּעסן אַ יידיש וואַרעמעס נאָך וואָכן פון אויסמיידן איבער הונדערט יידישע זעלנער, הונגערן. איך געדענק אַז יום־טובים פלעגן זיין אין רוזשאַן איבער הונדערט יידישע זעלנער, אויסער אייגענע אָרעמע לייט. און אַלע פלעגן זיין באַזאָרגט מיט יין אַרבע כוסות, מצות און יום־טוב מיטאָגן.

דאָס איז געווען דער קאָלעקטיווער אינהאַלט, און אויך דער אינהאַלט פון יעדן יידן אין רוזשאַן. זיי האָבן געשיקט זייערע קינדער לערנען אין דער פרעמד דאָס ריכטיקע ידישקייט. אין די ישיבות אַרום האָט מען געקאָנט טרעפן רוזשאַנער בחורים, וועלכע האָבן יאָרן זיך געוואָלגערט ווייט פון היים און משפחה און געלערנט. ווייל יידן האָבן געוואָלט פאַראייביקן דאָס ידישקייט אויף פאַר די קומענדיקע דורות.

צו ביסלעך איז אויסגעוואַקסן אַ נייער פרישער כוח אין שטאָט — די אויפגעקלערטע יוגנט. ס׳האָבן זיך געשאַפן פּאַרטייען, קלובן, ביבליאָטעקן, טעאַטער־קרייזן. דער דראַנג נאָך אַ נייע ווענדונג האָט זיך אויסגעאיבט אויף פאַרשידענע געביטן און אַרומגענומען פאַרשידענע קרייזן פון דער יוגנט אין רוזשאַן.

ס׳האָט זיך שוין געשאַפן אַ חדר פון מזרחי, ווו תורה און ציון זענען געגאַנגען צוזאַמען. דאָ האָבן זיך געלערנט ייִנגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען, און יידן האָבן קרום געקוקט אויף דעם. אַלטמאָדישע מלמדים האָבן געהאָלפן אונטערהעצן געגן זייער ערנסטן קאָנקורענט. אָבער רוזשאַנער עלטערן האָבן דאָס דאָך אויפגענומען. **יחזקאל גישעס**, אַ משכיל

און תלמודיסט, און זיין זון האָבן זיך ערנסט אָפּגעגעבן מיט דעם נייעם אַנשטאַלט און דער חדר האָט געבליט, ממש געווען אַ שולע מיט קלאַסן און אָרדענונג, מיט אַכט צום קינד; צו זיין עלטער און נייגונגען.

מיט דעם פוילישן רעזשים האָט זיך געשאַפן אַ יידישע רעגירונגס־שולע פון זיבן קלאַסן, מיט יידישע לערער און שבת־רו. רוזשאַן האָט אָנגעהויבן אויפציען איר אייגענע אינטעליגענץ.

## אַ מעשה מיט אַן ערוב

רוזשאַן איז געוואָרן פאַרטיילט אויף צוויי כוחות, פרומע און מאָדערנע, און אַלץ לשם שמים און מיט גוטע כוונות, ווי דער שפּרוך זאָגט: ״מחשבה טובה — הקדוש־ברוך־הוא מצרפה למעשה.״ דערפאַר איז רוזשאַן געבליבן יידיש אין איר אויסערליכקייט. פרייטיק צו מיטאָג איז געוואָרן שבת אין שטעטל. דאָך איז אויפגעשווומען אַ שווער פּראָבלעם: די יוגנט האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז דער שבת פאָדערט דעם גאַנצן מענטשן. זיי פלעגן טראָגן זאַכן אין רשות הרבים, בפרהסיה, און נישט געפילט, אַז דערמיט רייסט זי אויף דאָס קאָמפּאַקטהייט פון שבת. נו, האָט קהל זיך נישט געאַמפּערט מיט זיינע קינדער און מ׳האָט געמאַכט אַן ״אינטענסיוון״ ערוב, קעסטלעך אָזעלכע מיט דראָט, לענג אויס די גאַסן, און צום שבת זענען די דראָטן אָנגעצויגן געוואָרן — און אַן עק! זאָלן די קינדער נישט נכשל ווערן מיט חלול שבת. אמת, די אַלטע האָבן זיך נישט פאַרלאָזט אויף דעם ערוב. וואָס אַרט מיך דען, אַז איך טראָג נישט אפילו אין תחום פון שבת? פלעגן זיי אָנטון דעם טלית אונטערן מאַנטל, די רויטע פאַטשיילע אַרומבינדן אַרום האַלז מיט אַ שלייף פון פאָרנט, אָדער זי פאַרשטעקן אין ענג פאַרבונדענעם גאַרטל, און געווען זיכער, אַז זיי זענען נישט נכשל אין חלול שבת.

מאַכט זיך אָבער, אַז אין ערשטן קריג האָבן די צאַרישע קאָזאַקן אין רוזשאַן, בשעת זיי האָבן בודק געווען אַלע וועגן און אומוועגן פון שטאָט, דערזען די קעסטלעך מיט די דראָטן פון ערוב און ס׳איז זיי איינגעפאַלן, אַז יידן האָבן דאָס אַ געהיימע טעלעפאָן־פאַרבינדונג מיטן שונא, מיטן דייטש.

דער נאַרעוו איז געווען איינע פון די ערשטע פראָנט־ליניעס פון די רוסן, און די מפּלות זייערע אויפן וועג פון וואַרשע האָבן זיי געמאַכט נערוועז. זיי האָבן זייערע מפּלות געוואָלט אָראָפּוואַרפן פון זיך און אַרויפלייגן אויף די יידישע פּלייצעס — די יידן זענען שולדיק: זיי האָבן איבערגעשיקט ידיעות צו די דייטשן.

קיין ערלויבעניש אויפן ערוב האָבן די יידן נישט געהאַט און אויך נישט געקאָנט דער־ווייזן זייער אונשולדיקייט. ובפרט אַז איין קעסטל איז געווען אָנגעקלאַפּט, נישט מער און נישט ווייניקער, אויפן שטוב פון אָרגאַניסטער, דער אָרגאַן־שפּילער פון קלויסטער, און דער גוי האָט נעבעך נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. ס׳האָט אָפּגעקאָסט געגוג שרעק, בלוט־צאַפּעניש און געלט ביז מ׳האָט דעם ענין דערליידיקט און דערקלערט דעם קאָזאַקן גענעראַל איינמאָל־פאַר־אַלע־מאָל די דינים פון שבת...

געהאָלפן האָט אויך די אינטערוועניץ פון די יידישע כלל טוער, וועלכע זענען געקומען פון פּעטערבורג צו פאַרטיידיגן די יידישע ענינים.

דאָס האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. יידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן רוזשאַן. נישט גראָד צוליב דעם ערוב. די רוסן האָבן, פאַר זייער צוריקטריט, פאַרברענט דאָס שטעטל. יידן

רחמנים פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן געהאָלפֿן רוזשאַנער ברידער אַרויסצוראַטעווען וואָס עס האָט זיך געלאָזט און זיי אויפֿגענומען ביי זיך ווי האַרציקע ברידער. אָבער וויפֿל האָט מען געקאָנט מיטשלעפּן מיט זיך אין פֿרעמדע פּלעצער אַלס פּליטים?

## רוזשאַנער אויפֿבוי

ווען יידן האָבן זיך צוריקגעקערט קיין רוזשאַן, האָבן זיי געטראָפֿן אַ ווילהעלם־דייטשן ליבעראַלן רעזשים, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין דאַך איבערן קאָפּ און קיין שטיקל ברויט. מ׳האָט זיך געוואַלגערט אין גריבער און קעלערס, ווינטער אין די קעלטן, ביז מ׳האָט צוריק דערלעבט דעם ווידעראויפֿבוי פֿון שטעטל.

די דייטשן האָבן איינגעפֿירט אַ קאַרטן־סיסטעם און אָנגעהויבן טיילן ברויט און קאַרטאָפֿל אויף קאַרטן. די דייטשע רעגירונג האָט מיטגעהאָלפֿן מיט ביליג בוי־האָלץ פֿון די רעגירונגס וועלדער און רוזשאַן האָט געקאָנט זיך ווידערבויען. יידן האָבן יאָרן זיך געמאַטערט, ביז מ׳האָט זיך געזען מיט די משפּחות אין די הייזער. יאָרן האָט עס גענומען. דאָך האָבן יידן גלייכצייטיק זיך גענומען צום בויען אַ מקום קדוש פֿאַר תּפֿלה און תּורה. אַלע האָבן זיך באַשטייערט מיט געלט פֿאַרן בית־מדרש. בעלי־מלאכות האָבן געגעבן אַרבעט. **שאול דער לאַדזער** האָט געמאַכט דעם קונסט דאַך מיטן קופּאָל. זלמן **סטאָליאַר** האָט געמאַכט די רונדע פֿענצטער. איך אַליין — די פֿאָדערשטע טירן. אַנדערע האָבן געמאַכט די סטאָליעריי און אינערליכע שיינע אַרבעט. דעם ארון־קודש האָט מען שוין געמאַכט שפּעטער, אין דער צייט פֿון די פּאָליאַקן. ער איז געווען גאַנץ שיין, אָבער יאָרן־לאַנג האָבן רוזשאַנער יידן דערמאָנט מיט בענקשאַפֿט דעם אַלטן אָרון־קודש מיטן כּסא אליהו, וואָס מיין פֿאָטער **ישראל־יהודה** און זיין ברודער **חיים־לייזער** האָבן געמאַכט. מיט דער צייט האָט אַ רוזשאַנער ייד, צוריקקומענדיק פֿון אַמעריקע, געשענקט אַ סומע געלט און **לייזער־לייבל זשעזשאָזנים** זון האָט אויסגעשניצט אַן אָרון־קודש, וואָס איז געווען נאָך שענער ווי מיין פֿאָטערס.

## אונדזערע פֿאַכלייט, זינגערס און אַנדערע

בכלל איז רוזשאַן געווען באַרימט מיט אירע גוטע בעלי־מלאכות און סתם אַרבעטער, גוטע פֿאַכלייט אין אַלע בראַנזשעס. רוזשאַנער יידן האָבן באַקליידט און באַשיכט די שטאָט און די געגנט אַרום. די גויים האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע פֿאַכמענער מיט וועמען זיך אַרויסצוהעלפֿן. יידן האָבן זיי צורעכטגעמאַכט די אַגראַר מאַשינען און כּלים, זיי געבויט די הייזער און געדעקט די דעכער. אַן יידישע קאָוואַלעס, סטאָליאַרס און סטעל־מאַכעס זענען זיי געווען אומבאַהאָלפֿן. רוזשאַנער אַרבעט האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען אין וואַרשע, לאָדז און אַנדערע שטעט. קיין אַרבעט איז נישט געווען צו שווער פֿאַר אונדזערע יידן.

קיין אינדוסטריע איז ביי אונדז נישט געווען. די איינציקע "פֿאַבריק" איז געווען **בעקערס** ציגעלניע און טאַרטאַק. צווישן די מעכאַניקער און טרעגער זענען אויך געווען יידן, רוזשאַנער אויסגעוואַקסענע קינדער.

אין אַלע רעזשימען האָבן די נייע הערשער געפֿונען אין דער רוזשאַנער קהלה אַלע זייערע נויטיקע אַרבעטער. איך אַליין האָבן געאַרבעט אַלס סטאָליאַר ביי די דייטשן (ווילהעלמס דייטשן), ביי די באָלשעוויקעס און ביי די פּאָליאַקן.

ביי די דייטשן איז דער פּאָליציי־אינספּעקטאָר געווען **נחמן רבקה'ס איידעם,** וויצע־גובערנאַטאָר און הויפּט־בעאַמטער — **העניך בוכנער.** **ער האָט אַלעמען באַ־** פרידיקט און באַרואיקט מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל, וואָס איז געווען אַ משפּחה־אָפּצייכנונג ביי די בוכנערס. איך האָב נאָך געדענקט זיין פאָטער, **ר' משה בוכנער** מיט דער "באָבע" **וועלקע.** ווען ר' משה האָט געדאַווענט פאַרן עמוד ראש־השנה און יום־כפור און זיינע זין די משוררים האָבן אים אונטערגעהאָלפן, האָט מען געגלויבט, אַז ס'וועט זיכער זיין אַ גוט יאָר. יידן האָבן הנאה געהאַט פון זיין זיסן דאַווענען.

אין דער ווייבער־שול פלעגט זיין אַ חזן'טע, **רבקה אברהם לעמל'ס אָדער שרה די רעביצן.** ביידע האָבן זיי געהאַט זיסע שטימען און געקענט נוסח און תפלה ווי מאַנסבילן. און ווען זיי פלעגן זיך אַ לאָז טון אויף דער אויבערשטער "צע" און אייגענעם ווייבער־כאָר, האָבן זיי צעמישט נישט נאָר דעם שטן נאָר אויך אַלע שיינע יידן. די עלטסטע אָבער האָבן נישט געוואָלט פאַרציכטן אויף ר' משה בוכנער'ס נגינה. האָבן זיי אַזוי לאַנג געקלאַפּט אין די מחזורים און געשריגן "נו, שאַ!", ביז די ווייבער זענען פאַר־שוויגן געוואָרן.

און ווען מ'רעדט וועגן בעלי־תפלות און זינגערס — זיי זענען געווען אין אַלע שטיבלעך און מנינים. ווען יידן פלעגן זיך טרעפן אויף אַ שמחה, האָט נישט געפעלט ווער עס זאָל משמח זיין מיט אַ זמר, אַ תפלה, אַ ניגונדל און אַ וויץ. **שמחה־הירש דער שטעפּער,** אונדזער אייגענער הערשעלע אָסטראָפּאָלער, האָט לאַכנדיק געמאַכט אפילו די ערנסטע יידן מיט זיינע אייגענע וויצן און חנדעלעך.

ס'האָט אויך נישט געפעלט דאָ אַן אייגענע קאַפּעלע צו חתונה'עס. **יקותיאל דער סטעלמאַך** מיט זיין פידעלע האָט צערירט אַלע סטרונעס פון האַרץ מיט זייער ווייַ און טרייסט, זאָרג און מוט. און זיין באַהעלפער **וואַשילעווסקי** דער מוזיקאַנט האָט אַלע יידישע נגונים זיינע נאָכגעשפּילט. ער האָט אפילו זיך אויסגעלערנט יידיש און גערעדט ווי אַ ייד. מיט זיין קינד האָט ער גערעדט יידיש און האָט אויך געקאָנט מאַכן אַ ברכה.

אינטערעסאַנט, ביי די ווילהעלמס דייטשן איז רוזשאַן געווען אַן אָפּגעברענטע, יידן האָבן נישט געהאַט קיין דאַך איבערן קאָפּ, און דאָך האָט מען אין רוזשאַן געשפּילט טעאַטער. שווער דאָס געבן צו פאַרשטיין. פון איין זייט זעט מען ווי יידן דרייען זיך אַרום און זוכן אַ ווינקעלע ווו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן, און דאָרט ווימעלט אַרום די יוגנט און זוכט אַ לאָקאַל פאַר די רעפּעטיציעס און פאַרשטעלונגען. אין די קאַזאַרמעס נעבן דעם בריק האָבן די דייטשן געמאַכט אַ באָד און אַ קאַראַנטין, האָט מען דאָרט געשפּילט "בר כוכבא" און אַנדערע פּיעסעס.

## צום אַנדעק

איך בין אוועק פון רוזשאַן אין יאָר 1929. דאָס לעצטע קאַפּיטל פון רוזשאַן איז ענליך צום ענד־קאַפּיטל פון גאַנצן פוילישן יידנטום, אָבער איך קאָן וועגן דעם נישט דערציילן. מיינע דריי זין זענען געפאַלן אַלס פּאַרטיזאַנער.

רוזשאַן איז פאַרשניטן געוואָרן. מיר געדענקען זי מיט שטאָלץ. ס'איז אונדזער שטעטל געווען אַ פּראָלעטאַריש, אַרבעטזאַם און פּאָליטיש־אינטענסיוו שטעטל. ווי זייער טויט איז געווען, איז שווער צו נעמען אויפן געדאַנק. דאָס האַרץ קאָן פּלאַצן. זיי האָבן געליטן, שווער געליטן, פאַר זייער יידישקייט און ס'קומט זיי דער נאָמען מאַרטירער, קדושים

שמסרו נפשם. זאָלן מיינע ווייניקע זכרונות, צוזאַמען מיטן גאַנצן יזכור־בוך, זיין אַ מצבה פאַר זיי, פאַר אונדזערע טייערע קדושים. תנצב״ה!

**לייזער ביילים / הרצליה**

## קולטור אונטער אַלע באַדינגונגען
(1914־1929)

דאָס געזעלשאַפטלעך־קולטורעלעס לעבן ביי אונדז אין רוזשאַן האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער אַנטשטייאונג פון דער ״השכלה״. דאָס איז געווען אַ פאַראיין צו פאַרטיפערן די וועלט־אַנשויאונג און פאַרברייטערן דאָס אַלגעמיינע וויסן פון דער רוזשאַנער יוגנט. אָנגעפירט מיט דער ״השכלה״ האָבן מאָטל זאַמעק, היינט **ארמוני, חיים בוכנער** ז״ל, **חנה־רחל האַלצמאַן־בוכנער, משה ראַגאָזע** און דער אומפאַרגעסליכער לייטער **מאַניעק האַלצמאַן** ז״ל. דער לעצטער האָט אָנגעפירט מיט די פּרוכטבאַרע אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע. די אָוונט־קורסן זענען געווען פאַר אונדז אַן אומגעהויערע דערגרייכונג, ווייל צו יענער צייט האָבן מיר נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט ווייטער צו קריגן בילדונג אין וועלכער ס׳איז שולע.

האַלצמאַן אַלס לערער איז געבליבן אומפאַרגעסלעך. זיינע לעקציעס זענען געווען טיפע און באַלערנדיקע, אָבער נאָך מער זענען זיי געווען אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט. זיין איבערגעבנקייט צו דער אויפקלערונגס־אַרבעט האָט צוגעצויגן אַלע צום לערנען און צום אָפּשאַצן דאָס לערנען. מיט האַלצמאַנס פאַרלאָזן רוזשאַן האָבן די אָוונט־קורסן זיך געענדיקט און אַלע האָבן דאָס באַדויערט.

גלייכצייטיק האָט זיך אַנטוויקלט אין שטעטל אַ גרויסע ביבליאָטעק און אַן אימפּאָזאַנטער דראַמאַטישער קרייז. די ליטעראַטור איז געוואָרן דער הויפּט אינטערעס פאַר אַלע, וועלכע האָבן געזוכט וועגן צו פאַרבעסערן און באַרייכערן דאָס לעבן. ספּעציעל האָט זיך געפילט די דראַמאַטישע־ליטעראַרישע טעטיקייט, וואָס האָט געפּאַדערט אַ סך התלהבות און אויסדויער. די יוגנט איז אויסגעשטאַנען שרעקלעכע שוועריקייטן סיי אין די רעפּעטיציעס און סיי ביים אויספירן די פאָרשטעלונג, שטענדיק אין נישט צוגעפּאַסטע לאָקאַלן. פאַר דער ביבליאָטעק האָבן מיר געדונגען אַ לאָקאַל ביי לעוואַנדען און דאָרט אויך געשאַפן אַ כאָר און איינגעאָרדנט פאַרשידענע ליטעראַרישע דיסקוסיעס.

די יוגנט האָט געברויזט. דער ליטעראַרישער באַגאַזש האָט געשאַפן געזעלשאַפטלעכן דראַנג, און ס׳זענען אַנטשטאַנען פּאַרטייען מיט אַלגעמיין־מענטשליכן אינהאַלט און פּראָגראַם. די גרעסטע טייל האָט סימפּאַטיזירט מיט די פּועלי־ציון, צוליב דער ציוניסטיש־יידישער טענה. אַ קליינער טייל האָט געהערט צום ״בונד״.

דער פּועלי־ציון לאָקאַל ביי רושיניאַק האָט געווימלט מיט חברים און טעטיקייט. **שיע בזשאָזע** און **מאָטל זאַמעק** האָבן אָנגעפירט מיט דער קולטורעלער טעטיקייט. ס׳האָט זיך געפילט אַ טיפע אויפלעבונג און גייסטיקע דערהויבעניש.

די גאַנצע אַרבעט איז געווען נישט קיין לעגאַלע. די לעגאַליזאַציע האָבן מיר ערשט

באקומען שפעטער, אויפן לאנגן-לאנגן נאמען פון "געזעלשאפט-אוונט-קורסן פאר אר־בעטער אין ווארשע, אפטיילונג אין רוזשאן". מיר האבן באלד געעפנט קורסן פאר יידיש און ליטעראטור, מיט דער הילף פון ציש"א. פון זאמבראווע פלעגט קומען א לערער און פון אנדערע צענטראלע פלעצער פרעלעגענטן, און די זעלבסטבילדונג און אויפקלערונגס טעטיקייט איז אנגעגאנגען אינטענסיוו. דער דראמ־קרייז האט ווידער געארבעט און געבליט אונטער דער לייטונג פון נישט־פארגעסלעכן חבר אלטער לויפער ע"ה.

ס'איז צום דערמאנען, אז ווען די פרוי לעוואנדע האט פארקויפט דאס הויז צום פעלדשער מילער, האט מען אונדז שוין דאן, מיטן כוח פון בורמישטש, פארמאכט דעם לאקאל. דער תרוץ איז געווען, אז די פאדלאגע איז באדראט איינצופאלן. און מיר האבן געוואנדערט פון לאקאל צו לאקאל און אויסגעשטאנען גרויסע שוועריקייטן. דאן איז ארויסגעשוווּמען דער געדאנק אויפצושטעלן אן אייגענעם בנין.

מיר האבן געדונגען א פלאץ ביי ברידער סטשאסקיס, און בעקער האט אונדז אויפגעבויט דעם בנין. דא האבן מיר פארדאפלט אונדזער קולטורעלע און אויפקלערונגס ארבעט מיט ברען און איבערגעבנקייט, און געמיינט, אז מיר וועלן האבן רו. אבער די פוילישע מאכט האט אונדז פארמאכט דעם לאקאל. אין 1935, צוויי יאר נאך דעם היטלע־ריסטישן אויפשטייג, האט פוילן געלערנט דעם נאציזם און אים גענומען איינפירן ביי זיך.

מיר זענען ווידער אראפ צו קאנספיראציע באדינגונגען און אזוי אנגעהאלטן ביזן טרא־גישן ענד אין 1939.

פון דער יארן־ווייטער פערספעקטיוו זעט זיך אונדזער קליינינקע קולטור טעטיקייט אין רוזשאן ווי א מסירות־נפשדיקע עפאפייע פון יידן, וועלכע גלויבן אין בוך און ווארט און האלטן אן דעם גלויבן ביי אלע באדינגונגען.

חנה הולצמן־בוכנר / תל־אביב

## הצגות תיאטרון ברוז'אן

גם ברוז'אן נתקיימו הצגות תיאטרון, או כפי שאמרו ביידיש — מען האט געשפילט טעאטער, שיחקו תיאטרון. אנשי רוז'אן התארגנו מדי פעם בלהקות שונות, ובזה לא היינו שונים מיתר עיירות פולין. המיוחד ברוז'אן, ואולי בשאר העיירות, היה שכל העיירה שיחקה, כל העיירה חיה יחד עם השחקנים את ה"פיעסות", הדראמות והקומדיות. לפני הצגתן, ובמשך כל הזמן של הכנת ההצגה על־ידי השחקנים היתה כל העיירה פוזמת את המנגינות וחוזרת על ביטויים ומימרות. ובכל זאת היו אנשיה נהנים מההצגה כאילו זה עתה שמעוה וראוה לראשונה. בתקופת החזרות היו אנשי רוז'אן כאילו נתלשים מתקופתם ונשתלים בתקופה אחרת. הם נהיו כולם נסיכים, שבויים, יתומות אומללות, חתנים וכלות כפויים וכדומה.

אנחנו, אנשי הלהקות, שיחקנו את תפקידינו על הבמה כמיטב יכולתנו, אך לפני ההצגה חיינו במתח אישי רב. מלבד הנאת המשחק נכספנו לביטוי מחשבותינו ולפתרון בעיותינו, שהיו מרובות מדי, ועל־ידי שיתוף אנשים קרובים ברוח ובדרך הקלנו על מצוקות הנפש של כולנו.

תורה; נישט ווי פריער, ביים רבין אין דער היים, נאָר אין אַ ספּעציעלן בנין, מיט דער הסכמה פון דער רעגירונג. עס פלעגט אַהין קומען אַ לערער און איין שעה אין טאָג האָט ער געלערנט למודי־חול. איך געדענק, אַז ווען עס איז געקומען דריי אַ זייגער נאָך מיטאָג, ווען די קינדער האָבן דורכן פענצטער דערזען אָנקומען דעם לערער, האָט זיך אויף די קינדערשע פּנימלעך צעגאָסן אַ פרייד. אָבער דער רבי האָט געמורמלט: "דער שטן גייט שוין מבטל תורה זיין." און מען האָט טאַקע געגעבן אַ ווונק דעם לערער, אַז ער זאָל דאָס נישט נעמען ערנסט, בלויז יוצא זיין כלפי מלכות.

דאַן איז געקומען די ריי פון די עלטערן, וועלכע שיקן זייערע קינדער אין דער פּאָווי־שעכנער שולע. די קהלה לייט האָבן אויסגעאיבט אַ דרוק אויף די עלטערן, אַז זיי זאָלן אַרויסנעמען זייערע קינדער פון דער פּאָוושעכנע שולע און זיך באַגנוגנען מיט איין שעה אין טאָג לערנען למודי־חול אין חדר. ווער עס איז נישט נאָכגעקומען דעם פאַרלאַנג פון די כלי־קודש, האָט מען אים געגעבן דאָס צו פילן אין שטיבל אָדער בית־מדרש.

ווען זיי האָבן זיך דערליידיקט מיט דער פּאָוושעכנע שולע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל, אַ פּלאָג וואָס איז נאָך ערגער פון דער פּאָוושעכנער שולע — דאָס איז די "יבנה" שולע, ווו מען לערנט נישט לשון־קודש נאָר עברית, נישט אויף אונדז געזאָגט. ווער זיינען געווען די גרינדער פון דער "יבנה" שולע? — דוקא רעליגיעזע יידן, וועלכע עס איז שווער אין חרם צו לייגן. למשל, די משפּחה לעווקאָוויטש פון מאַקאָוו, וואָס האָט געלייגט דעם יסוד פון דער "יבנה" שולע און דערביי באַקומען די אונטער־שטיצונג פון אַ גרויסן טייל רעליגיעזע יידן. אמת, גער פסלט זיי. אָבער פאַר דער גאַנצער



"השומר הדתי" ופעילי "המזרחי" ברוז'אן.
דער "השומר הדתי" און די טעטיקע פון "המזרחי" אין רוזשאן. צווישן זיי:
צבי גרינשפאן, משה לבקוביץ, אלימלך ליפשיץ, קלמן רוכווייץ, ח. בורשטין.

באַפעלקערונג קען מען זיי דאַך נישט ערקלערן פאַר גוֹיִים. נישט ווייניק צוגעהאָלפן האָט **צבי גרינשפּאַן** ביים אויפשטעלן די "יבנה" שולע, אין וועלכער ער האָט באַוויזן אַריבערצופירן אַ גרויסע צאָל קינדער פון "תלמוד תורה".

דאָ איז דער קאַמף געווען עטוואָס שווערער ווי קעגן דער פּאָושעכנע שולע. די חסידים האָבן אונטערגענומען אַ מלחמה כדי פּטור צו ווערן פון דער טומאה וואָס הייסט "יבנה" שולע.

אין די חסידים־שטיבלעך און אין בית־מדרש האָט זיך געררודערט. מען האָט גערעדט צום געוויסן פון די עלטערן, זיי זאָלן נישט שיקן זייערע קינדער אין דער "יבנה" שולע. אַ דאַנק דער אומבויגזאַמער שטעלונג פון די פּאַלקסשיכטן און דער נייטראַליטעט פון די אַלעקסאַנדער חסידים איז געלונגען איינצוהאַלטן די "יבנה" שולע, און די קינדער האָבן זוכה געווען צו געניסן פון ביסל ליכט און ציוניזם.

## האַנטווערקער פאַריין

אַ בכבודיקן קאַפּיטל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון רוזשאַן האָט פאַרנומען דער האַנט־ווערקער פאַריין. אויסגעצייכנט מיט איר טעטיקייט האָט זיך זיין גמילות־חסדים קאַסע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט דער איניציאַטיוו פון **יוסף בשאַזשא**. אַזוי ווי אין אַלע קהלשע אַנשטאַלטן זיינען אויך דאָ פאַרגעקומען רייבונגען, הויפּטזעכלעך ביי דער גמילות־חסדים קאַסע, ביים פאַרטיילן די הלוואות. אָבער דאָך האָט דאָמינירט דער חברשער גייסט.

אויך אין אַנדערע געביטן איז געוואָרן אַ סך אויפגעטאָן. דער האַנטווערקער פאַריין האָט באַזאָרגט צעך־צייגנישן פאַר אַלע בעלי־מלאכות, וועלכע זיינען געווען ווי געהעריק אָרגאַניזירט. שבת האָבן זיי צוזאַמען געדאַוונט אין קליינעם בית־המדרש.

דער האַנטווערקער פאַריין, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע בעלי־מלאכות אין שטעטל, איז געווען אַ לעבעדיקער באַוויז פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון די ברייטע יידישע אַר־בעטער שיכטן, וועלכע האָבן געלעבט פון זייער האַרעוואַניע. דעמאָלט האָבן מיר נישט געוווּסט ווי דאָס אָפּצושאַצן, אָבער היינט, ווען דאָס אַלץ געהערט שוין ליידער צו דער פאַרגאַנגענהייט, קענען מיר דאָס בעסער פאַרשטיין.

## "מזרחי"

ווען איך וויל בקצור שילדערן די יידישע אָרגאַניזאַציעס, מוז איך — פון פּערזענלעכע מאָטיוון — אָנהויבן פון "מזרחי", אייגנטלעך "החלוץ המזרחי — השומר הדתי", כאָטש די באַוועגונג איז געגרינדעט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן.

מיט דער גרינדונג פון "מזרחי" האָט אַ גרויסער טייל יוגנטלעכע און עלטערן פאַרלאָזט די "אגודת־ישראל" און צוגעשטאַנען צו דער ניי געגרינדעטער פּאַרטיי. דאָס האָט גורם געווען צו אַ גרויסער אויפרעגונג אין "אגודת־ישראל", וועלכע האָט געהאַט דעם גרעסטן איינפלוס צווישן דער רעליגיעזער באַפעלקערונג.

"אגודת־ישראל" איז געווען דער המשך פון אַמאָליקן לעבן, פון די פריערדיקע דורות, איינשליסנדיק אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אפילו צווישן די בעלי־מלאכות איז די השפּעה פון "אגודת־ישראל" געווען גרויס. די דאָזיקע פּאַרטיי איז געווען אַ המשך פון דורות פון רעליגיעזן יידנטום מיט אַ פּאָליטישן אַנטי־ציוניסטישן שלייער.



מושבת קיץ של ״השומר הדתי״, 1934.
א זומער קאלאניע פון ״השומר הדתי״, 1934.
נ. רייטשיק, דבורה גורמאן, אסתר דאבזשילאָווסקי, דבורה בלום, מענדל בורשטין, מאָטל פון וואָנסאָווא, שלעזינגער, קאָפּעטיץ, לאה ביילים, נעשע ניימארק, משה בורשטין, מרדכי פּולטוסקער.

אין קיין שום אַנדערער פּאַרטיי האָט די ״אגודת־ישראל״ נישט געפונען אַזאַ קאָנקורענט ווי אין ״מזרחי״, ווייל צווישן איר און די איבעריקע פּאַרטייען איז געווען אַ גרויסער דיסטאַנץ אין די אַנשויאונגען. אַ סכנה און פּחד איז נאָר געווען מצד ״מזרחי״, מיט איר אויסשליסליכער רעליגיעזער באַפאַרבונג. דער קאַמף צווישן זיי איז טאַקע געווען זייער ערנסט.

פריער איז פאַר דער רעליגיעזער יוגנט נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג, ווי בלייבן צווישן די מויערן פון אַלטן שטייגער אין חסידים שטיבל אָדער אין דער ישיבה און לעבן אונפּראָדוקטיוו.

אַ סך עלטערן האָבן נישט דערלאָזט, אַז זייערע קינדער זאָלן באַזוכן די ״מזרחי״ באַוועגונג. אָבער עס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן. אַזוי ווי עס איז נאָר געגרינדעט געוואָרן די נייע באַוועגונג, איז אַדורכגעבראָכן געוואָרן די אַלטע מויער פון דער יידישער אָפּגעשטאַנעניקייט און דער ציוניסטישער געדאַנק איז אַריינגעדרונגען אין די רייען פון רעליגיעזן יידנטום. אַ דאַנק דעם האָבן אַ סך יוגנטלעכע זיך אַנגעשלאָסן אין די ציוניסטישע באַוועגונג און אַ טייל פון זיי האָט אויך זוכה געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

## ״השומר־הצעיר״

אַ וויכטיקע באַוועגונג, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער יידישער יוגנט, איז געווען ״השומר־הצעיר״. ליכט און האָפנונג האָט די דאָזיקע באַוועגונג אריינגעבראַכט

צווישן דער יוגנט, וואָס האָט געזוכט אַ תקון אין אומעטיקן און צוועקלאָזן לעבן אין קליינעם שטעטל. לכאורה איז "השומר־הצעיר" געווען נאָר אַ דערציערישע יוגנט באַוועגונג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט צופיות, אָבער גלייכצייטיק האָט די יוגנט באַקומען דאָרט אַ נאַציאָנאַלע און פרייע דערציאונג. און דער פועל־יוצא דערפון איז געווען עליה קיין ארץ־ישראל, דאָס שאַפן פון נייע קבוצים און אויפלעבן מדבריות. אויך אנשי רוזשאַן זיינען באַטייליקט אין דער קיבוץ באַוועגונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען און די שולבענק, כדי צו פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק פון "השומר־הצעיר".

דער קן פון "השומר־הצעיר" אין רוזשאַן, אין צענטער פון שטעטל, איז געווען אַ ליכטיקע וואַרעמע היים פאַר דער אָרטיקע יוגנט.

## "החלוץ"

"החלוץ" איז געווען די באַוועגונג, וועלכע האָט אַרויסגעוויזן ספּעציעלע אַקטיוויטעט אין שיקן דערוואַקסענע יוגנטלעכע אין קבוצי הכשרה, כדי זיי פאַרצובערייטן פיזיש און אידעאיש צו עליה קיין ארץ־ישראל. זי איז נישט געווען אַ באַוועגונג פון אייגענער דערציערישע אַרבעט. זי האָט אויפגענומען צו זיך די דערצויגענע יוגנט פון די ציוניס־טישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און זיי געריכטעט צום וועג פון קאָנסעקווענטער פאַרוויר־קליכונג. אויך אין רוזשאַן איז געווען דער "חלוץ" שטאַרק טעטיק, און רוזשאַן האָט זוכה געווען צו אַן אידילישע צווישן די יוגנט באַוועגונג, ווען עס איז געקומען דער מאָמענט פון עולה צו זיין.



קבוצת "ריינסיה" של "השומר הדתי".
שרגא מעלניק, מענדל בורשטין, יוסף לאך, דוד שולצער, יוסף גראדוביץ,
שלמה פולטוסקער, מרדכי פלאָטקא.



"החלוץ" ברוז'אן.

### ב י ת " ר

די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע אין רוזשאַן איז נישט געווען קיין גרויסע. ערשט נאָך אַרלאָזאָראָווס מאָרד האָט זי באַקומען אַ גרעסערן איינפלוס. בעת סטאַווסקיס פּראָצעס איז בית"ר געוואָרן שטאַרקער. דעמלט זיינען צו אים צוגעשטאַנען חברים פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. געווען אַ תקופה ווען עס האָט זיך געדוכט, אַז אַ דאַנק דעם טראַגישן פאַל האָט בית"ר פּראָפּיטירט און וועט ווייטער וואַקסן, אָבער געשען איז אַנדערש: מיטן פאַרלאָזן די ציוניסטישע באַוועגונג האָבן די רעוויזיאָניסטן פאַרלאָרן זייער איינפלוס אין רוזשאַן.

### ק אָ מ ו נ י ס ט ן

אויך אין רוזשאַן האָט עקזיסטירט אַ קאָמוניסטישע גרופּע, וואָס האָט געפירט אַן אומ־לעגאַלע טעטיקייט. צוליב דער אומלעגאַלקייט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט מען זי אין דער עפנטלעכקייט פיל נישט באַמערקט. ערשט דאַן האָט מען געפילט איר עקזיסטענץ, ווען אַ גרופּע פון אַן אַנדער פּאַרטיי איז צוגעשטאַנען צו זיי.

### ל י נ ק ע  פ ו ע ל י ־ צ י ו ן

אַ גלענצנד קאַפּיטל פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג איז צו פאַרשרייבן אויפן חשבון פון די לינקע פועלי־ציון אין רוזשאַן. יעדער איינער וואָס געדענקט יענע תקופה אין אונדזער שטעטל מוז מודה זיין, אַז די לינקע פועלי־ציון האָבן אַריינגעבראַכט ליכט און וויסן צווישן די אַרבעטער יוגנט און פאָלקס־שיכטן אין רוזשאַן. נישט וויכטיק דער נאָמען — זאָל עס הייסן פּרץ־ביבליאָטעק אָדער געזעלשאַפט פאַר אָוונט קורסן —



נוער בורוכוב של פועלי־ציון שמאל, משתתפי שיעורי הערב, 1927.
די באראכאוו יוגנט פון די לינקע פועלי־ציון, אנטיילנעמער אין די אוונטקורסן, 1927.
לייבקע זשעפקא, יידל יאזשאָמבעק, סענדער מאלאך, לייבל סקאלא, האָפמאַן, שלמה־זלמן מאָזעס, זלמן־דוד זשעפקא, חיים בורשטין, משה יאזשאָמבעק, משה באראן, מאיר ביעדא, יחיאל פיען, יענקל סקורניק, האצקל סעגאל, חנא סטאָלניץ, יחיאל וויגאָדא, פייגע פאַרזשיצקי, נפתלי ווילגאָוויטש, יעקב בערמאן, נתן וויגאָדא, משה ניימאן, משה יאזשאָמבעק, יוסף פיען, ליבע וויגאָדא, מאשא מאלאָוואן, שיינע זשעפקא, דויד פראץ.

אונטער די דאַזיקע נעמען האָבן זיי איינגעאָרדנט אָוונט קורסן צו לערנען לייענען און שרייבן פאַר די יעניקע, וועלכע האָבן זיך אין דעם גענויטיקט. אָבער יעדער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון די לינקע פועלי־ציון. אַזאַ פאַרדינסט איז נישט אָפּצושאַצן.

נישט ווייניק וויכטיק איז געווען די טעטיקייט פון דראַמאַטישע קרייזן אין שטעטל. איינער פון זיי איז געגרינדעט געוואָרן דורך די לינקע פועלי־ציון. אין יענער צייט איז אין רוזשאַן קיין קינאָ נישט געווען און קיין שוישפּילער זיינען דאָרט נישט אויפגעטרעטן. ביים אַנטשטיין פון די דראַמאַטישע קרייזן האָט זיך גלייך געפילט אַן אויפלעבונג אין שטעטל. פון צייט צו צייט איז פאָרגעקומען אַ פאָרשטעלונג, באַזוכט פון אַ גרויס עולם, און ערשט דאַן האָבן פרעמדע אַרטיסטן אָנגעהויבן צו באַזוכן רוזשאַן.

גלייכצייטיק האָבן די פאָרשטעלונגען געגעבן אויך אַ מאַטעריעלן נוצן פאַר די פאַרשיידענע געזעלשאַפטלכע אונטערנעמונגען. עס האָט געטראָפן, אַז מען האָט זיך געגויטיקט אין אַ געוויסע געלט־סומע פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן. דעמלט האָט מען זיך געווענדעט צו די לינקע פועלי־ציון, זיי זאָלן איינאָרדענען אַ פאָרשטעלונג און די איינקונפטן זיינען געגאַנגען פאַר דעם נויטיקן צוועק.

## דער "בונד"

קיין בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט לעצטנס אין רוזשאַן נישט עקזיסטירט. עס זיינען דאָרט אָבער געווען בונדיסטן פון 5 טן יאָר.




ה"בונד" ברוז'אן.

אין יענער צייט האָט דער "בונד" געשפּילט אַ גרויסע ראָל אויף דער יידישער אַרבעטער גאַס. אויך אין רוזשאַן, ווי אין אַנדערע שטעט אין פּוילן, האָט דער "בונד" געפירט אַן אַקטיווע טעטיקייט, אַ פּאָליטישע און קולטורעלע. מען דאַרף פעסטשטעלן, אַז די ערשטע יידישע ביבליאָטעק אין רוזשאַן איז געגרינדעט געוואָרן דורכן "בונד". דער "בונד" האָט אויך אָרגאַניזירט זומער־קאָלאָניעס פאַר קינדער, פאַרשפּרייט די "פאָלקסצייטונג" און נאָך אַנדערע נוצלעכע אַרבעטן אויסגעפירט.

דאָס אַלץ איז אויסגעפירט געוואָרן ביזן יאָר 1920 בערך, ביז עס האָבן זיך געגרינדעט אין רוזשאַן די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דעמלט איז דער איינפלוס פון בונד געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער. דער גרעסטער טייל אַקטיווע חברים פון "בונד" איז אַוועק מעבר לים, קיין אַמעריקע. אַ טייל איז אַוועק מיטן רעוואָלוציאָנערן שטראָם ביז ראַטן־פאַרבאַנד. די פאַרבליבענע בונדיסטן האָבן זיך פאַרנומען מיט קאָלפּאָרטירן די "פאָלקסצייטונג". זיי זענען אויך געווען אַקטיוו ביי די סיים וואַלן אונטער דער אָנפירונג פון **נוטע ראָגאָזע**.

דאָס זיינען מיינע קורצע איבערבליקן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין רוזשאַן און די השפעה פון די פּאַרטייען אויף דער יוגנט. עס וואַרעמען דאָס האַרץ די ערינערונגען פון שבת בין־השמשות אויפן פּירעקיקן מאַרק, ווו עס האָבן אָפּגעהילכט די געזאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון פאַרשידענע פּאַרטיי קלובן — פון קן "השומר־הצעיר" אין בוכנערס הויז האָבן אָפּגעהילכט ציון לידער; פון קן "השומר הדתי" — רעליגיעזע לידער; און פון קלוב פון די לינקע פּועלי־ציון פון מיעדזשאַנאָווסקיס הויז — פּראָלעטאַרישע ציוניסטישע לידער. אין שטיבל פון די גערער חסידים, אין בורשטינס הויז, האָט מען געזונגען זמירות ביי שלוש־סעודות.

וויפל פון אונדזערע קרובים און פריינט האָבן געהאָפט ממשיך צו זיין זייער געזאַנג אין ארץ־ישראל, אָבער —ליידער — נישט דערלעבט דערצו. די קהלה פון רוזשאַן איז פאַרשווונדן צוזאַמען מיט דעם גאַנצן אויסגעהרגעטן טייל פון יידישן פאָלק אין פוילן.

מרדכי ארמוני (זאַמעק) / תל־אביב

## יוגנט לעבן אין רוזשאַן (ביז 1920)

### וואַלד, יוגנט און רעוואָלוציע

אין רוזשאַן, ווו מיר זענען געבוירן געוואָרן, געגאַנגען אין חדר און אויפגעוואַקסן, האָט אונדזער יוגנט פיל פאַרברענגט אויף די גרינע בערגלעך אַרום. מיר האָבן מיט אונזעעבארע דינע פעדעם געוועבט אונדזער גאָלדענע צוקונפט. דער שטילער פליסיקער נאַרעוו מיט די גרינע לאַנקעס און די אנגענעמע ריחות פון די פרישע גרינע גראָזן האָבן אונדז רואיק איינגעשלעפערט, אַז מיר האָבן פאַרגעסן די טאָג־טעגליכע זאָרג. און בענקשאַפט האָט אונדז אוועקגעטראָגן מיט זיסע חלומות איבער ברייטע ימען אין ווייטע גרויסע לענדער, ווו מען קען געפינען גליק און רייכטום.

דער וואַלד נאָך דעם בריק פון דער אנדערע זייט נארעוו מיט די גוטע פרישע לופט פון די הויכע סאָסנע ביימער איז אויך געווען אַ גרויסער פאַקטאָר אין שטעטלדיקן לעבן. אייניקע יידישע משפחות פלעגן זומער וווינען אין וואַלד, כאַפּן פרישע לופט פון די סאָסנע בוימער און געגלויבט אַז דאָס איז אַ רפואה צו קראנקע לונגען און נאָך פאַרשידענע מחלות רחמנא־לצלן.

דער וואלד האָט אויך געדינט יוגנט אין רוזשאַן. שבת נאָך מיטאָג, ווען דער טאַטע איז געשלאָפן צו פילן דעם טעם פון "שינה בשבת תענוג", פלעגט יוגענט ארויס אין וואַלד פארברענגען. דער וואלד נאָך דעם בריק איז אויך געווען א גוטער פלאַץ דורכצופירן פארזאמלונגען פון פארשידענע אָרגאניזאציעס. אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָ־לוציע אין יאָר 1905 האָט רוזשאנער יוגענט אנטייל גענומען אין די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג געגן דער הערשונג פון צאַר ניקאָלאַי איבער רוסלאנד, פוילן, ליטע או״וו.

דער וואלד נאָך דעם בריק איז געווען דער צוזאמענקום פלאַץ פאר די רעוואָלוציאָנערע יוגענט. אין וואַלד זענען פאַרגעקומען די סכאָדקעס, ווי מ׳האָט דאָס דאן גערופן, דאָס הייסט פארזאמלונגען. עס זענען געקומען ספעציעלע אַגיטאַטאָרן און רעדנער, וועלכע האָבן אגיטירט געגן צאר ניקאָלאַי׳ס רעזשים. זיי האָבן דערקלערט וואָס זענען די צילן פון דער רעוואָלוציע, גערעט וועגן שאַפן א וועלט פון פרייהייט, גערעכטיקייט, ברידער־דערקייט או״וו. ווער נאָך אזוי ווי די יידישע יוגענט, איבערהויפּט די ארבייטער יוגענט, האָט געגאַפט נאָך פרייהייט: אלס יידן — אָן א היים, מיט שטענדיקער מורא פאר פאָג־ראָמען, און אָלס ארבייטער אין די קליינע שטעטלעך, וואָס האָבן געלעבט אין נויט, הונגער און פחד, האָבן זיי געשטרעבט צו אַ פאַרבעסערונג. די ערשטע צילן פון דער רעוואָלוציע, ווי ס׳האָבן דאָס דערקלערט די רעדנער אין וואַלד, דארף זיין באַפרייען אלע אונטערדריקטע

און די ליידענדע באפעלקערונג. די מיטלען דאָס צו דערגרייכן דארפן זיין צוויי. ערשטנס, אַרבייטן ווייניגער שעהן. דאן איז געווען די פאָדערונג פון די שטרייקערס צו אַרבייטן נישט מער ווי 12 שעה אַ טאָג. די שטרייקערס האָבן דאָס גערופן "פון שעה צו שעה", דאָס הייסט פון 8 אַ זייגער אין דער פרי ביז 8 אַזייגער אין אָוונט. "שעה־שעה" פלעגט מען רופן די שטרייקערס אין רוזשאן, צוליב דער פאָדערונג צו אַרבייטן פון שעה צו שעה.

צווייטנס, אַלע קינדער זאָלן האָבן דאָס רעכט צו גיין אין שולע לערנען. ווייל אין יענער צייט האָבן געהאט דאָס רעכט צו באזוכן די שולע נאָר קינדער פון רייכע עלטערן, וואָס צאָלן שטייערן. אויף די פאַרזאַמלונגען אין וואַלד זענען אויסגעקליבן געוואָרן באָיוווקעס, דאָס הייסט גרופן יוגענטליכע, וואָס זענען געגאַנגען אין די פלעצער ווו מען האָט געאַרבייט מער ווי 12 שעה אַ טאָג און נישט לאָזן אַרבייטן לענגער ווי 12 שעה אַטאָג. דאָ איז געווען דער צוזאמענשטויס פון די בעלי־בתים מיט די שטרייקערס, באגלייט אויך מיט געשלעגן.

די פארזאמלונגען אין וואלד פלעגן זיך ענדיקן מיטן פּ־פּ־אָס הימנון "אונזער בלוט פאַרגיסן די מערדער", אויף פויליש, נאָך דעם באקאנטן רעפריין פון "לוד דאָלי וויענץ" אא"וו.

מיידלעך אין יענער צייט האָבן געזונגען ליבעס לידער, ווי דאָס ליד "פּאַפּיר איז דאָך ווייס און טינט איז דאָך שוואַרץ. צו דיר, מיין טייער לעבן, ציט מיר מיין הארץ". אויך דאָס ליד "ווו נעמט מען אזא חכם, ער זאָל די שטערן פון הימל איבערציילן; און ווו נעמט מען אזא דאָקטאָר, ער זאָל קענען מיין האַרץ אויסהיילן". די יינגלעך האָבן געזונגען דאס ליד "ברוך שולמאן איז אין גאס געגאנגען, געגאנגען איז ער צו זיין טויט". דאָס איז אַ ליד פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט אויסגעפירט אן אטענטאַט אויף א רוסישן צארישן גובערנאַטאָר.

אין רוזשאן זענען געגאנגען די רעוואָלוציאָנערע יידן מיט גויים מיט רויטע פענער אין די גאַסן, אַבער אראָפּנעמען פון דער אַרבייט איז מען געגאנגען באַזונדער, יידן צו יידן און גויים צו גויים.

ווען די יידישע באָיוווקעס זענען געקומען אַראָפּנעמען נאָך 8 אַזייגער אין אָוונט די ארבייטער פון דער ארבייט, האָט דאָס געבראַנגט צו געשלעגן מיט די בעלי־מלאכה׳ס, וואָס האָבן געוואָלט זייערע מענטשן זאָלן ארבייטן ביז 10 אָדער 11 א זייגער ביינאכט, און פאַר אַ יריד ביז 12 אַ זייגער. מען האָט זיך געשלאָגן מיט קלאָניצעס פון וועגענער, ס׳איז געגאנגען א שמועה, אז עס זענען געווען אויך מסירות צו דער פּאָליציי געגען די שטרייקערס, ווייל עטליכע רוזשאנער יינגלעך האָט מען פארשיקט קיין סיביר. די אָנפּי־רערס פון די רוזשאנער שטרייקערס האָט מען גערופן מיט די נעמען פון די רוסישע מיניסטאָרן און גענערעלער פון יענער צייט: איינעם האָט מען גערופן הערש־היצל סטעצל, איינעם אלטער מאקארוב.

אין דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען אין רוזשאן איז אַ געוויסן פרייטיג צונאַכט פון אָנהויב ווינטער, ווען עס הייבט אָן רעגענען, א שרעקליכער פאַל: א בעל־מלאכה איז ביינאַכט ארויסגעגאנגען פאַרמאַכן די לאָדנס פון זיין הויז, האָט מען אויף אים געשאָסן און אים שטארק פארוואונדעט. אַ צייט איז ער געלעגן אין בעט, ביז ער איז געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט קליינע קינדער.

דער בחור וואָס האָט געשאָסן, ישראלקע דער שניידער, איז געווען אַ בחור וואָס

איז געזעסן און געלערנט אין בית־המדרש. פארשטענדליך, אַז דער בחור האָט באַלד געמאַכט ויברח קיין אמעריקע.

ווי אַזוי די יידישע יוגענט איז געווען איבערגעגעבן דער רעוואָלוציע, קען דינען דער פאקט וואָס ס׳איז דאן פאָרגעקומען אין רוזשאן. דער זיידע בעט זיך ביים אייניקל, א דערוואקסענער בחור:

״טייער קינד מיינס, גיי נישט מיט די שטרייקערס. איך וועל דיר נאָכגעבן אַלע דיינע פאָדערונגען, וואָס עס פאָדערן די שטרייקערס. דו וועסט ארבייטן פון שעה צו שעה, וועסט קריגן מער געהאַלט, נאָר איין זאך — גיי נישט מיט די שטרייקערס!״

ענטפערט אים דער אייניקל:

״זיידע, פארוואָס זאָל איך נישט גיין מיט זיי, אַז מען דאַרף אַראָפּוואַרפן דעם רוסישן צאר ניקאָלאַי פון טראָן און באפרייען רוסלאנד.״

בעט זיך ביי אים דער זיידע און זאָגט:

״מיין קינד, אז דו וועסט גיין מיט די שטרייקערס, וועט מען דיך פאַרשיקן קיין סיביר און דאָרט וועסטו אויסגיין פון הונגער און קעלט, וואָס אַרט דיר, אַז ניקאָלאַי איז קייסער? טו זיך אַ טובה, און מיר מיט דער גאנצער משפחה, מען זאָל נישט האָבן קיין צרות פון דיר.״

״ניין,״ ענטפערט אים דער אייניקל, ״זיידע, ביי מיר וועסטו נישט פועלן. ניקאָלאַי וועט ביי מיר נישט זיין קיין קייסער, אפילו מען וועט מיך פארשיקן קיין סיביר און דאָרט וועל איך שטאַרבן פון הונגער און קעלט!״

### ״תפארת בחורים״

אַ פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אין רוזשאן אָנגעהויבן צו ענטוויקלען א יוגנט־באוועגונג, די איניציאטיוו איז געקומען פון עלטערע יידן, בעלי־מלאָכעס. מורא האָבענדיק, אַז דאָס יונגוואַרג זאָל נישט אוועקגיין אויף קרומע וועגן, האָבן די עלטערע יידן צוזאמענגענומען די יינגלעך וואָס ארבייטן און איינגעשריבן זיי אין דער ״תפארת בחורים״. דער ציל פון דער חברה איז געווען איינפלאַנצן אין דער יוגנט יידישקייט. די אויפגאבע פון דער חברה איז געווען, אז יעדער יינגל זאָל קומען יעדן טאָג אין שול אַריין אין דער פרי און פאַרנאַכט צו מנחה־מעריב. בין מנחה למעריב האָבן די יינגלעך באַקומען א באַזונדער טיש אין שול, ווו אַ עלטערער ייד פלעגט מיט זיי לערנען א שטיקל חומש מיט רש״י און ״עין יעקב״. שבת פלעגן די יינגלעך דאווענען פאַר זיך אין אַ באזונדער שטיבל לעבן דער שול. דער חזן און דער בעל־קורא זענען געווען יינגלעך פון ״תפארת בחורים״.

ביי דער געלעגנהייט, וואָס יינגלעך זענען זיך צוזאמענגעקומען, איז געשאַפן געוואָרן אַ געהיימע ביבליאָטעק, ווייל קיין לעגאַלע ביבליאָטעק האָט מען אין רוזשאן נישט געקענט עפענען, נישט קיין געזעלשאפטליכע און נישט קיין פריוואטע, אָן א דערלויבעניש פון דער פּאָליציי. די פּאָליציי האָט איבערגעשיקט די ביטע צו דער יידישער קהילה, און די קהילה־לייט האָבן דאָס שטענדיק אָפּגעוואָרפן מיט דעם תירוץ, אַז יינגלעך דאַרפן לערנען תורה אָדער זאָגן תהילים, נישט קומען אין באַזונדערע חדרים צוזאַמען יינגלעך מיט מיידלעך כדי צו לייענען טריף־פסול זאַכן; אזוי איז פון א לעגאַלער יוגנט געזעלשאַפט ארויסגעקומען די איניציאטיוו פאר אומלעגאלער קולטור טעטיקייט.

די עלטערע בחורים פון רוזשאַן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די גרעסערע שטעט, ווען זיי פלעגן קומען אַהיים אויף יום־טוב, האָבן זיי מיט זיך מיטגעבראַכט אַ ביסל ביכלעך און האָבן זיי פאַרטיילט צווישן דער יוגנט פון שטאָט. זיי האָבן אויך געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ ביבליאָטעק מיט די יוגענטליכע וואָס האָבן זיך פאַראינטערעסירט דאָס צו פירן. יעדער חבר פון דער פאַרוואַלטונג האָט געהאַלטן ביי זיך אַ פּאָר ביכלעך. זיין אויפגאַבע איז געווען צו צוטיילן צווישן לייענער די ביכלעך, אויספרעגן די לייענער צו זיי האָבן געלייענט און פאַרשטאַנען וואָס זיי האָבן געלייענט. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען שפּעט ביי נאַכט.

ווען די יינגלעך און מיידלעך זענען אַהיים געגאַנגען מידע פאַרהאָרעוועטע נאָך אַ פּופצן שעה אַרבייטן דעם טאָג, פלעגט די וואַנדער ביבליאָטעק נאַכט און נאַכט אַרומוואַנדערן אין נאַסע פינצטערע געסלעך, אָפּוואַרטן די מידע יינגלעך און מיידלעך און זיי געבן אָדער טוישן אַ ביכל. דאָס אַלעס איז געטון געוואָרן מיט אַ געפיל פון אַ געהויבענער שליחות. אַלעס איז געווען אומפּאַרטייאיש. מען האָט געלייענט ראָמאַנען, נאַטור־וויסנשאַפט, ציוניסטישע און בונדיסטישע ליטעראַטור. דער שרייבער פון די שורות האָט אַלס חבר פון דער פאַרוואַלטונג פאַרשפּרייט די איינציקע יידישע בונדישע צייטונג, וואָס איז ערשינען דאַן אין רוסלאַנד, און אין דער זעלבער צייט געקויפט אַ שקל. פון מאָל צו מאָל פלעגט פאָרקומען אין וואַלד נאָך דעם בריק פאַרזאַמלונגען פון די לייענער, אַלעס אומלעגאַל. די פאַרוואַלטונג איז זיך צוזאַמענגעקומען גאַנץ אָפט, כמעט יעדן שבת, אין אַ סאָד נעבן דער שטאָט, ווו עס פלעגט באַשטימט ווערן די אַרבייט פון דער ביבליאָטעק אויף די קומענדיקע וואָך, ווי ברענגען ביכער אא״וו.

זומער 1915 זענען די דייטשן אריין קיין פּוילן, איז יעדער צוריק געקומען אין זיין אָרט. אויך די רוזשאַנער יידן האָבן אָנגעהויבן צוריק צוקומען אַהיים. ס'זענען געקומען די וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון רוסישן מיליטער, די וואָס האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן פון מיליטער און פון געפאַנגענשאַפט. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן בויען איבערן נאַרעוו די בריק, וואָס די רוסישע מיליטער האָט אויפגעריסן. די דייטשן האָבן געבויט אָקאָפּעס אַרום דער שטאָט, פאַריכט די קאַזאַרמעס וואָס זענען רויאַנירט געוואָרן. הונדערטער מענטשן זענען געוואָרן באַשעפטיגט ביי צוריק אויפבויען אַלעס, וואָס איז צושטערט געוואָרן. אַלע וואָס האָבן געקענט און געוואָלט אַרבייטן, האָבן געקריגן אַרבייט. מען האָט געאַרבייט דאָס ערשטע מאָל 8 שעה אַ טאָג און מען האָט באַקומען גוט באַצאָלט פאַר דער אַרבייט. אַ סך יידן האָבן געאַרבייט, פאַרדינט און אָנגעהויבן צוריק אויפשטעלן די חרוב געוואָרענע הייזער זייערע.

ס'איז רייף געוואָרן די צייט פאַר אָפענע קולטור אַרבייט. עס האָבן זיך געפונען פון דער רוזשאַנער יוגנט איניציאַטאָרן, וואָס האָבן געדונגען אַ צימער, ווו יוגנט זאָלן האָבן אַריין צוקומען און קענען לייענען אַ ביכל אין אַ קולטורעלער באַקוועמער אַטמאָספערע. מען האָט פון וואַרשע געברענגט ביכער צום לייענען. יינגלעך מיידלעך זענען געקומען, געלייענט פריי אַ ביכל אָהנע שטערונג. אַלע טאָג האָט זיך געמערט די צאָל לייענער. עס האָט זיך געמערקט ביי דער יוגנט אַ דראַנג צו לערנען און צו וויסן. ס'איז געוואָרן ממש נויטווענדיק פאַרברייטערן די אויפקלערונגס מיטלען, העלפן די יוגנט עפענען האָריזאָנטן פאַר אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע בילדונג.

מען האָט אַראָבגעבערענגט אַ יונגן פּייאיקן סטודענט פון וואַרשע, ער זאָל זיין אַ לערער. און מען האָט געעפענט אָוונט קורסן פאַר דערוואַקסענע און פאַרמיטאָג קורסן פאַר יוגענט־ליכע און קינדער. עס האָבן זיך פאַרשריבן אַ סך שילער, יוגנט און דערוואַקסענע. אַלע זענען געווען פאַראינטערעסירט צו לערנען און וויסן. מען האָט געלערנט דייטש, פּויליש און חשבון. די קורסן זענען געווען כמעט די איינציגע שולע. אלעס איז געווען מיט אַן אָפיציעלער דערלויבעניש פון דער דייטשישער מאַכט. צו דער זעלבער צייט האָבן מיר אויך געשיקט קליינע יינגלעך לערנען אין חדר. מערסטענטייל זענען די יינגלעך געווען די קינדער פון היימלאָזע יידישע פאַמיליעס, וואָס זענען געווען אין רוזשאַן פון די ווייסרוסישע געגנט.

ווען מען האָט זיך דערוווּסט אין שטאָט, אַז אין די קאַזאַרמעס זענען דאָ היימלאָזע יידן, זענען גלייך אייניגע יוגענטליכע אַראָפּגעגאַנגען אין די קאַזאַרמעס מיטגענומענ־דיק עסן מיט בגדים. מען האָט געזאָרגט צו שאַפן פאַר די יידן דירות. די יינגלעך האָט מען געשיקט לערנען אין חדר, די מיידלעך אין די פאַרמיטאָג קורסן, גלייך ווי אַלע יידישע קינדער פון שטאָט. די עלטערע מענער פון די היימלאָזע, וועלכע זענען אַלע געווען בעלי־מלאָכעס, האָבן גלייך גקריגן אַרבעט. (איינער פון די היימלאָזע, וואָס זענען דאַן געווען אין רוזשאַן, וווינט אין תל־אביב. איך זע זיך מיט אים פון צייט צו צייט.)

אין דער צייט איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענשטויס פון דער יוגנט מיטן רוזשאַנער רב. דער רב האָט גערופן צו זיך אַ פאָר בחורים פון שטאָט, מיר האָבן באַשלאָסן צו שיקן נאָר איין בחור. ווען דער בחור איז געקומען צום רב, זאָגט צו אים דער רב:

„איך האָב געהערט זאָגן, אַז איר זאַמלט געלט פאַר די יידישע היימלאָזע. ס׳איז זייער שיין פון אייך. עס וואָלט אָבער געווען גוט, איר זאָלט דאָס געלט ברענגען דאָ, בכדי צו קענען העלפן אַלע נויטבאַדערפטיקע, אַלע צוזאַמען נישט יעדער באַזונדער.״

דערויף האָט גלייך דער בחור געענטפערט דעם רב:

„וואָס צו טון פרעגן מיר נישט ביי וועמען, געלט גיבן מיר נישט קיינעם!״

## יוגנט און קולטור דראַנג

די ביבליאָטעק אין רוזשאַן האָט זיך פאַרגרעסערט און עס האָבן זיך פאַרברייטערט די קורסן. איז גערופן געוואָרן אַן אלגעמיינע פאַרזאַמלונג און געוואָרן אויסגעווײלט אַ פאַרוואַלטונג. נאָך דעם האָט די פאַרוואַלטונג באַשטימט, אַז דעם פאַראיין זאָל מען רופן „השכלה״. אזוי איז צום ערשטן מאָל אין רוזשאַן לעגאַליזירט געוואָרן אַ יוגנט געזעל־שאַפט פאַר בילדונג, קולטור, וויסנשאַפט, לעזע־זאַלן, טעאַטער אא״וו, מיט אַ דערלוי־בעניש פון דער אָרטיקער מאַכט.

אויסער די קורסן מיט דער ביבליאָטעק זענען פאָרגעקומען אַלע פרייטיג צונאַכטס ליטעראַרישע פאַרלעזונגען און שמועסן וועגן פאַרשידענע ביכער, און יעדער האָט זיך אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג. אַלע האָבן זיך באַצויגן זייער ערנסט צו די פאָרלעזונגען. שבת נאָכמיטאָג איז געוואָרן פאָרגעלייענט בערנשטיין׳ס נאַטור־וויסנשאַפט. די פאָרלעזונג פון נאַטור־וויסנשאַפט האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע געגנערשאַפט פון די עלטערע רוזשאַנער יידן צום פאַראיין, ווען די יינגלעך און מיידלעך זענען אהיים געקומען און דערציילט, אַז

היינט האָט מען פאַרגעליינט אין פאַראיין ווי אזוי עס שאפן זיך רעגנס, בליצן און דונערן.

"ווי אזוי?" פרעגן די עלטערן.

"פון די קאָנטראַסטן צווישן ווארעמע און קאַלטע לופט, פון עלעקטרישן צוזאמענשטויס אין דער לופט," ענטפערן די יונגע.

"וואָס הייסט פון וואנען קומט רעגן?" ענטפערט א טאטע, "גאָט גיט רעגן, איז דאָ רעגן! וואָס הייסט, מען דארף שוין נישט בעטן גאָט?"

האָט מען געטענעט מיט א געשריי צום רב אין שטאָט:

"רבי, וואָס טוט מען מיטן פאראיין? דער פאראיין פירט אַראָפּ אונדזערע קינדער פון גלייכן וועג! מאכט פון זיי אפיקורסים, משומדים!"

דער רב מיט די בעלי־בתים האָבן גאָר נישט געקענט טאָן געגן פאראיין, ווייל מיר האָבן געהאַט אן ערלויבעניש אויף די אלע פאָרלעזונגען. מיר האָבן זיך געהיט נישט צו ברענגען אין פאראיין קיין אומלעגאלע ליטעראטור אָדער אויפרופן, וואָס זענען אין יענער צייט געווען פארשפרייט אין פוילן געגן דער דייטשער אָקופּאציע.

שבת ביינאַכט האָט א געוויסע צייט געהאלטן א ציקל לעקציעס דאָקטאָר מאַקאָווסקי. דאָס איז געווען א יידישער דאָקטאָר וואָס האָט שטארק סימפּאטיזירט מיט דער יוגנט אין רוזשאן. ער האָט געגעבן לעקציעס איבער אנאטאָמיע, נאכער לעקציעס וועגן היגיענע און געזונטהייט. זיינע לעקציעס האָט מען געהערט ווינטער צייט. זומער זענען אלע געגאַנגען שפּאַצירן שבת פארנאכט. אין מיטן וואָך איז פאָרגעקומען א לעקציע אויף העברע־איש פון הערש מאָטל שטשעטשין. די העברעאישע לעקציעס זענען פאָרגעקומען אין אָ פּריוואטע הויז, ווייל דער פאראיין איז געווען פארנומען מיט די קורסן און מיטן ביב־ליאָטעק. הערש־מאָטל שטשעטשין האָט אויך געגרינדעט אָ ספּאָרט גרופּע, ווו אלע אינסטרוקציעס זענען געווען אויף העברעאיש. ער האָט אויך געלערנט די ערשטע העברעאישע לידער. דאָס ערשטע ליד איז געווען "שאו ציונה נס ודגל".

די קורסן און די ביבליאָטעק זענען שוין געווען גוט איינגעאָרדנט. ס'זענען געווען גענוג ביכער צו בייטן פאר א סך לעזער.

און די קורסן האָבן זיך געקענט כמעט אליין אויסהאַלטן א דאנק דעם גוטן לערער מאַניעק האַלצמאן וואָס איז געווען דאן אין רוזשאן.

### טעאַטער טעטיקייט

מיט דער צייט האָט מען אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן מיט נאָך קולטור אונטערנע־מונגען, ווי טעאטער און געזאנג. ספּעציעל אקטיוו איז געווען דאָס טעאטער ביי אונדז אין רוזשאן. צום ערשטן האָט מען פאָרגעשטעלט אן איינאקטער, אין א נישט צוגעגרייטן פּלאץ, וואָס איז געווען צו קליין אריינצונעמען די אַלע וואָס זענען געקומען זען טעאטער.

נאָך דעם האָט מען זיך גענומען אויספירן אן ערנסטע פאָרשטעלונג. די מבינים, וועלכע האָבן באשטימט וואָס צו שפּילן, זענען געווען רוזשאנער בחורים, וואָס זענען געווען אין די גרויסע שטעט און דאָרט געזעען טעאטער. עס איז באשטימט געוואָרן פאַרצושטעלן גאָלדפאדן'ס "בר כוכבא". דאָס איז געווען א צוגעפּאסטע פּיעסע אין א צוגעפּאסטער צייט. איבערהויפּט פאר אן אָנהויב איז דאָס געווען א געלונגענער אויסוואל. מען האָט

אויסגעאַרבירט טאַלאַנטן פון דער יוגנט, ביז עס איז געוואָרן צוזאַמענגעשטעלט די גרופּע שפּילער:

דינה — חנה־רחל בוכנער (פּרימאַדאָנע)

בר כוכבא — טייבל שעלאַנטשיק

פּאַפּוס — מאַניעק האַלצמאַן

ר׳ עקיבא — שלמה פלאַנטשאַק

צעזאַרע — שרה סעגאַל.

סופליאָר איז געווען מאָטל זאַמעק, דעקאָראַטאָר — לייזער־לייבל זשעלאַזני. עס איז געווען א כאָר פון מיידלעך מיט עטקע פרידמאַן בראש.

די פאָרשטעלונג איז באַשטימט געוואָרן אויף חנוכה, אַזוי אַז יום־טוב זאָל זיין די פּרעמיערע. אָבער צוליב דעם, וואָס די דייטשן האָבן אַרעסטירט אָן אָנטיילנעמער — זיי האָבן געכאַפּט בחורים אוועקצושיקן אויף צוואַנגס־אַרבייט אויפן פראַנצויזישן פראָנט — איז די פּרעמיערע געוואָרן אָבגעלעגט ביז עס איז געוואָרן איינגעשטילט די לאַגע. א סך שפּעטער איז געקומען דער טאָג, ווען עס איז געשפּילט געוואָרן אין רוזשאַן די פּיעסע ״בר כוכבא״.

דער טאָג איז געווען פאַר דער יוגנט ממש א יום־טוב. די פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען אין א גרויסן זאַל, דאָס הייסט אין א גרויסער מיליטערישער קאַזאַרמע אויפן ערשטן פּאָרט, נאָענט צו דער שטאָט. אַלע בילעטן זענען פאַרקויפט געוואָרן. דערביי וויל איך באַמערקן, אַז אַלע אָנטיילנעמער האָבן געקויפט בילעטן. די בינע, די בענק, די דעקאָראַציע האָבן מיר אַלץ אַליין געמאַכט מיט קאָלעקטיוון טאַלאַנט. ס׳זענען געקומען צו דער פאָרשטעלונג ״בר כוכבא״ א סך דייטשע מיליטער־לייט, צווישן זיי אַזעלכע וואָס מען האָט איינגעלאַדן און א סך וואָס האָבן געקויפט בילעטן. ס׳זענען געקומען מיליטער־לייט אָן בילעטן, האָט מען זיי אויך אַריינגעלאָזט. נאָכן שפּילן דעם ערשטן אַקט זענען געקומען די אַלע, וואָס מ׳האָט אַריינגעלאָזט אָן בילעטן, און באַצאָלט נאָך מער ווי דער פּרייז פון די בילעטן איז געווען, אַזוי אַז די פאָרשטעלונג האָט אַריינגעבראַכט א שיינע איינקונפט. אויך דער בופעט, וואָס איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון אסתר פערל מיט סאַלטשע בוכנער, האָט אַריינגעבראַכט איינקונפט מער ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט.

דער אָוונט איז געווען א יום־טוב פאַר דער רוזשאַנער יוגנט און ספּעציעל פאַר די שפּילער, וואָס זענען געווען די הויפּט־מחותנים. אַלע אָנטיילנעמער פון הינטער די קוליסן האָבן זיך געפילט ווי אויף א גרויסער שמחה אין דער משפּחה. נאָך דער פּרעמיערע זענען מיר שפּעט ביינאַכט געגאַנגען מיט א געזאַנג צו אַלטער פערל און דאָרט האָט מען פאַרברענגט ביז פאַרטאָג. דאָס געלט פון טעאַטער הכנסה איז געווען באַשטימט פאַר די קורסן, כדי צו דערמעגליכן נאָך קינדער און אויך דערוואַקסענע, וואָס האָבן נישט געהאַט די מעגליכקייט צו באַצאָלן, זיי זאָלן קענען לערנען אומזיסט. די הכנסה פון בופעט איז געווען באַשטימט פאַר דער ביבליאָטעק, וואָס איז טאַקע איז אויף פּילפּאַכיק פאַרגרעסערט געוואָרן.

די פאָרשטעלונג ״בר כוכבא״ איז געוואָרן פאָרגעשטעלט עטליכע מאָל אויף דער זעלבער בינע. ס׳זענען געקומען זען טעאַטער יידן פון א גאַנץ יאָר און האָבן הנאה געהאַט. אַלע זענען געווען צופרידן, וואָס מען שפּילט טעאַטער אין שטאָט. מען האָט זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צו נייע צייטן. אַלע אין שטאָט האָבן געזונגען די לידער פון ״בר כוכבא״,

ביז עס איז געשפּילט געוואָרן א נייע פּיעסע, ״חסיה די יתומה״, מיטן אָנטייל פון חנה־רחל בוכנער אלס פּרימאַדאָנע.

די פּיעסע ״חסיה די יתומה״ איז געשפּילט געוואָרן נישט אין די קאַזאַרמעס נאָר אין א געבליבענעם שייער, נעבן דער פאַרברענטער שאַמאַוויצעס מיל. ביי דער פּרעמיערע פון ״חסיה די יתומה״ האָט מען אין מיטן שפּילן דערהערט א שטאַרקן טראַך. אלע בענק ווו די צושויער זענען געזעסן האָבן זיך מיט אמאָל אראָפּגעזעצט און אלע מענטשן זענען פאַר אמאָל אראָפּגעפאַלן. א נס איז געווען, וואָס קיינער איז נישט פאַרוואונדעט געוואָרן. מען האָט גלייך זיך גענומען צונויפשטעלן די בענק. אלע וואָס האָבן נאָר געקענט האָבן געהאָלפן, ס׳איז אלעס געוואָרן צוריק אויפגעשטעלט, ווי עס וואָלט גאָר נישט געשען. מיר האָבן אויך באַקומען א דערלויבעניש פון דער דייטשער פּאָליציי פּאָרצוזעצן די פאָרשטעלונג מיט א פאַרשפּעטיגונג, ווייל יעדע פאָרשטעלונג האָט זיך געמוזט ענדיקן צו דער באַשטימטער צייט וואָס איז לויט דער ערלויבעניש.

די יוגנט אין רוזשאַן איז געווען באַגייסטערט, אז אלעס אין אזא קליין שטעטל איז געוואָרן אויסגעפירט ביז דעם מאַקסימום. דער פאַקט, אז רוזשאַנער יוגנט האָט געהאַט די מעגליכקייט צו שפּילן טעאַטער אין דעם גרויסן זאַל פון אַפּיצערן־קלוב אין די קאַזאַרמעס, האָט אויך צוגעגעבן צום שטאָלץ און דערהויבענער פילונג אויף דער אזוי געלונגענער טעטיקייט.

## וועלט־ברויז און ציוניזם

די יוגנט האָט אָנגעהויבן פילן, אז מ׳דאַרף זיך מער דערנענטערן צו וועלטליכע פּראָבלעמען. דאָס האָט זיך אויסגעדריקט צו יענער צייט אין נעמען א שטעלונג צו דער אַקטאָבער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. ס׳האָבן אָנגעהויבן קומען צוריק א היים סאָלדאַטן פון די פראָנטן, און זיי האָבן געבראַכט מיט זיך נייע לאָזונגען. אין דער לופט האָט מען געפילט רעוואָלוציע. דיסקוסיעס, פּריוואַטע געשפּרעכן, פאַרווייַלונגען — אלץ איז געווען דאַן אין דעם גייסט. ביי דער יוגנט האָבן זיך אָנגעהויבן קריסטאַליזירן אידעען און עס האָבן זיך אויך געשאַפן פּאַרטייאישע גרופּירונגען, מיט שאַרפע דיסקוסיעס, ווי עס פּאַסט פאַר אזא שטורמישער צייט.

יעדער האָט געוואָלט איבערצייגן דעם צווייטן, אז זיין אידעע איז די ריכטיקע. בורזשואַזיע, קאַפּיטאַל, דעמאָקראַטיע, רעוואָלוציע און דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט דאָס זענען געווען די הערשנדע טעמען פון אלע געשפּרעכן. ציוניזם האָט געהייסן שאָוויניזם. אין אזא צייט, וואָס מען זעעט און מען הערט אז אָט אָט ווערט באַפרייט די גאַנצע וועלט פון שווערן קאַפּיטאַליסטישן עול, וואָס איז געווען דער גורם פון אונטערדריקונג און פאַרשקלאַפונג פון פויער און אַרבייטער, די שאַפער פון דער פּראָדוקציע אויף דער וועלט — ווי קלערט מען פון נאַציאָנאַלער ווידער־אויפלעבונג? ווי קען מען דאָס פאַרלאַנגען, ווען אלעס איז אזוי נאָענט פאַרווירקליכט צו ווערן? ווען די וועלט שטייט פאַר א נייעם מאָרגן־שיין — זאָלסטו זיך אויפהויבן אלס ייד און אוועקגיין אין א ווייטן ווינקל, ערגעץ ווו אין אַזיע, און אָנהויבן פונדאַסניי אַן עקספּערימענט, וואָס מ׳ווייסט נישט וואָס און ווי אזוי עס וועט אויסזען. צו וועט זיך דאָס איינגעבן, ווי עס שטעלט זיך דאָס פאַר דאָקטאָר הערצל אין זיין בוך ״אלט־ניי־לאַנד״.

שווער איז געווען די לאַגע פון פּראָלעטאַרישע ציוניסטן אין יענער צייט. די חברים פון

"בונד" האָבן ביי יעדער געלעגנהייט געלאָזט הערן דאָס ליד, וואָס האָט אפגעלאַכט פון די תחית־המתים פריידיגער. דאָס ליד האָט געהייסן "דער געזאַלצענער ים". איבערהויפּט סאַרקאַסטיש איז געווען דער טייל פון ליד, ווו ס'רעט זיך וועגן "רבנים, משכילים, גבירישע קינדער — זיי רופן נאָך ציון א לאַנד, ווו ס'ליידן טויזנטער ארבייטער, איז מען טויב ווי די וואַנד". ווער עס האָט נישט מסכים געווען מיט רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען איז באַצייכנט געוואָרן מיטן נאָמען "אומבאַוווסטזיניקער קאָנטער־רעוואָלוציאָנער" אדער "משרת פון דער בורזשואזיע".



"פּועלי ציון" ברוז'אַן, ב־1918.
גאָלדע ביילים, פּעשע גרושקאַ, שיע בזשאַזאַ און אסתר זאַמעק; שרה גאָלדשטיין און איטשע לויפּער.

צו פאַרווירקליכן דעם אידעאַל פון פאַרן קיין ארץ־ישראל זענען געווען "פּועלי־ציון" די ערשטע אין שטאָט. איך האָב זיך דאַן געוווּנדערט צו צענדליקער בחורים אין רוזשאַן פון אַלע פאַרטייען וועגן פאָרן דאַן קיין פּאַלעסטינע, אָבער קיינער האָט זיך נישט אָפּגע־רופן פּאָזיטיוו צום פאָרשלאַג. אין די צייט וואָס יוגנטליכע האָבן געזוכט פאַרשידענע וועגן ווי אַזוי אויסצוואַנדערן פון פּוילן, וואָס איז דאַמאָלסט געווען אין מלחמה מיט רוסלאַנד און יידן האָבן נישט געוואָלט גיין זיך שלאָגן געגן רוסלאַנד, האָבן זיי נישט געווענדעט זייער בליק אויפן וועג קיין ציון, נאָר געגן ציון.

איך געדענק, אַז ביי די ערשטע וואַלן צום ערשטן פּוילישן סיים האָט א רוזשאַנער ייד, א חסיד, געטעט געגן ציוניזם זאָגנדיג אין זיין רעדע, אַז יידן זאָגן יעדן טאָג "אני מאמין באמונה שלמה בביאת המשיח". נאָך דעם האָט אַ פּועלי־ציוניסט געפרעגט די חסידים:

"יידן זאָגן אַלע טאָג 'ברוך מלבוש ערומים', דאָך ווען עס צורייסט זיך א מלבוש, גייט מען צום שניידער מאַכן א נייעם מלבוש און מען וואַרט נישט ביז דער מלאך וועט אים ברענגען. ווען עס איז א פראַגע פון לעבן, ראַטעוועט מען זיך מיטן זאָגן אני מאמין?"

נאָך דער פאַרזאַמלונג קומט צו א ייד צום דעם פרעגער, און זאָגט אים:

"ווען דו שטעלסט דיין פראַגע מיט פינף יאָר צוריק, אין די צאַרישע צייט, וואָלסטו אוועקגעגאַנגען אין קייטן קיין סיביר פאַר אזא פראַגע. איר האָט שוין פאַרזאָרגט די גאַנצע וועלט, איר האָט שוין געברענגט די רעוואָלוציע, זאָרגט נישט פאַרן יידישן פאָלק, דאָס יידישע פאָלק האָט אין הימל א פאַרזאָרגער!"

דאָך האָט זיך ענטוויקלט א ציוניסטישע באַוועגונג מיט שאַטירונגען בירגערליכע און פּראָלעטאַרישע. עס האָט געברויזט מיט ציוניזם, הגם ס'איז באַקוועמער געווען געהערן צום "בונד". די לאַגע פון די "פּועלי־ציון" איז געווען זייער א שווערע. זיי זענען געווען אין קלעם צווישן נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם. ביי די ציוניסטן זענען די "פּועלי־ציון" נישט געווען גענוג נאַציאָנאַליסטיש, ביי די בונדיסטן — נישט גענוג סאָציאַליסטן, ביי די קאָמוניסטן — קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן. דאָך האָט זיך דאָן די "פּועלי־ציון" באַוועגונג שטאַרק ענטוויקלט. זיי זענען אין רוזשאַן געווען גוט אָרגאַניזירט. אפילו זיי זענען געווען א קלענערע צאָל, האָבן זיי געהאַט דעם שענסטן קלוב. די ערשטע און בעסטע טעאַטער אויספירונגען האָבן זיי געמאַכט.

דאָס קליינע שטעטל רוזשאַן איז פּלוצעם אויסגעוואַקסן און געוואָרן פאַר דער יוגנט דער אידעען צענטער פון זייער וועלט. דאָ איז געוואָרן דיסקוטירט איבער אַלע וועלט־פּראָבלעמען, נאָך מער ווי איבער יידישע פּראָבלעמען. אויף וויפל איך געדענק זענען אין רוזשאַן געעפנט געוואָרן דריי פּאַרטייאישע קלובן: א ציוניסטישער, פּועלי־ציוניסטישער און א בונדישער. אזוי האָט געוואָלט דער גורל, אַז די דריי בעסטע חברים פון נעכטן זענען געוואָרן די פירער פון די דריי פּאַרטייען אין שטעטל, און אלס אזעלכע די גרעסטע פּאַרטיי געגנער.

איך וויל דערביי צוגעבן, אַז אפילו נאָכן שאַפן די פּאַרטייען זענען די יוגנט חברים אין רוזשאַן געווען פריינדליך איינער צום צווייטן. דאָס האָט זיך דערקענט אין די פּערזענליכע באַציאונגען און יוגנטליכע טרעפונגען, ווי ביי שפּילן טעאַטער און אויך פּאַרטייאישע פּאָרלעזונגען, וואָל פאַרזאַמלונגען אד"ג.

די איבערגעגעבנקייט און ערליכקייט פון דער יוגנט איז ווערט באַצייכנט צו ווערן. ס'איז נישט געווען דער פאַל, אַז אין רוזשאַן זאָל ווערן וועמען פון דער יוגנט פאָרגע־וואָרפן, אַז ער זאָל האָבן אויסגענוצט געזעלשאַפטליכע מיטלען אָדער געלטער פאַר פּריוואַטע צוועקן. ס'זענען געווען פאַלן וואָס משפחות האָבן זיך געמשפּט אין סאָנדעס אָדער ביי רבנים דין־תורה'ס און ס'האָט אָפּגעקאָסט א סך געלט, און מען האָט זיך נישט געקענט אויסגלייכן, ביז זיי האָבן זיך געווענדעט צו דער יוגנט, אַז זיי זאָלן דאָס אויסגלייכן, און זיי, די יוגנט, האָבן דאָס פאַרמיטלט און געבראַכט צו א גינסטיגן אויסגאַנג פאַר אַלע צדדים.

יצחק סנדורוביץ / רמת־גן

## נעורים וחיי תנועה



"ספר יזכור" לרוז'אן מטרתו להנציח את זכר קדושינו, אשר הושמדו בידי מרצחיו של היטלר במלחמת־העולם השנייה, האכזרית במלחמות. מן הראוי אפוא, שהכתיבה על רוז'אן תהיה קשורה בנושא טראגי זה. אולם אני, נתמזל מזלי ולא עברתי את התקופה הזאת ברוז'אן ולא חזיתי את מוראותיה מבשרי, כיוון שעליתי ארצה במאי 1938. לכן אוכל להעלות על הנייר זכרונות מעירי רק עד סמוך לפרוץ המלחמה והתחולל השואה, ובזה אתרום משלי להנצחתה.

כאשר הגיעה הידיעה על המלחמה, עבר רטט בלב כולנו כאן בארץ. חרדנו לגורל משפחותינו וקרובינו, וכן לגורל העיירה כולה, אשר היתה כה קרובה ללבנו. בחודשים הראשונים למלחמה נותק כל קשר עם רוז'אן. אחר־כך התחלנו לקבל ידיעות ואף מכתבים מבני המשפחה ומקרובים, שברובם נשארו בחיים אחרי הפלישה ההיטלריסטית לפולין ואשר הצליחו לברוח מהשטחים אשר הגרמנים שלטו בהם.

אז נודע לנו על הצרות והתלאות, שעברו על יקירינו ושהיו מנת־חלקם של כל תושבי רוז'אן. ידיעות מעטות אלה הספיקו לזעזענו עד עמקי הנפש. ומי יכול היה להעלות על הדעת, שכעבור כמה שנים תושמד יהדות פולין כולה, אותה יהדות תוססת, ערה ויקרה, על שפע ערכיה התרבותיים, החברתיים והכלכליים, על הנוער העצום ברוך האידיאלים הגדולים לעתיד יותר טוב בשביל עם ישראל בארצו.

העיר שלנו רוז'אן נספתה אף היא וגורלה היה כגורל המר של אלפי ערים ועיירות יהודיות ברחבי פולין. רק שרידים נשארו לפליטה. הם הגיעו אלינו ומהר נודע לנו על החורבן הגדול ועל השמדת יקירינו וקרובינו, אשר נפלו על קידוש־השם באשר יהודים היו. תהיה נפשם צרורה בצרור החיים בדורנו ובדורות הבאים לעד. נזכרם ונלמד את הלקח המר של השואה. לצערנו העמוק, העולם החופשי ועולם המחר עמדו מנגד ולא ניסו לעצור את הטבח בעם עתיק יומין ולמוד סבל. הם המשיכו את חייהם כאילו מאומה לא קרה, והפסוק של ביאליק משירו "בעיר ההרגה" נתקיים במלואו: "השמש זרחה, השיטה פרחה — והשוחט שחט." לפיכך מוטלת עלינו החובה לזכור ולהזכיר.

עברו כבר יותר משלושים שנה, עם כל־כך הרבה מאורעות ומלחמות, עד כי חלקם נתערבו ונטשטשו בזכרוני. אנסה לספר אחדים מזכרונותי, שאני זוכרם בבהירות.

בשנת 1914, לעת מלחמת־העולם הראשונה, נדדה משפחתי ועקרה לרוסיה הצארית. סבלנו רבות כפליטים, ידענו נגישות ופרעות הן מצד הצבא הלבן (הקונטררבולוציונרים) והן מצד כוחות המהפכה הבולשביסטית בשנת 1917. אחרי תלאות וטלטולים רבים חזרנו עם גמר המלחמה, בשנת 1920, לפולין ולעירנו רוז'אן.

בשנת 1926 נסחפתי בזרם החיים הפוליטיים, לתוך חבורה של נוער שנקראה ״דער גרינער קרייז״ (החוג הירוק), חטיבת־הנוער של מפלגת פועלי־ציון שמאל. אחרי זמן קצר נטשתי חוג זה והצטרפתי ל״החלוץ הצעיר״, אלא שגם בתנועה זו לא נשארתי זמן רב. כוח המשיכה בעיירה היה לתנועת ״השומר־הצעיר״, וגם אני נמשכתי אליה. בגיל שש־עשרה בערך נרשמתי כחבר בה, והייתי פעיל בתנועה זו עד עלייתי ארצה. אני זוכר שחברים רצו להניעני מחברות ב״השומר־הצעיר״ ודיברו על לבי: ״איך אתה יכול, בעצמך פועל ובן למשפחת פועלים, להצטרף לתנועה כזאת, שנמצאים בה בעיקר בני אמידים ועשירים?״

תנועת ״השומר־הצעיר״ היתה בתקופה זו ברוב פעולותיה תנועה צופית. היא עסקה בטיולים, ספורט, שירה וריקודים, וכן דאגה לגיבוש חברתי ויצירת קשר אמוציונלי במסגרת הקבוצה. מאידך גיסא היא טיפחה את רעיון הציונות הסוציאליסטית, שהדגש בה הושם על חיי שיתוף. לכן היתה המטרה הראשית של חינוכה החברתי־תרבותי העלייה לארץ והגשמה בקיבוץ.

סיבה נוספת למשיכתה של התנועה היתה נעוצה בקסמה החיצוני, בפעולותיה ובהופעתה. בקן ״השומר־הצעיר״ מצאנו חיים עליזים, חיי חברה תוססים ואושר נעורים, אחרי יום־עבודה קשה או אחרי יום־לימודים בבית־הספר.

הפעולה התרבותית היתה בלימוד הלשון העברית, שיחות עיוניות וחינוכיות, מסיבות לרגל החגים העבריים המקוריים. פעולות אלה הפיחו רוח־חיים בצעירים ועוררו התעניינות רבה. הן נהפכו לחוויות נעורים בלתי־נשכחות.

הדמות המרכזית בקן השומרי ברוז׳אן היה חברנו **אריה בוכנר** ז״ל. הוא היה הרוח החיה, המכוונת והמדרבנת, של הקן בעירנו, ופעל הרבה שנים ובלי לאות. סביבו התרכזו הרבה בני־נוער, מגיל בית־הספר העממי וכן בוגרים. גם נערים ונערות, אשר עבדו ביום בתור שכירים, מצאו את מקומם בתוך שורות ״השומר־הצעיר״. פעולתו המבורכת של אריה בוכנר, בעזרת חברים יותר צעירים וגם יותר מבוגרים, כמו **בנימין פרנקל** ז״ל, נתנה דחיפה



קבוצת ״שושנה״ של קן ״השומר הצעיר״ ב־1930, על רקע הנארב; ...אין הינטערגרונד דער נארעוו. רבקה שלונטשיק, גאָלדע מיידענבוים, מרים שלונטשיק, פריידע קאווה, צורה טשערווין, מלכה קערש, עטא ראזנבלום, חנה גאָגאָל (באמצע, אין מיטן).



קבוצת בוגרי "השומר הצעיר" ברוז'אן.
רחל גראדוביטש, גאָלדע מיידענבאום, ח. ש. קוואַרטאָוויטש, משה מרגוליס, ל. פיעפש, יצחק סנדורוביץ,
ח. פריימאן, א. וויגאָדא, ש. פריימאן, בנימין כראָבאָטעק,
צבי שלונטשיק, אסה רוזנבלום, נ. שאפראנוביץ.

לגידול מהיר והתפתחות עצומה של הקן השומרי בעירנו, ובמרוצת הזמן נהיה "השומר־הצעיר" לתנועה הגדולה ביותר ברוז'אן.

מובן שהיו עוד תנועות־נוער ומפלגות ציוניות־סוציאליסטיות, אשר גם הן תרמו את חלקן המבורך לדמות עירנו ולהתפתחות הנוער שלה. כולן ביחד הפכו את רוז'אן לעיר תוססת, בעלת תרבות ורוח לאומית.

בבית משפחת בוכנר, שניצב במרכז העיר פינת רחוב וורשבסקה, שכן הקן של "השומר־הצעיר" במשך שנים רבות. בבית זה התרכזו כל הפעולות של הקן וממנו התנהלו כל המפעלים למען ארץ־ישראל, כגון המפעלים השונים למען הקרן־הקיימת, קרן־היסוד, הליגה למען א"י העובדת, "החלוץ". וכן יצאו מבית זה היוזמות להופעות תרבותיות שונות, תיאטרון, נשפי ריקודים, הרצאות על נושאים פוליטיים וספרותיים. בו שכנה גם ספרייה, גדולה יחסית. אפשר לומר, כי בית זה היה מרכז העצבים של כל הפעולות הללו. עשרות בני־נוער מצאו בבית זה עניין רב ורקמו בו את חלומותיהם על עתידם בהגשמה ציונית חלוצית. תמיד בקעה ממנו שירה והשרתה רוח ארץ־ישראלית על העיירה.

וזוכר אני במיוחד את ל"ג בעומר, החג הלאומי היפה. אותו יום היתה העיירה מתרוקנת מהנוער. כל חברי הקן היו יוצאים ליום שלם לבלות בחיק הטבע, ביער שבקירבת העיר. היו צועדים בסך, בשירה, וקול החצוצרה שליוותה את הצועדים חדרה לכל בתי העיר. ולפנות ערב, כשהיינו חוזרים עליזים וגאים ושיכורי־חוויות, היו תושבי העיר מקבלים אותנו במחיאות־כפיים סוערות. למרות התנגדות הרבה הורים, כולם ראו בנו את הדור של התחדשות העם, דור ההגשמה של החלום הציוני.



קבוצת ראשוני "השומר הצעיר" ברוז'אן עם בנימין פרנקל.
פון די ערשטע "השומר הצעיר" אין רוזשאן, צווישן זיי בנימין פרנקל.

חיינו את פעולות התנועה וערכיה באינטנסיביות רבה. כל אחד מאתנו ידע, כי חיינו ברוז'אן הם בני חלוף, ואילו העתיד צפון באידיאלים של התנועה. זה היה צו השעה בכל התנועות, שכן הנוער היהודי ברובו ראה נכוחה את המצב והרגיש מה עומד להתרחש. האנטישמיות הפולנית היתה חשופה לעין כול, וכל אחד יכול היה להרגיש מה צפוי ליהדות פולין. חבל רק שחלק גדול מהיהודים לא העריך כראוי את מטרות התנועה הציונית כפתרון לשאלה היהודית בגולה.

בשנת 1933, כשהיטלר חגג את נצחונו אחרי הבחירות בגרמניה, הרגשנו ביתר שאת מה מתרגש לבוא עלינו. אבל דוקא בשנה זו התחולל משבר בתוך התנועה הציונית־חלוצית. אנגליה, ארץ המנדט על פלשתינה (א"י), קיצצה את העלייה וצימצמה את סיכוייה. הבעיה הערבית־יהודית החלה נותנת אותותיה. הערבים בארץ המשיכו בפעולות טרור על ישובים והתנכלו בדרכים. המצב מבחינה פוליטית וכלכלית נעשה גרוע. וכל זה השפיע על התנועות בגולה. התחילה נשירה חזקה מהשורות הציוניות, והאכזבה היתה מנת־חלקם של הרבה חברים. התנועה נחלשה ורבים עזבו את ריכוזי ההכשרה.

בכל זאת נשארו בקן שלנו ברוז'אן לא מעט נאמנים שהמשיכו בדרך עד להגשמת החלום — העלייה לארץ. ועל כך יש להודות לחברנו חיים פרל ז"ל, שהיה ממייסדי הקן ברוז'אן והדמות המרכזית בו במשך שנים. (הוא היה בארץ מיוזמי ארגון יוצאי רוז'אן, ונפטר בתל־אביב בשנת 1942 בדמי ימיו.) עבדתי במחיצתו תקופה מסוימת. פעלנו יחד בניהול הקן עד עלייתו ארצה בשנת 1934. חיים היה אדם אציל־נפש, חברי ואדיב, בעל אופי חזק ולב טוב, ואהוב על משפחתו ועל הכול.



גדוד בוגרי "השומר הצעיר" ברוז'אן.

השנה האחרונה לפני עלייתי ארצה היתה קשה מאוד. אנטישמיות גלויה וברוטלית השתוללה ברוז'אן. הבריונים לא נתנו מנוח ליהודי העיר, בעיקר בלילות ובימי ראשון בשבוע. בימי שוק ויריד היו הופכים את הדוכנים של היהודים על סחורותיהם, ולא אחת גם הרביצו מכות. בערבי יום ראשון היה פחד לעבור ברחובות העיר. חיילי הפודחורונז'ובקה (בית־ספר לקצינים) שנשארו בעיר היו מסתובבים ברחובות שיכורים ורודפים אחרי יהודים שהעזו לצאת מבתיהם. לא פעם שמעת, בהיותך בבית, צעקות וקריאות לעזרה, להצלה. אבל אף אחד לא יצא כדי לעזור ולהגן. זו היתה הרגשה של חוסר־אונים מדכא. בלב קינן כאב צורב, אולם איש לא העלה על הדעת, כי זה כאין־וכאפס לעומת מה שהגורל צופן בחובו ליהדות פולין וליהודי אירופה כולה.

עם עלייתי ארצה נשאר הקן בניהולו של **אפרים בן־דור (בנדר)**, שעבדתי אתו ביחד תקופה ממושכת, לאחר שנקרא לפעולה בקן מההכשרה.

עזבתי את הבית ואת המשפחה, יצאתי את העיירה כמעט בסתר, והצלחתי לעלות ארצה. הרבה זכרונות וחוויות נחרתו בלבי. עד היום לא שכחתים ולא אשכחם כל ימי חיי. אזכור את הנוער היפה שהושמד ולא זכה להגיע עד הלום, את היהודים שחיו ברוז'אן ספוגי מסורת ותרבות יהודית, את תקופת הנעורים התוססת בקן השומרי, את הנוף המקסים לאורך הנהר, כל הנוף המרהיב שהרבינו להתפלא ממנו.

על כל זכרונותינו היפים מעיב צל קודר, שחור משחור — גורלם הטראגי של אחינו ואחיותינו, יהודי עיירתנו ויהודי פולין כולה. הלב דואב אצל כל אחד מאתנו על בני משפחתו ועל יהודי רוז'אן כולם, שיחד עמהם חיינו שנים רבות ופעלנו למען המטרה המשותפת, והם לא זכו לעלות. יהי זכרם ברוך לנצח!

# לינקע פועלי־ציון אין רוזשאַן



ס'איז שווער פעסטצושטעלן, ווען די לינקע פועלי־ציון־פאַרטיי אין רוזשאַן איז געגרינדעט געוואָרן. עס איז אָבער קלאָר, אַז אין 1917 איז שוין געווען אַ גרויסע גרופּע חברים, וואָס האָבן זיך גערופן פועלי־ציון. דאָס זיינען געווען: **מאָטל זאַמעק (ארמוני), יוסל־מאיר שמעציכאָווסקי, שיע בזשאַזע, ברוך זשעפּקע, יצחק בענדער, מרדכי לאָסקע א. א.**

אין 1918 קומט פאָר די ערשטע פועלי־ציון קאָנפערענץ אין וואַרשע און מאָטל זאַמעק פאָרט אַלס דעלעגאַט פון רוזשאַן. דאָרט האָט זיך מאָטל געטראָפן מיט דעם חבר שאול אַמסטערדאַם און באַשלאָסן עולה צו קיין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען אַ לעבעדיקער באַווייז ווההין אונדזער פאַרטיי פירט.

די קאָנפערענץ האָט געגעבן אַ שטויס פאָרויס. זי האָט פאַרברייטערט און אינטענסיפיצירט איר טעטיקייט. עס טרעטן אַריין אין איר אַ סך נייע חברים. עס וואַקסט דער אַקטיוו. ס'זענען טעטיק: **נתן זשעפּקע, יחזקאל געלטשינסקי, לייזער ביילים, שיע בזשאַזע, אלתר פראַיז, עטקע בענדער, שמואל בזשאַזע, ציפּקע מלאַך, פייבל וואַפּניאַזש, די ברידער גראַלע, ליבע בזשאַזע** או"וו.

דער לאָקאַל פאַרנעמט דאַן אַ גאַנצן שטאָק ביי **מענדל רושיניאַק**. דאַן ווערט אויך געגרינדעט די ביבליאָטעק און עס ווערט געפירט אַ ברייטע קולטורעלע און פּאָליטישע טעטיקייט. דאָס געפעלט נישט דעם פּוילישן רעזשים, און ווי נאָר ס'קומט אַ נייער פּאָליציי־קאָמענדאַנט, געפינט מען אַ תרוץ, אַז עס איז נישטאָ פאַר אים אַ בעסערע וווינונג און מ'קאָנפיסקירט אונדזער לאָקאַל פאַר זיינעטוועגן. ס'האָט נישט געהאָלפן אונדזער פּראָטעסט און די אינטערווענץ פון אונדזער חבר, דער סיים־דעפּוטאַט **יצחק שיפּער**. מיר בלייבן אָן אַ לאָקאַל. די פּרוכטבאַרע, געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אונדזערע ווערט איבערגעריסן אויף אַ געוויסע צייט, ביז מיר גייען אַריבער אין לאָקאַל פון דער יוגנט און אין קליינעם קעלער־צימער האָבן געמוזט ווייטער פירן אונדזער אַרבעט.

אין יאָר 1920, ווען די פועלי־ציון־פאַרטייען אין דער וועלט האָבן זיך געשפּאָלטן, איז אין רוזשאַן קיין שפּאַלטונג נישט געווען. אַלע חברים זיינען געגאַנגען מיט די לינקע פועלי־ציון. אין דעם אַקטיוו קומען צו די יונגע חברים: **מאַשקע שולצער, נפתלי און אליהו ווילגאַטוויטש, משה בזשאַזע, חילקע וויגאַדע, בערל קערש, ש. נאַגל, רבקה מלאַך, נחמן יאַזשאַמבעק, שלמה שמיעטשיכאָווסקי, משה פּרענקעל, ברכה פלאַטקע און וועלוול פעלד־מאַרק**. די יוגנט אָרגאַניזאַציע איז זיך ווידער צעוואַקסן און מ'האָט זיך מיט איר גערעכנט אין די פאַרטיי־קרייזן פון דער געגנט.

אין דעם זעלבן יאָר גרינדן מיר דעם דראַמאַטישן קרייז. ס'קומט צו אַ וויכטיקער פאַר־

דער פחד איז שטאַרקער ווי דער באַוווסטזיין. פּלוצעם הערן מיר דאָס בריקל לעבט אויף און אַט הערן מיר דאָס אָפּקלאַפּן פון שדים פּיסלעך. (ווי באַוווסט, די שדים האָבן אַן אויסזען, דאָס הייסט א גוף, פון מענטשן און קעלבערנע פּיס.) מיר דריקן זיך צוזאַמען, שעמען זיך מודה צו זיין. עס ווילט זיך אַנטלויפן אַהיים, צו טאַטע־מאַמע, ווייט פון וויסטיקן בריקל, אָבער מ׳שעמט זיך און מען זיצט צוזאַמענגעדריקט. אין האַרץ איז ענג און הייס און די שדים־פּיסלעך טופּקען אָן אויפהער. מיר וואַרטן. דערווייל טשעפּען זיי אונדז נישט, קאָן מען נאָך וואַרטן.

אין דעם הערן מיר אַ וואָגן פאָרט, קומט צו נאָענט צו אונדז, און פון וואָגן שפּרינגט אַראָפּ משה קצב. מיר האָבן אים דערקענט, אָבער ער איז געווען צערודערט און צעשראָקן און פאַנגט אָן צו אונדז רעדן פּויליש. מיר ענטפערן אים אויף יידיש און ער דערפרייט זיך גאָר שטאַרק:

״קינדערלעך, שדים האָבן מיר אַ קעלבל אַראָפּגעשלעפּט פון וואָגן. ס׳פעלט מיר אַ קעלבל. מ׳טאָר מיט דעם אַלדער בריקל נישט אָנהויבן, זאָג איך אייך!״

דאָ האָבן מיר זיך אויך דערפרייט. דער פחד איז פּלוצעם אוועק, ווייל מיר האָבן פאַר־שטאַנען וואָס דאָס טופּקעריי איז געווען. זיין קעלבל האָט דאָס אָנגעמאַכט דאָס קעלבערנע פּיס קלאַפּעריי, ווען ס׳איז אַראָפּ פון וואָגן און פשוט אַנטלאָפן.

זענען מיר אַראָפּ צום רוזשאַניעץ און אָנגעהויבן זוכן זיין קעלבל. אָבער פּלוצעם האָבן מיר דערזען אַז דאָס וואַסער ברענט, דער רוזשאַניעץ איז פאַרדעקט מיט פלעמלעך. און ווידער איז אונדז באַפאַלן אַ פחד, און די הערצעלעך קלאַפּן ווידער גאָר שטאַרק. מיר האָבן געוואָלט אַנטלויפן, אָבער וואָס גיכער. אַ נס וואָס די גויים ביים טייכל האָבן דערקענט דעם קצב און זיך אָפּגערופן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען פישערס, וואָס כאַפּן פיש מיט דער הילף פון לאַמטערנעס.

אַ לעגענדע האָט געפּלאַצט און אונדזער באַוווסטזיין האָט זיך געשטאַרקט און געזיגט. אַ דאַנק די לאַמטערנעס איז אויך משה קצב געהאָלפן געוואָרן — מ׳האָט געפונען דאָס קעלבל.

## דער סוד פון נוח ביילקעס דער פאַרבערקערס

אַזוי האָט מען אים גערופן, אויף זיין ווייבס נאָמען, ווייל ביילקע האָט אויסגעטראָגן אויף אירע שוואַכע אַקסלען דאָס שווערקייט פון פּרנסה, פון אויסהאַלטן אַ שטוב און דערציען קינדער, און צו דעם אַלעמען — דערמעגליכן איר מאַן ער זאָל קענען פירן זיינע עולם־הבא געשעפטן. און ווייל זי האָט דאָס געטאָן מיט ליבע און קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגט, האָט דאָס שטעטל פאַרשטאַנען, אַז וואָס נוח וועט איינבערענגען מיט זיין לערנען, איז עס אַ דאַנק איר, זיין ווייב, און זיי האָבן דאָס אויסגעדריקט מיטן באַצייכענען זיין צוגעהעריקייט צו איר: נוח ביילקעס, ביילקע דער פאַרבערקערס.

נוח איז געווען אַ ייד אַ לערנער, געלערנט באַטאָג און באַנאַכט. מיר האָבן געוווינט נעבן זיי און כ׳האָב געקאָנט זיך צוקוקן צו זיינע מנהגים. כ׳האָב אים תמיד באַוווּנדערט אין זיין אויסערגעוויינליכער אויפפירונג. נאָר איינמאָל האָט פּאַסירט אַ זאַך, וואָס האָט נאָך מער אַרויסגערופן מיין ערשטוינונג.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען רוזשאַנער יידן עוואַקויאירט געוואָרן. יעדער האָט געכאַפּט וואָס נאָר ער האָט געקענט און געלאָפן. נוח ביילקעס האָט געכאַפּט זיין

טלית־און־תפילין און נאָך עפּעס אַ פּעקל און געלאָפן. מיר האָט זייער אינטערעסירט, וואָס איז דאָרטן דאָ אין דעם פּעקל, וואָס נוח האָט געהאַלטן פאַר אַזוי וויכטיק ? אָבער מיר האָבן נישט געקאָנט דערגיין דעם סוד.

מיר האָבן געוווּסט, אַז נוח לייגט נישט קיין אַכט אויף עסן. ער פּלעגט עסן נאָר צוליב די ברכה פון נטילת־ידים און אַנדערע מצוות וואָס זענען פאַרבונדן מיט עסן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער פּעקל איז פאַרבונדן מיט עפּעס העכערס ווי עסן. בקיצור, דער סודות׳דיקער פּעקעלע האָט אונדז גאָר שטאַרק פאַרנומען.

נוח איז געווען אַ צעשטרויטער אין אַלע וועלטלעכע ענינים, ממש אַ צעמישטער. ס׳האָט אַ מאָל פּאַסירט, אַז אויפן ברית פון איינעם פון זיינע זין האָט ער אַ נאָמען געגעבן דעם נייגעבאָרענעם מיטן נאָמען פון זיינס אַ פריערדיקן קינד. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכע צעטומלונג און מ׳האָט ניט געוווּסט, ווי אַרויסצוקריכן פון דעם עסק. אָבער וואָס קאָן מען פאָדערן פון נוח׳ן, אַז אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט דער אונטערשטער וועלט איז פאַר אים אַן אָפּקומעניש. שפּעטער איז דאָס קינד געשטאָרבן. האָבן אַלע געזאָגט, אַז צוליב דעם שלעכטן פאַל פון דאָפּעלטן נאָמען איז עס נעבעך געשטאָרבן.

מענטשן האָבן זיך באַצויגן צו נוח׳ן מיט אַ געמישטער באַציאונג. ס׳איז געווען אין איר דרך־ארץ פאַר זיין תורה לערנען און אַ פאָרוווּרף פאַר זיין אומפאַראַנטוואָרטליכקייט צו זיין פרוי און קינדער, ווייל זאָרג פאַר פרוי און קינדער איז אַ יידישקייטס פּראָגע פּונקט ווי תורה. אָבער איך האָב אים באַקוקט ווי אַ רעטזעל, אַן אויסנאַם, אַן אָביעקט פון אויסטערלישקייט. איבערהויפּט האָט מיך באַשעפטיקט די פּראַגע פונעם פּעקל, פון אָט יענעם טלית־און־תפילינדיקן מיטגעשלעפּ אין דער מלחמה צייט.

אין 1916, ווען רוזשאַנער האָבן זיך אומגעקערט אַהיים פון אָסטראָוו, איז נוח אַריין וווינען אין הויז פון נחום קורלענדער, וועלכער איז געבליבן אין רוסלאַנד. מיר אויך האָבן זיך באַזעצט אין דעם זעלבן הויז. ס׳איז געווען בלויז אַ צופאַל, אָבער אַ דאַנק דעם צופאַל האָב איך אויסגעפונען דעם סוד פון פּעקעלע.

איך האָב מיך געחברט מיט זיין הירש׳ן און ביידע האָבן מיר באַשלאָסן צו שטיין אויף דער וואַך און אויסנוצן יעדע געלעגנהייט. איינמאָל אין אַן ערב ראש־השנה, ווען נוח איז אַוועקגעפאָרן צום רעבין (און רעבי מיינט גער), האָבן מיר ביידע, זיין זון הירש און איך, דערשנאַפּט דאָס פּעקל און מיט גרויס האַרצקלאַפּעניש אַרויס דערמיט אין הויף. דאָ האָבן מיר זיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל און גענומען אויפוויקלען די שמאַטעס אין וועלכע דער סוד איז געווען איינגעפּאַקט. מיר האָבן געמיינט צו געפינען געהיימע כתבים, סודות פון קבלה אָדער אפילו דעם שם־המפורש. און וואָס האָבן מיר געפונען ? — איינגעראָלטע פּאַפּירן מיט זעלטענע געמעלן. ס׳האָט אונדז פאַרכאַפּט דעם אָטעם: דער גאַנצער בית־המקדש, אין זיין פולער פּאַרביקער פּראַכט, וואָס נאָר אַ בענקענדיקע פאַנטאַזיע פון אַ זון פון אַ געפּלאָגט פאָלק קאָן אַזעלכעס אויסטרוימען!

מיר האָבן אויסגעשפּרייט די פאַרבנרייכע פּאַפּירן און געזעסן און געשטוינט. און דאָן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דורך אַזעלכע יידן האָט אונדזער עקשנות׳דיק פאָלק זיך אָנגעהאַלטן ביים אייביקן טרוים פון אַלטן היימלאַנד און פון מלכות ישראל. דאָס גרוי־קייט פון זיין ליכטלאָזן לעבן אין גלות האָט ער באַפאַרבט מיט בונטע רעגנבויגן פאַרבן פון אַן אַלטן טרוים. נוח ביילקעס איז געווען דער פאַרבן־טרעגער פון אונדזער זעלבסט־

שטענדיקייטס טרוים. פאַר אים איז די אויסגעבענקטע מדינת ישראל געווען אויסגע־פערטיקט ביז צום לעצטן פאַרבן דעטייל, ביז צום לעצטן שטריך.

## דוידקע דער שלאָסער און שמיד

דוידקע איז געווען אַ שלאָסער און אַ שמיד. ער פלעגט שמידן רייפן צו פעסער, שאַרפן די מעסערס פון פלוגען, אויסשמידן פערד־פאַדקאָוועס און אַנדערע אייזן מלאכות, וואָס נויטיקן זיך נישט אין גאַר שטאַרקע פייערן. פון דער גאַנצער מלאכה האָט דוידקע קיינמאָל נישט געהאט געגוג פרנסה און אָפט פלעגט זיך דוכטן, אַז ער שטייט און קלאַפּט מיטן שווערן האַמער נאָך אויס ליבע צום פאַך. אָבער דויד האָט זיך קיינמאָל נישט באַ־קלאָגט, נישט געווען פאַרביטערט און קיינמאָל נישט געקומען מיט טענות צום רבונו־של־עולם.

ער איז געווען שיין און הויך. זיין געזיכט, אַרומגעוואַקסן מיט אַ קליין שיין בערדעלע, האָט געשטראַלט מיט גוטסקייט. אין שטוב ביי אים איז קיינמאָל נישט געווען קיין מעבל. אָבער אים האָט דאָס נישט געקימערט: וואָס זענען מעבל און אַנדערע באַקוועמליכקייטן אַז צוליב זיי זאָל אַ מענטש אַרומגיין פאַרביטערט אָדער חס־וחלילה קומען צו גאָטס־לעסטערונג ?

ווען זיין טאָכטער האָט געהאַלטן ביי חתונה האָבן, איז דער מחותן געקומען אַרומרעדן די חתונה אַנגעלעגנהייטן. ער האָט נישט געפונען קיין שטול זיך אַוועקצוזעצן, פרעגט ער דוידקען: "ווו איז דאָ עפּעס אַ בענקל ?"

ענטפערט דוידקע: "מיט גאָטס הילף וועט אַלעס זיין."

דאָס האָט נישט אָפּגעהאַלטן דעם שידוך. ס'קאָן זיין אַז אַזוי האָבן אויסגעזעען די ל"ו צדיקים, וואָס זענען באַהעפט צו גאָט און שטייען העכער פון די ערדישע קלייניקייטן.

פון זיינע פיר קינדער האָט ער איינעם געשיקט לערנען שחיטה און דערלעבט צו זען אַ זון אַ שוחט, אַ למדן אין קאָוואָלס משפחה. די שטאָט האָט דוידקען ליב געהאָט, סתם אָן אַ באַזונדערע סיבה, און האָט אים זייער געשעצט. דער רב, וואָס נישט צו יעדן פלעגט ער קומען אויף חתונה, צו דוידקען איז ער יאָ געקומען. איך געדענק אַז ביי דוידקעס טאָכטערס חתונה איז דער רב געווען אַ גאַסט.

מיך מיט דוידקען האָט פאַרבונדן אויף יאָרן אַ קליינער צופאַל. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי. ווען זיין זון איז אַוועק אין מיליטער און ס'איז נישט געווען ווער עס זאָל אים ציען דעם בלאָז־זאַק אָדער צוקלאַפּן מיטן האַמער, האָט ער אָנגעהויבן באַשעפטיקן ביי דעם זיין ווייב. זי איז געווען אַ קלייניקע, אַ נידעריקע־געוויקסיקע, און פלעגט זיך שווער מאַטערן ביי די דאָזיקע אַרבייט. זי האָט געמוזט אונטערשפּרינגען אַנצוכאַפּן דאָס הענטל פון בלאָז־זאַק כדי עס אַרונטערצוציען. איינמאָל, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען און דאָס דערזעען, בין איך אַריין און זי איבערגעביטן. איך האָב דאָס געטון פון פאַרגעניגן אויס. ס'האָט מיך געפרייט שטיין ביים פייער און אויך צוקלאַפּן מיטן האַמער און זען, ווי דאָס רויט געגליטע אייזן קלינגט און שפּריצט פונקען. אָבער דוידקע האָט עס מיר נישט געקאָנט פאַרגעסן און פלעגט יעדעס יאָר אָנשמידן מיין שליטעלע ווינטערצייט.

מיין פעטער יעקב־מענדל האָט נישט געקאָנט פאַרליידן, ווי זיין פלימעניק פאַרלירט טייערע נאַכט־שעה'ן אויף פוסטע שליטערייי אַנשטאָט זיצן איבער אַ בלאַט גמרא, האָט

ער מיר יעדעס מאָל צעבראָכן דעם שליטעלע. און דוידקע פלעגט מיר יעדעס מאָל מיט פאַרגעניגן אָנשמידן אַ נייעם אָדער פאַרריכטן דאָס זעלבע.

אַזוי האָט אויסגעזען אַ שמיד אין יידישן רוזשאַן.

## דער געלער משה

נישט קיין אָריגינעל רוזשאַנער איז געווען דער געלער משה און קיינער האָט נישט געוווּסט פון וואַנען ער איז צו אונדז געקומען. מ׳האָט געזאָגט אַז פון וויסאָקע-מאַזאָוויעצק. אָבער נישט וויכטיק, רוזשאַן וואָלט אויף אים נישט פאַרצײַכנט, ווען זי וואָלט געשטאַנען פאַר אַזאַ ברירה.

זיין באַזונדערקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז געווען אַ זעלטענער דערציילער. זיינע מעשיות און משלים זענען געווען פול מיט רייכער פאַנטאַזיע, אָריגינעל און צו דער זאַך. יעדע מעשה איז געווען פאַרבונדן מיט אַ משל און האָט געהאַט איר ציל. מענטשן פלעגן תמיד געדענקען זיינע מעשיות. ספּעציעל האָט מען שטענדיק דערמאָנט זיינע דערציילונגען אין דער תקופה פון שוואַרצן פּוילישן אַנטיסעמיטיזם. יידן זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַ זעער שווער געמיט, ממש פאַרצווייפלט, אַן אַ שטראַל פון האָפנונג, ווייל מען האָט געוווּסט, אַז עס איז אַ דייטשישער וואַריאַנט וואָס פּוילן האָט אַדאָפּטירט און ס׳איז קיין אויסוועג נישטאָ.

דאַן האָט זיך אויפגעהויבן משה דער געלער און דערציילט אַ געשיכטע, אַ פאַקט, אַ מעשה מיט אַ פּאָגראָם. די גויים אין אַ געוויסער שטעטל האָבן זיך פאַרנומען מאַכן אַ פּאָגראָם. כמעט צופעליק האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ קליין, פאַרסאָפּעט יידעלע, גאָר אַ פרעמדער, אַ ניי געקומענער אין שטעטל. זיי האָבן נישט געלייגט קיין אַכט אויף אים. פּלוצעם אָבער האָט זיך דאָס יידעלע אויפגעשטעלט און יידן האָבן דערזען פאַר זיך אַ ריז. האָבן זיי באַלד פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט קיין בלויזער צופאַל און דאָס יידל געפינט זיך דאָ נישט סתם. אין איין אויגנבליק האָט זיך דער גאַסט אַ וואָרף געטאָן אויף די גויים די פּאָגראָמשטשיקעס און זיי צעממיתט, צעשלאָגן און פונאַנדערגעטריבן אין אַלע זייטן. אויף יידן איז געקומען אַ ישועה.

זעער אַ נאַיִוו מעשה׳לע, אָבער זיין דערציילערישער טאַלענט און זיין טיפער גלויבן האָבן אַריינגעבראַכט אפילו ניכטערע קלוגע יידן אין אַן אַטמאָספערע פון טויזנט-און-איין-נאַכט טרוים און דער אָפּטימיזם האָט זיך אומגעקערט צו זיי. מ׳האָט געקאָנט ווייטער שלעפּן דעם יאָך.

פאַרנומען האָט זיך דער געלער משה מיט האַלץ-טשעשלערײַ פון אויפשטעלן וואַסער-מילן און קאָנסטרואירן זייערע וואַלץ-סיסטעמען און רעדער. פון ביידע מלאכות האָט ער געהאַט ווייניק ברכות און זיין ווייב האָט געמוזט אים אונטערהעלפן אין פּרנסה מיט פּשוטער שוואַרצער שטוב אַרבעט.

אויסער פּרנסה מאַנגל האָבן אים אויך קיין אַנדערע צרות נישט געפעלט. איינמאָל האָט זיין זון יצחק געוואָלט העלפן אַ יידן איבערפירן ציגל, איז ער אַרונטערגעפאַלן פון וואָגן און צעקוועטשט געוואָרן אונטער דער מאַסע פון די בוי-ציגל. דער טויט פון זיין באַליבטן זון האָט אים אַ ביסל צעבראָכן, אָבער דאָך האָט ער נישט פאַרלאָרן זיין אָפּטימיזם און באַווירקט אויך אַנדערע מיט זיין גאָטס-געשאַנק.

אַ פשוטער האַרעפּאַשנער ייד איז געווען דער געלער משה, אָבער ס'איז געווען אין אים אַ מאָדנע באַזונדערקייט, וואָס איז ווערט דערמאָנען צו ווערן.

## דריי דורות זשעפּקע

אין שטעטל האָט מען געוווסט, אַז דאָס רוב הייזער האָבן זיי דאָס אויסגעבויט, די זשעפּקעס, די בויער און דאַכן־מאַכער זשעפּקע.

זלמן איז געווען איינער פון די "זיבן ברידער", וואָס וועגן זיי פלעגט מען דערציילן, אַז נאָכן חורבן פון שטעטל אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיי אָנגעהויבן אויפשטעלן רוזשאַן. די גויים פלעגן וועגן זיי רעדן מיט גרויס דרך־ארץ און כבוד. די זיבן ברידער האָבן געשמ'ט אין דער געגנט מיט זייער קינסטלערישער טשעשלערײַ. אָבער יאָרן זענען אוועק און איצט ווייסן מיר גאָר ווייניק וועגן זלמן'ען.

דאקעגן, זייער פּאָפּולער און פריש אין אונדזער זכרון איז דויד־לייב. ער האָט איבערגענומען די אויפגאַבע פון זיין פאָטער זלמן, געבויט הייזער, פאַרריכט און געשטאַרקט די יסודות פון שטעטל, און אויסער דעם איז ער געווען דער מער געוווּנשענער מענטש אין רוזשאַן — צו אים פלעגט מען זיך ווענדן מיט אַלע צרות און שוועריקייטן.

אויסער זיין פאַך האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט צוריקשטעלן אויסגעלענקטע גלידער און צוזאַמענשטעלן צעבראָכענע ביינער. ווי נאָר אין דער געגנט ס'האָט עמיצער געהאַט אַ ווייטיק אין די ביינער, איז ער אַוועק צו דויד־לייב. ער פלעגט אַ קוועטש טאָן, אַ דריי און ציי, און דער ווייטיק פלעגט גלייך פאַרבייגיין. דאָס געלענקט ביין פלעגט אַ קנאַק טון און אַריין אין זיין פּלאַץ — און ס'פלעגט ליכטיק ווערן אין די אויגן.

זיין גוטמוטיקער שמייכל און זיין רואיקייט האָבן אויך געהאָלפן פאַרלייכטערן די ווייטיקן. ס'איז פשוט געוואָרן היימלעכער און לייכטער אויפן געמיט, ווען דויד־לייב איז אַריין און צעשטראַלט זיין נאַטירלעכן אָפּטימיזם אין שטוב און ביים בעט פון דעם ליידענ־דעם. ער איז געווען הויך, אַטלעטיש געבויט, און דאָס גוטסקייט האָט ארויסגעשיינט פון זיין פּנים.

ער איז געווען אַ פשוטער מענטש, אָן שום פּאָדערונגען און אַמביציעס, און דאָך האָבן אים אַלע געהאַלטן פאַר אַן אויסנאַם־מענטש. מען האָט אין אים שטאַרק געגלויבט און אים פאַרטרויט אַלע צרות. די גויים אַרום האָבן אים צוגעשריבן אַלמעכטיקע כוחות און פלעגן אים פאַרטרויען אַראָפּנעמען אַ בעלמע פון אַ בלינד פערד.

אָבער פון די אַלע מלאכות איז ער געווען אַ קבצן, לא עלינו. ער האָט צעזייט זיינע טובות אָן געלט און טובת־הנאה און ער אַליין האָט קוים זיך אויסגעלעבט מיט זיין משפּחה. און דאָך איז ער געווען שטענדיק פריילעך, האָפנונגספול און ליבליך.

זיין אָפּטימיזם איז אויסגעשטאַנען פאַרשידענע פּרוּוון און דאָך אויסגעהאַלטן. ביי זיין לעבן, נעבעך, האָט ער באַגראָבן זיינע מערסטע קינדער. עס זענען אים געבליבן נאָר צוויי זין, האָט ער זיך געטרייסט מיט זיי. פשוט, מענטשליך, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דעם טויט קאָן דער מענטש נישט געגנשטעלן זיך. לעבן מוז מען דאָך. איז דאַרף מען לעבן שאַפנדיק און לאַכנדיק. האָט ער זיין ליבע געווענדעט צו זיינע לעבעדיקע קינדער, און געלעבט.

אָבער נישט נאָר זיינע קינדער האָט ער ליב געהאַט. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַלע קינדער אין שטאָט און זיי אַלעמען ליב געהאַט. זיין באַליבטער שטיף איז געווען צו נעמען אַ קינד אויף די הענט, אים אַריינקנעפּלען אין זיין קאַפּאָטע, אַריינגיין צום שכן ווי גאָר־

נישט, עפענען די קאַפּאָטע און פון איר פלעגט אַרויספאַלן אַ קינד. אונדזערע עלטערן האָבן אים געשאַצט לויט זיין נוציקייט, מיר קינדער האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיין ליבע צו אונדז און פאַר זיין מיטשטיפן מיט אונדז. אין דער יידיש־שטעטלשער טריבערווירקליכקייט איז ר׳ דויד־לייב געווען אַ שיין געשטאַלט.

**מאיר־יאָסל זשעפּקע,** דער דריטער דור פון די רוזשאַן־בויער, איז געווען אַ נייע ווענדונג אין דער משפחה. לויט זיינע פעאיקייטן האָט ער געזאָלט זיין אַ רב, אַ כלי־קודש, און זיך אָפּגעבן מיט מוח־און־גייסט מלאכה. זיין טאַטע האָט אַלץ געטאָן, ער זאָל לערנען און ענדיקן זיין שטודיום. אָבער קורץ פאַר דער סמיכות אויף רבנות האָט דויד־לייב נישט געקאָנט מער אויסטראָגן די גרויסע אויסגאָבן פון ישיבה און אַנדערע הוצאות, און מאיר־יאָסל האָט געמוזט קומען צו הילף פון זיין פאָטער. ער האָט איבערגעריסן זיין לערנען, פאַרקאַטשעט די אַרבל און זיך אַריינגעטאָן אין פאַמיליען יאָך און פאָך.

אויך ווי זיין פאָטער און זיידע האָט ער געבראַכט רוזשאַן די גרעסטע הילף ביים ווידער־אויפבוי די שרעקלעכע רואינעס פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. מאיר־יאָסל, קאָן מען זאָגן, האָט פונאַנדערגעבויט פון דאָס ניי אונדזער שטעטל און איר צוריק געגעבן איר אַלטן אויסזען.

## די שול, די שמשים און אַ פּאָר טרעגער

ווען מ׳האָט געקוקט אויף דער שול פון דרויסן, האָט זי אויסגעזען גאַנץ נידעריק און קליין. אָבער ווען בינסט אַריין אינעווייניק, איז זי פּלוצים אויסגעוואַקסן צו אַ מוראדיקער הויך. די אַריינגאַנגס־טיר איז געווען גרויס. דער סופיט איז געווען זעער הויך און אָנגע־שפּאַרט אויף די פיר זיילן פונעם באַלעמער. דער באַלעמער אַליין איז געשטאַנען גאַנץ הויך. פיר טרעפּלעך האָבן אַרויפגעפירט צו אים און אַנדערע פיר טרעפּלעך האָבן אַראָפּ־געפירט פון אים.

דאָס בעסטע פאַרברייינגען פון די קינדער איז געווען דאָס אַרומלויפן אַרום באַלעמער, בעת מענדל דער שמש יאָגט אונדז נאָך און פאַרשטערט אונדזער פרייד. אַלס נקמה פלעגן מיר אים נאָכשרייען ״פלוימען־יויך!״ ווען ער פלעגט אָנצינדן די ליכט און נישט געקאָנט אונדז נאָכלויפן. יאָרן איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף אונדזערער מיט מענדל שמש. שטענדיק האָט אונדז געצויגן צום באַלעמער און צום געלויף אַרום אים. צוליב דעם איז מען געלאָפן מיט חשק אין שול אַריין.

אין שטאָט זענען געווען נאָך דריי שמשים. איינער — **אברהם־אהרון,** אַן אלטער בכבודיקער ייד. דער צווייטער — **חצקל,** אַ קליין־געוויקסיקער, וואָס האָט זיך געהאַלטן קליין, אָבער יעדן פרייטיק ערב־שבת, ווען ער פלעגט ארומגיין אין די גאַסן און שרייען ״פארמאכט די געוועלבן! שבת! גייט אין שול אריין!״, דאן איז נישט געווען קיין גרעסערער פון אים. ער, דער הערשער פון שטאָט, הייסט אָפּשטעלן דאָס פרנסה־געיעג און זיך אָפּגעבן הימלישע ענינים, און מ׳מוז אים פאָלגן — אַ קלייניקייט, איז דען ווער דאן גרעסער פון אים אין רוזשאַן? אויסער דעם איז חצקל געווען דער בעסטער שווימער אין שטעטל, און ווען ער פלעגט באַווייזן זיינע שווים־קונצן אין נארעוו, פלעגן מיר קינדער אים שטארק מקנא זיין. דער דריטער שמש איז געווען **שמואל־יענקל,** וועלכן מ׳האָט גערופן ״בחִנם״. די שמשים פלעגן גיין אין די נעכט וועקן יידן צו סליחות, צו עבודת־הבורא.

מיין טאַטע פלעגט יעדן טאָג גיין אין שול אריין זאָגן תהלים און אָפט פלעג איך מיט אים מיטגיין. איך האָב ליב געהאַט די שול אַטמאָספערע. ווען מיין טאַטע האָט זיך פארטיפט אין מעמדות, פלעג איך מיר ארומדרייען און באקוקן אירע הויכקייטן. ספעציעל האָב איך זיך נישט געקאָנט אָפקוקן פון דעם וואנט־זייגער, וואָס האָט זיך זיינס געטאָן: צו די שול איז געווען אָפן צו נישט — די צייט איז געגאַנגען.

ווען כ׳האָב געוואָלט צוגיין צום טאַטן, האָב איך געמוזט דורכגיין נעבן **אברהם־נוה** דעם טרעגער. ער האָט זעער ליב געהאַט קינדער. מיך האָט ער תמיד געכאַפּט, אָנגעשטאָפּט מיר די נאָז מיט שמעק־טאַבאַק, און ביז כ׳האָב זיך נישט געשמאַק צוניסט, האָט ער מיך נישט אָפּגעלאָזט. ער איז געווען א קליינינקער, אָבער פול מיט מוסקולן און גבורה, און געשמ׳ט מיט זיין כוח.

דער צווייטער טרעגער פון שטאָט איז געווען **ליטמאַן**, אַ ייד אַ ווייצלער און גרויסער עסער. זיין עסן איז געווען א שם־דבר. אין שטאָט פלעגט מען דערציילן, אז ווען עד האָט אריינגעזופּט די פירטע שיסל גריץ און זיין ווייב האָט אים געפרעגט ״נו, ליטמאַן, וואָס זאָגסטו אויפן גריץ אויף מיינעם?״, האָט ער געענטפערט: ״וואָס קאָן מען וויסן פון אזא ביסל גריץ? כ׳האָב דאָך נאָר פארזוכט. אָבער ס׳דוכט זיך מיר, אַז עס איז א ביסעלע נישט דערזאָלצן.״

**דויד־לייב** דער טשעשלער פלעגט אים פרעגן: ״ליטמאַן, ווי לאנג וועסטו טראָגן?״ אויף דעם פלעגט ליטמאַן אים ענטפערן: ״ביז דו וועסט נישט אויפהערן זעגן.״

**מרדכי ארמוני (זאַמעק)**

# טיפּן אין שטעטל

## שיע־חיים דער מלמד

אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן און שטחים פון רוסלאַנד, האָבן זיי ארויסגעשיקט פון די אָקופּירטע געגנטן די באַפעלקערונג קיין פּוילן. אזוי זענען געקומען קיין רוזשאַן היימלאָזע פון פינסקער געגנט, צווישן די היימלאָזע זענען געווען אויך יידן, משפחות מיט קינדער. מיר, יידישע יוגענט, האָבן זיך פאַרנומען צו העלפן די יידישע היימלאָזע מיט וואָס מען האָט געקענט העלפן. האָט מען אויך געשיקט יינגלעך אין חדר אריין צו לערנען ביים מלמד **שיע־חיים האָפמאַן**.

ווען איך פלעג אַ מאָל טרעפן ר׳ שיע־חיים׳ן אין שול בין מנחה למעריב און אים אַ פרעג טוהן, ווי אזוי די קינדער לערנען און צו ער וויל געלט.

״יאָ,״ זאָגט ער, ״עס וואָלט גאָר נישט געשאַט.״

״וויפל געלט ווילט איר, פינף אָדער צען רובל?״ (אזוי האָט זיך גערעט, כאָטש מען האָט געצאָלט מיט מאַרקן.)

ענטפערט ער מיר:

״מאָטל, דו רעדסט צו מיר אזא שפּראַך, וואָס איך האָב זי נאָך קיינמאָל נישט געהערט.״

״איך רעד דאָך צו אייך יידיש,״ זאָג איך אים.

״יאָ״ ענטפערט ער, ״נאָר פאַרשטייסטו מיר: בדרך כלל פרעגט נישט קיין בעל־הבית

דעם מלמד, צו ער וויל געלט. געלט דאַרף מען מאָנען, נאָך ווי אזוי מאָנען. און עס טרעפט אויך, אז מען שיקט דאָס ייִנגל פון חדר אהיים ער זאָל ברענגען געלט, דאַן שיקט דער פאָטער א גולדן אָדער צוויי גולדן דעם מלמד. און דאָ אז דו רעדסט פון צען רובל — אַזאַ שפּראַך הער איך דאָס ערשטע מאָל, און אזא מטבע האָב איך נאָך קיין מאָל נישט געזעען ביי מיר. אוי, ווו נעמט מען אזעלכע בעלי־בתים ווי דו. זיי זאָלן האָבן דעם כוח ארויס צונעמען פאר איין מאָל א צענערל און געבן דעם מלמד!"

## יאמטשיק

אין פוילן האָט מען געזאָגט, אַז אַ שטאָט אָן א משוגענעם איז קיין שטאָט נישט. אויב אזוי האָט יאַמטשיק געראַטעוועט רוזשאָן.

קיינער אין שטאָט האָט נישט געוווּסט, ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט, יאמטשיק איז נישט געוועז קיין משוגענער ווי אנדערע משוגעים, וועלכע גנבנען ארויס שבת דעם טשולענט פון אויוון, שמחת־תורה גנבנען ארויס די געבראָטענע קאַטשקע, דאַן ווען אלע גייען צו די הקפות אין שול אריין. יאמטשיק איז געוועזן אַ קליין געוואַקסן יידל מיט א קליין גרוי בערדל. נישט געגאַנגען נאַר געשפּרונגען, צו ווייל די שטיוול זענען אים געוועזן קליין אָדער לאָבעסעס האָבן דורכגעהאַקט טשוועקעס ער זאָל נישט קענען גיין, קינדער האָבן פאר אים נישט מורא געהאַט, ווי מען האָט מורא פאר א משוגענעם. יאמטשיק האָט מורא געהאַט פאר די קינדער, וואָס פלעגן וואַרפן אויף אים שטיינער. ער איז געגאַנגען א לאנגע אטלעסענע קאַפּאָטע, מיט אַ ברייטן גאַרטל ארומגעבונדן ארום זיך. פּורים, ווען ער איז געוועזן זאַט, פלעגט ער אונטערהאַלטן דעם רעכטן אויער מיט דער רעכטער האַנט און זינגען פּונקט ווי שמילקע אריה׳ס פלעגט זינגען ערב ראש־השנה ביי די סליחות אין שול "שמע קולנו": געקרייט ווי א הייזעריקער האָן פאַרטאָג. שמחת־תורה האָט ער געטאַנצט מיט אלע יידן גלייך אין די גאסן.

"אַ שאַד," פלעגט ער זאָגן, "וואָס אזעלכע יום־טובים ווי פּורים און שמחת־תורה איז דאָ נאָר איינמאָל אין יאָר, הלוואי זאָלן אלע יידן אין רוזשאָן זיין רייך, נאָר איך אליין אָרעם — וועט מיר זיין גוט."

צבי בענדער ז״ל

# טיפן און קוריאזן פון רוזשאן

## דער זעלטענער טשולענט



אין מיין זיידע חיים'ס שטוב איז געווען שבת און יום־טוב תמיד א מנין. בעלי־מלאכות פלעגן דאָרט דאווגען און זיך האַלטן צוזאַמען ווי א חברה, מיט שמחות און סעודות. זיי פלעגן אויך שרייבן אַ פנקס פון אַלץ, וואָס האָט פאַר זיי אויסגעזען ווערט פאַרשריבן צו ווערן לדורות. דער פנקס האָט גע־שריבן איציק, א סופר סתם, וואָס פאַר יעדן שרייבן, צו אין פנקס צו אין אַ ספר תורה, פלעגט ער זיך טובלען אין מקוה.

די מעשה פון טשולענט איז אין דעם פנקס פאַר־שריבן געוואָרן אויף א בכבודיקן אופן, אָט אַזוי ווי די געשיכטע מיט דער חופה אויפן בית־עולם, וואָס רוזשאַן האָט געשטעלט כדי אָפּצוהאַלטן אַ מגפה אין שטאָט. אינטערעסאַנט אַז די כלה אין דער חופה איז טאָקע געווען דעם זעלבן איציקס טאָכטער. פאַרן דערציילן די מעשה מיטן טשולענט מוז איך אַ ביסל אָפּשילדערן מיין זיידע מיט מיין באָבע פרימע, כדי צו דערגענצן די געשיכטע.

ביידע האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן מיט יענעמס צרות. אין שטוב ביי זיי איז שטענדיק געווען אַן אורח, און מיין באָבע פרומע פלעגט מאַכן פעקלעך עסן און מיך אַרומשיקן מיט זיי אין פאַרשידענע שטיבער, און אָנגעזאָגט דערביי:

״דו זאָלסט עס אוועקלייגן, מיין קינד, און גאָרנישט זאָגן!״

די באָבע פרומע האָט געדאַוונט אין אַ זעלטענעם סדור, אַ גרויסער און אַ דיקער, פאַר־געלט און פאַרפלעקט פון צענדליקער יאָרן און באַנעצט מיט טייכן טרערן. געלייענט חומש האָט זי פון אַ ריזיקן טייטש־חומש, וואָס איז געווען געדרוקט אין אַמסטערדאַם און אַלט געווען אַ גוטע פאַר הונדערט יאָר.

איין מאָל, געדענק איך, זענען געקומען צו מיין זיידן עטליכע בעלי־בתים מיט אַ טענה:

״ס'טייטש, די שעה־שעה שטרייקערס האָבן זיך איינגעעקשנט און ווילן נישט אַרבעטן מער ווי 12 שעה אַ טאָג (פון שעה צו שעה). ווו איז דאָס געהערט געוואָרן,״ האָבן זיי זיך געקאָכט, ״אַז מ'זאָל אַראָפּ פון 15 שעה אויף 12? מ'וועט דאָך אומגליקלעך ווערן.״

זיי האָבן אים געבעטן, ער זאָל אויף זיי ווירקן זיי זאָלן אָפּשטעלן דעם שעה'ן שטרייק, און צוגעגעבן:

״נעמט, ר' חיים, אַ גראָבן שטעקן און ברעכט זיי אָן די ביינער.״

באָבע פרומע איז דערציטערט געוואָרן:

״וואָס הייסט שלאָגן יידישע קינדער. ביזט עפּעס אַ שלעגער?״

אָבער ער האָט זי באַרואיקט און די בעלי־בתים האָט ער געזאָגט, אַז: ערשטנס, מען שלאָגט נישט קיין יידן; און צווייטנס, זיי זענען גערעכט אין זייער קאַמף.

ביים זיידן אין שטוב איז געווען אַן איינגעבויטע סוכה מיט אַ סטאַבילן סכך, און צוויי פליגלעך פון דאַך האָט מען געקענט אויפהויבן צום יום־טוב, כדי יידן זאָלען קאָנען זיצן אונטערן סכך. די שכנים, וואָס האָבן געוווינט ביים זיידן, פלעגן אונדז יינגלעך געבן געלט מיר זאָלן אויספוצן די סוכה. עטליכע משפחות האָבן געפראַוועט סוכות ביים זיידן.

אַרום שטוב איז געווען אַ גאָרטן מיט פאַרשידענע גרינס, בלומען און פרוכטן, אַז גויים האָבן געשטוינט ווו קומט דאָס צו אַ יידן, אַזאַ אויפטו פון אויסהאַלטן אַ שיינעם גאָרטן און אים אַזוי פלעגן.

אַלץ האָט מיין זיידע־באָבע געהאַט פאַר זיך און פאַר יענעם, אָבער טשולענט האָבן זיי געמוזט אריינשטעלן גלייך מיט אַלעמען אין אויוון פון רבקה די קאַשעמאַכערן, וואָס האָט געבאַקן חלות פאַר דער שטאָט מיט אַנדערע געבעקסן. דעם טשולענט האָבן מיר קינדער געדאַרפט ברענגען פון אויוון אַהיים, ווייל שבת האָבן עלטערן נישט געוואָלט נכשל ווערן מיט טראָגן חס־וחלילה אין רשות־הרבים.

איינמאָל אַ שבת, איך ברייננג אריין דעם טשולענט, די באָבע עפנט אויף דעם טאָפּ, ס'ווערט איר פינצטער אין די אויגן: אַנשטאָט איר פעטן קוגל מיט דער גרויסער קישקע און דער פעטער צונג מיט די גוטע זיבן זאַכן, ליגן זיך אין טאָפּ אַ פּאָר נעבעכדיקע קעל־בערנע פיסלעך, מיט אַן אַנגעבלאָזענער פאַריתומטער בלויער לונג, וואָס ליגט דערווייטערט פון די פּאָר רעדעלעך קאַרטאָפל אַרום איר. מיין זיידע איז געווען דערשטוינט און אַ ביסל ברוגזלעך: סטייטש, עס זיצט אַן אורח ביים טיש און דאָ אַזאַ נענדזנע אויפנאַמע! וואָס וועט דער גאַסט קלערן? אָבער די באָבע האָט אים באַרואיקט:

"מסתמא איז דאָרט אויך דאָ אַן אורח, וועט יענער הנאה האָבן. און זאָל נאָך עמיצער הנאה האָבן פון מיין צונג!"

זי נעמט זיך שוין צום צעטיילן דעם טשולנט, עפנט זיך פלוצעם די טיר און עס קומט אריין אַ צעשראָקענע יידענע און שטאַמלט ארויס:

"מ'האָט פאַרביטן אונדזערע טשולענטס. גיט מיר אָפּ מיינעם און נאָט אייך אייערן."

מיין באָבע האָט געוואָלט לייקענען און פאַרטושן די זאַך, אָבער די פרוי האָט גע־ענטפערט:

"איך זע מיין טשולענט. און מיר איז ליבער מיין טשולענט, ווייל ער איז מיינער!"

אַזעלכע אָרעמע שמחים־בחלקם האָט רוזשאַן פאַרמאָגט.

## אליהו הנביא אין שטעטל

אין הויף פון דער משפחה בוכנער איז געשטאַנען אַ הילצערנע בודקע, ווו ס'האָט זיך געפונען דאָס שטיבל פון די אַלעקסאַנדער חסידים. מיינס אַ פעטער, אַ קעסט־קינד ביים שווער, אַ בן־תורה און באַלעזענער משכיל, פלעגט דאָרט זיצן ווינטער־נעכט און לערנען. און איך פלעג זיך אַ מאָל צוזעצן צו אים און מיטלערנען. דאַנערשטיק פלעגט מען זיין אויף אַ גאַנצע נאַכט און לערנען.

איינמאָל אין אַ שרעקליך פראָסטיקער ווינטער־נאַכט, ווען שנייען און ווינטן האָבן געשטורמט און אָפּגעשלאָסן מענטשן אין זייערע הייזער, עפנט זיך די טיר און ס'קומט אריין אַ הויכער שיינער מאַן, פאַרשנייט אין גאַנצן, באַוואַקסן מיט אייז די באָרד און ברעמען, און זאָגט:

"אַ גוטן אָוונט! געזונט און שטאַרק זאָלט איר זיין! אויף אַזעלכע ווי איר שטייט די וועלט!"

אין שטיבל איז געווען ליבלעך וואַרעם, ס'האָט זיך געוואַרעמט אַ טשייניקל טיי, און צוקער איז געווען מיט בייגל. ער האָט אָפּגעגעסן, זיך אָנגעוואַרעמט און גענומען אונדז פאַרוואַרפן מיט קשיות, וועלכע ס'איז שווער געווען צו פאַרענטפערן. נאָכער האָט ער זיי אַלע לייכט פאַרענטפערט און אונדז געוויזן וועגן, ווי אַריינצוקנעלן אין די גרעסטע קשיות.

פאַר אונדז איז געשטאַנען אַ גרויסער מאַן, נישט קיין געוויינליכע דערשיינונג. ער האָט געשווומען אין ים פון ש"ס און פּוסקים ווי אַ פיש אין וואַסער. מיר האָבן אים פאַר־געלייגט מיטנעמען אַהיים שלאָפן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט און איז געבליבן נעכטיקן אין שטיבל.

אַזוי איז ער פאַרבליבן אַ שטיקל צייט אין שטעטל. געגעסן האָט ער זעער ווייניק: אַ שטיקל ברויט מיט אַ ציבעלע. ביי קיינעם נישט געוואָלט עסן. שלאָפן פלעגט ער אויף דער הוילער באַנק. קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס טוט ער אין שטעטל. אַלע האָבן זיך געקלעבט צו אים. ער האָט געהאַט אַ זעלטן שיינע און שטאַרקע שטימע, און שבת ביי שלוש־סעודות, אַז ער האָט געזונגען, האָט אַלץ פאַרקלונגען מיט זיין מתיקות און שטאַרקער שטימע. חסידים פון פאַרשידענע שטיבלעך און אויך מתנגדים פלעגן קומען אים הערן.

איך האָב אים אַ מאָל געפרעגט, פאַרוואָס ווערט ער נישט קיין חזן. ער וואָלט דאָך געמאַכט אַ לעבן מיט אַזאַ זיסער שטימע. ער האָט געענטפערט, אַז ער קומט אָפּ אויף דער וועלט. און נישט מער.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן עטליכע וואָכן, פּלוצעם איז ער פאַרשוווּנדן. מ'האָט אים געזוכט אין די אַרומיקע שטעט, אָבער גלייך ווי אין וואַסער אַריין — נישטאָ. און אַלע האָבן מסכים געווען, אַז דאָס איז אוודאי געווען ער אַליין, אליהו הנביא.

### דער בעסטער סאָג פון ישיבה־בחור

אין רוזשאַן איז געווען אַ ישיבה, ווו ס'האָבן געלערנט אויך בחורים פון די דערבייאיקע שטעטלעך. קינדער פון דער פרעמד האָט מען באַזאָרגט מיט עסן און שלאָפן. עס זענען געווען פאַמיליעס, וואָס האָבן אַליין נישט געהאַט צום עסן, אָבער פאַרן ישיבה־בחור איז געווען פון בעסטן.

אויסער דעם פלעגן יעדן פרייטיק אַרויסגיין קינדער פון שטאָט צונויפזאַמלען געלט פאַר דער ישיבה. יעדער ייד האָט שוין געהאַט זיין באַשטייערונג.

איך האָב געהאַט אַ חבר צווישן די פרעמדע בחורים, איינעם אַ **משה פּאַשעקער**, ער פלעגט עסן ביי אונדז פרייטיק און שבת. איין מאָל האָב איך אים געפרעגט:

"דו עסט ביי פאַרשידענע מענטשן — זאָג מיר, ביי וועמען האָסטו דעם בעסטן 'טאָג' עסן?"

האָט ער מיר געענטפערט נישט טראַכטנדיק:

"ביי דויד שלאָסער."

כ'בין דערשטוינט געוואָרן. דויד איז געווען אַ ייד אַן אָרעמאַן און געוווינט אין אַ קליין שטיבעלע, אויפן וועג צו דער אַלטער וואַסער־מיל. געצויגן האָט ער פּרנסה פון אַ

קליין ווערקשטעלעכל, ווו ער האָט פאַרראַכטן שלעסלעך. איז דאָס ביי דעם דויד׳ן דער בעסטער ״טאָג״ פאַר אַ ישיבה־בחור? ער האָט דאָך אַליין קנאַפּ צו עסן?

כ׳האָב נישט גערוט ביז כ׳האָב זיך פאַרגנבעט אין די מיטאָג־שעה׳ן און זיך צוגעקוקט דורכן פענצטער, וואָס עסט דאָ מיין חבר אויף מיטאָג. עס האָט מיר פאַרכאַפּט דעם אָטעם. כ׳האָב געגאַפט: אויפן טיש איז געווען אָנגעשטעלט פון אַלעם בעסטן, און דויד שלאָסער איז געזעסן נעבן אים און אים געבעטן ער זאָל זיך נישט זשאַלעווען און וואָס מער עסן:

״צו תורה לערנען דאַרף מען אַ סך כוח,״ האָט ער געזאָגט, ״מוזטו גוט עסן, כדי אויס־צושטיין דאָס שווועריקייט פון לערנען.״

ווען כ׳האָב דאָס דערציילט מיין זיידן, האָט ער מיר געזאָגט:

״אָט דאָס איז רוזשאַן און דאָס זיינען אירע יידן!״

## מלמדים אין רוזשאַן

**ר׳ פנחס־אלי**

דאָס ערשטע מאָל, ווען כ׳האָב אָנגעהויבן לערנען תנ״ך, איז דאָס געווען ביי מיין רבי **פנחס־אלי**. דאָס איז געווען אַ ייד אַ הויכער מיט אַ שיינער לאַנגער ווייסער באָרד. אויסער יידישקייט האָט ער אויך געקאָנט שפּראַכן און געווען אַ משכיל. זיין חדר איז געווען אַ ״כשרער״. ער פלעגט שיקן די קינדער אויף צוויי שעה אין דער פוילישער שולע, ווו די קינדער האָבן געלערנט רוסיש, חשבון, געאָגראַפיע. ר׳ פנחס־אלי האָט אַריינגעלערנט מיט אונדז דעם תנ״ך ווי אַן עיקר און פלעגט אונדז אַריינצוביבערן דעם תנ״ך אין די הערצער אַריין מיט זיין פּרעכטיקן אויסטייטש און פאַרשטיין. פאַר אונדז איז ער געווען דער משיח פון דעם פּרעכטיקן בוך. קיין שום מלמד האָט נישט געלערנט קיין תנ״ך, אָדער אים גע־לערנט ווי אַ נעבן־זאַך, ווי אַן איבעריקע צוטשפּעניש. אַ דאַנק פנחס־אלי׳ן האָבן מיר אַנדעקט אונדזער פאָלק און זיין פּרעכטיקע פאַרגאַנגענהייט.

**ר׳ אברהם דער טעלעגראַפער**

זיין חדר האָבן מיר ליב געהאַט נאָך פאַרדעם, וואָס ווען נאָר ס׳איז געווען אַ יריד אין שטעטל, זענען מיר געווען פריי. דער רבי האָט געהאַט אַ הילצערן פעסל, אין וועלכן ער פלעגט אַנשטעלן אַזאַ געטראַנק, וואָס ער האָט עס גערופן לעמאָניאַדע. עס איז געווען רויט און געהאַט אַ פיינעם ריח און געשמאַק. גויים פלעגן דאָס כאַפּן, און ער פלעגט יעדעס מאָל צוגיסן אַביסל וואַסער און ס׳איז געווען מזל־ברכה אין דעם פעסל. מיר פלעגן אים אונטערטראָגן אייז און עמער וואַסער צום פאַבריקאַט. דאָך איז ער געווען אַ גרויסער קבצן.

אין חדר האָט ער געהאַלטן אַ ציג. די תלמידים האָבן זי געהאָדעוועט מיט שיריים פון זייער עסן און זי איז געווען צו זיי זייער צוגעוווינט. ווען ער פלעגט שלאָגן די קינדער און זיי האָבן געוויינט, אָדער ווען ער פלעגט שרייען, פלעגט די ציג זיך צעבעקען און צעמעקען אויף אַ קול, ביז ער האָט געמוזט אויפהערן אונדז צו שלאָגן. דאַן איז זי אויך שטיל געוואָרן.

**דער רבי ראובן**

דאָס איז געווען אונדזער ערשטער מלמד. ער האָט מיט אונדז אָנגעהויבן אַלף־בית. דעם ערשטן טאָג, געדענק איך, ווי נאָר כ׳האָב אריינגעקנעלט די ערשטע אותיות פון אַלף־בית,

זע איך פון סטעלע פאַלט מיר אַראָפּ אַ גראַשן. דער רבי האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין:

״דאָס האָט דער מלאך מיכאל דיר אַראָפּגעוואָרפן פון הימל אַ מתנה, דו זאָלסט וועלן גוט לערנען.״

אויסער דעם האָט ער געהאַט נאָך אַ פּאַך: ער האָט געגאָלט גויים און ראַזירט זייערע באַוואַקסענע פּנימער. שערן פלעגט ער יעדן, אָבער ראַזירט האָט ער נאָר גויים. באַם שאַרפן די בריטווע פלעגט ער אַריינקוקן צו אונדז, אויב מיר לערנען ריכטיק דעם אלף-בית. ער פלעגט מאַכן אַ גלאָז מיט שוים פון זייף, פאַר עטלעכע גויים מיט אַ מאָל, און ווען ער האָט זיי געריבן די מאָרדע, האָבן זיי געקרעכצט און געקריצט מיט די ציין פאַר ווייטיק.

געשטאַמט האָט ער פון קאַנטאָניסטן. ווען ער איז אַלט געווען אַכט יאָר, האָט מען אים אויך געכאַפּט פון זיינע עלטערן און פאַרשיקט אין טיף רוסלאַנד, כדי אים אָפּצושמדן און אים צוגרייטן אַלס געטרייען זעלנער פאַרן צאַר. די קאַנטאָניסטן, די פּיצעלעך יידן, האָט מען געהאַלטן אין פּויערישע הייזער און זיי גוט געפּייניקט מיט שווערער אַרבעט, הונגער און קלעפּ, כדי זיי זאָלן אָננעמען די פּראַוואָסלאַוונע רעליגיע.

״איך האָב דאָך אויסגעהאַלטן״, האָט דער רבי אונדז דערציילט, ״און ווען כ׳בין עלטער געוואָרן, האָט מען מיך גענומען אין מיליטער. דאָרט האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אין אַ שולע און כ׳בין געווען אַ גוטער תלמיד. האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ פּרשה שמדן. דער לערער האָט מיר געזאָגט: וואָס טויג דיר דאָס יידישקייט, ווען דו וואָלסט ווערן אַ גוי וואָלסטו דערגרייכט צו ווערן אַ גענעראַל אָדער אַ מיניסטער.״

ווען איך בין אונטערגעוואַקסן, האָב איך אים געפרעגט פון וואַנען ער קאָן אַזוי שיין אויסטייטשן אַ פּרשה חומש מיט רש״י. האָט ער געענטפערט:

״מיין קינד, איך פלעג טאָג און נאַכט חזרן אויף אויסנווייניק, וואָס כ׳האָב באַוויזן צו לערנען אין חדר איידער מ׳האָט מיך געכאַפּט. כ׳האָב אין די פּרשיות חומש מיט רש״י אַריינגעגאָסן מיין גאַנץ בענקשאַפט אַהיים, צו מיינע טאַטע-מאַמע און ברידער-שוועסטער. פון חומש מיט רש״י האָב איך געצויגן די גאַנצע האָפענונג מיינע, איך זאָל נאָך דערלעבן צוריקקערן זיך צו מיין פאָלק. אַ דאַנק דעם חומש האָב איך אַלץ אויסגעשטאַנען.״

דער סוף זיינער איז אָבער געווען אַ גרויזאַמער. איינמאָל, אין אַ פראָסטיקן ווינטערדיקן פרימאָרגן נאָך אַ שטורעם-שנייאיקער נאַכט האָט מען אים געפונען ביי מיין זיידן אין גאָרטן אַ געפרוירענעם צום טויט.

יאָרן לאַנג איז ער מיר געשטאַנען פאַר די אויגן מיט זיין שיינעם מאַיעסטעטישן אויסזען. יאָרן לאַנג האָב איך גלייך מיט אַנדערע געוואָלט פאַרשטיין די סיבה פון זיין טויט, אָבער קיינמאָל דערצו נישט דערגאַנגען.

# מערקווירדיקע טיפּן



רוזשאַן — אַ שטיק פון מיין לעבן איז פאַרלאָפן אין דעם שטעטל. מיין קינדהייט, מיינע יוגנט און דערוואַקסונג יאָרן זיינען ענג פאַרבונדן מיט דעם שטעטל. און כאָטש כ׳בין אין די דרייסיקער יאָרן איבערגעפאָרן וווינען אין וואַרשע, דאָך איז מיין קאָנטאַקט מיט רוזשאַן קיינמאָל נישט איבערגעריסן געוואָרן. קיינמאָל האָב איך נישט אויפגעהערט זיין אַ רוזשאַנער.

און ווען איך גיי דורך אין מיינע געדאַנקען איבער יענער תקופה אין מיין לעבן, טויכן אויף ערינערונגען, פאַסירונגען, שפּליטערן פון זכרונות האַלב פאַרגעסענע. מענטשן, געוועזענע געוויינלעכע בשר־ודם און יידן פון אַ גאַנץ יאָר, זיינען דורך די טראַגישע געשעענישן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געשטאַלטן, ענליכע צו העלדן אין געלייענטע דראַמעס.

פון די צאָל מענטשן פון יענער צייט טויכן אויף יחידים, וועמענס נעמען זיינען פאַרבליבן אין מיין זכרון: מערקווירדיקע טיפּן, מענטשן פון פאַרשידענע מאָס און גענג אין לעבן, רוזשאַנער און אויך אַנדערע, די וועלכע כ׳האָב געטראָפן אין מיין לאַנגן וואַנדער־וועג, זוכנדיק אַ מקום מקלט, אַ צייטווייליקע היים אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט.

און צו אָט די מענטשן, וואָס אין די מערסטע פאַלן רוען נישט זייערע רעשטלעך אין קיין שום בית־קברות, זאָלן מיינע באַשיידענע ווערטער וועגן זיי דינען אַלס מצבת נצח און זיי אויסלייזן פון אומברחמנותדיקער פאַרגעסנהייט. מיט ציטער און יראת־כבוד שרייב איך מיינע צניעותדיקע ווערטער, וואָס זיינען נישט מער ווי אַ בלאַסער שיין פון דעם, וואָס איז געווען אין דער ווירקליכקייט.

**אהרון פּשיסוסקער**, איינער פון די גרונטלייגער פון דער "מזרחי" אָרגאַניזאַציע אין רוזשאַן, אַ ייד מיט אַ פּאַטריאַרכאַלער הערצל־באָרד, אַ חובב ציון, אַ ייד וואָס האָט ווירקלעך פאַרקערפּערט אין זיך דעם אידעאַל פון תורה ומסורת.

זיין זון **משה** — אַ קוואַל פון וויסן, געשפּרודלט מיט ערודיציע. דורך אים און זיין פּריוואַטער ביבליאָטעק האָט איך זיך באַקאַנט געמאַכט מיט די ווערק פון ראָמען ראָלאַ, תאָמאַס מאַן, פּלאַטאָ, היינע, גרעץ און אַנדערע. משה איז געווען אַ זינג־פויגל, אָבער לידער מיט צעבראָכענע פליגלען. ער האָט געשריבן עקשנותדיק לידער און פּאָעמעס, און בלויז דער פריצייטיקער טויט האָט אַרויסגעריסן די פען פון זיין האַנט.

דער יינגערער זון, מנחם, האָט געלערנט עטליכע יאָר אין ביאַליסטאָקער "תחכמוני" און שפּעטער דורכגעמאַכט פאַרשידענע גלגולים: צעשייד זיך מיט זיינע טראַדיציאָנעלע אַנשויאונגען און געוואָרן אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

**הערשל גרינשפאן** — אַ העברייאישער לערער אין דער ״יבנה״ שולע, אַ קוואַל פון תורה און וועלטליך וויסן. ער איז געווען שטיל און באַשיידן, קיינמאָל זיך נישט געשטופּט צו דער מזרח־וואַנט. אַ מלא־וגדוש אין די שאַפונגען פון דער יידישער און העברייאישער ליטעראַטור. אומגעקומען צוזאַמען מיט די פאַמיליע בענדער אין לוניניעץ, באַלד נאָכן אויסברוך פון רוסיש־דייטשישן קריג, יוני 1940.

**אלימלך ליפשיץ** — אַ זייגערמאַכער אין מאַרק, אַ ייד פאַרליבט אין יידישער נגינה, האַרציק געדאַוונט פאַרן עמוד, אָפט מחיה געמאַכט דעם עולם מיט אַ גוט שטיקל חזנות. אוי, מיט וויפל האַרץ און בענקשאַפט ער האָט דאָס געזונגען דאָס אַלטע ציוניסטישע ליד ״על אם הדרך״!

**יחיאל בורשטין** — סעקרעטאַר פון דער גמילות־חסדים קאַסע אין רוזשאַן, טריי געדינט די באַדערפעניישן און נויטן פונעם שטעטל. כ׳האָב אים געטראָפן אין וואַרשע, ווו ער איז געקומען זוכן אַ מעגלעכקייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. לײדער געבליבן אין פוילן מיט דער גאַנצער פאַמיליע, צו טיילן דעם ביטערן גורל פון מיליאָנען אַנדערע.

**שימקע רייטשיק** — אַ קול־דממה־דקה, אַן אידעאַל פון ענוות. געדאַוונט טאָגטעגליך מיט התלהבות און געפיל, און אונטערגעשטראָכן די ווערטער ״כדי שתהא דקה מן הדקה״ אין די קרבנות. אַ ריין געוויסן געווען, א נאה דורש ונאה מקיים. אומגעקומען מיט נאָך עטליכע רוזשאַנער אין ווילנער געטאָ. שימקע, צוזאַמען מיט נאָך ישיבה־לייט — צווישן זיי **ישראל־משה מאַסטעק** פון רוזשאַן — האָט געוואַרט אין דער ריי אויסצוּוואַנדערן קיין כאַרבין, און פון דאָרט קיין אמעריקע. די געלעגנהייט איז אָבער קיינמאָל נישט געקומען.

(דאָס האָב איך מיט שימקען געגראָבן אַ טיפן גרוב נעבן זייער הויז, אין טאָג פון אויסברוך פונעם קריג, אין טיף באַגראָבן אַלץ וואָס מיר האָבן געדענקט פאַר ווערטפול. צווישן אַנדערע זאַכן: קופּערנע פעסלעך, אַנטיקן פון אבות, אָנגעפּילט מיט אַלטע ספרים, ירושות פון זיידענס און עלטער־זיידענס. מיר האָבן פאַרגלייכט די ערד מיט די הענט און געמאַכט אַ סימן ביי אַ זייטיקן בוים, אין פאַל ווען ווער פון אונדז וועט בלייבן לעבן... די רעשט פון חיה **רייטשיקס** משפחה און די קינדער פון **זעלדע רייטשיק** זיינען אומגעקומען אין מאַקאָוו.)

**משה־אהרן פריזאַנט**, מיין פאָטערס אַ ידיד נפש, אַ קליינע פיגור, וואָס האָט אויסגעזען העכער און ברייטער ווי אין דער ווירקליכקייט. זיין קראָם איז געווען אַ בית־ועד, אַ צענטער פאַר ציוניסטישער טעטיקייט. אַ פשוטער ייד, אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאַלעס, אָבער שטענדיק פאַרנומען דעם אויבנאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

**מנחם פרענקל** — געליטן פון אַ פּאַראַליטש און געמוזט אַרומגיין מיט אַ שטעקן. ביי אים אין קליינעם צימער אין מאַרק האָבן מיר אימער געהערט אודיציעס אין יידיש פון מאָסקווע. שפּעטער געהייראַטעט קיין וואַרשע און אין די דרייסיקער יאָרן בין איך געווען זיין שכן אויף דער מילע גאַס. מנחם איז געווען אַ גערער חסיד מיט לינקע אַנשויאונגען. עס קלינגען נאָך אין מיינע אויערן די דיספּוטן איבער די מאָסקווער פּראָצעסן... אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

**אַלטער פערל** — האָט זיינער צייט אויך אָנטיילגענומען אין דער ״מזרחי״ אָרגאַניזאַציע, ביי איר אַנטשטייאונג. (שפּעטער האָט ער זיך דערנענטערט צו דער פאָלקיסטישער באַוועגונג, פּאַרטיי פון נוח פּרילוצקי.) אַלטער איז געווען אַ ייד אַ בר־דעת, אין



אלטער און אסתר פערל און זייער זון אפרים

וועלכן ס׳האָט זיך פאַראייניגט תורה און סחורה. ער איז געבענטשט געווען מיט אַ חוש פאַר הומאָר. מיר פלעגן זיך שטענדיק פונאַנדערלאַכן פון זיינס אַ ווערטל. מיט זיינע אויס־טייטשונגען פון פסוקים פון דער תורה פלעגט ער מיר שטענדיק דערמאָנען טוביה דעם מילכיקן פון שלום־עליכם. זאָגט אַלטער: ״עס שטייט געשריבן: אדם ובהמה תושיע ה׳. דאָס הייסט: אַז אַ מענטש איז אַ בהמה, העלפט אים גאָט...״ אין פרקי־אבות שטייט: ״במקום שאין אנשים, השתדל להיות איש.״ טייטשט אַלטער: ״במקום שאין אנשים, איז ׳השתדל׳ אויך אַ מענטש...״

אַלטער, אַלטער, פאַרואָס בינסטו אַוועק פון ארץ־ישראל?

דאָס הויז פון די פאַזשיצקעס אויפן פולטוסקער שאָסיי איז געווען אַן אכסניה פאַר דער ביבליאָטעק און דאָס האָט מיך געבראַכט אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט די שוועס־טערס **פייגע** און **גנענדל פאַזשיצקי**, ביידע אומגעקומען אין רוסלאַנד. זאָלן זייערע נעמען געדענקט ווערן מיט ליבע און כבוד. פייגע, אַ ראַדיקאַלע סאָציאַליסטין, אַ גלענ־צנדע רעציטאַטאָרין, אויסגעצייכנט זיך אין רעציטאַטירן בינעם העלער און אַנדערע. זי האָט געשריבן לידער פון צאָרן און פאַראַכטונג. אירע לידער זיינען געדרוקט געוואָרן אין דעם פוילישן לינקן זשורנאַל ״טריבונאַ״. אָך, מיט וואָס פאַר אַ התלהבות זי האָט געזונגען דאָס ליד ״ס׳טראָגט אַ בשורה זיך פון מאָסקווע... אַך, ברענען זאָל די וועלט...״ די אויגן האָבן ביי איר געברענט מיט אַזאַ פייער, וואָס האָט, דוכט זיך, אַ גאַנצע וועלט געקענט אָנצינדן.

אין 1938 העלף איך פייגן אין וואַרשע אין מאַכן איר וועג קיין ווילנע מיט איר זיס זעקס־יעריקן זונעלע, און פון דאָרט שוואַרצן די גרענעץ קיין רוסלאַנד צו טרעפן זיך מיט איר מאַן, וועלכער האָט געמאַכט דעם וועג צוויי יאָר פריער. מיר האָבן זיך פייערלעך געזעגנט און פייגע האָט מיר צוגעזאָגט צו לאָזן וויסן, וואָס מיט איר וועט געשען. אָבער אָן אַ שפּור. איך האָב שפּעטער זיך געטראָפן מיט איר שוועסטער גנענדל, וועלכע האָט געמאַכט פאַרזוכן צו געפינען איר שוועסטער — אָבער אָן דערפאָלג.

מיט ביכער פאַר די ביבליאָטעק האָט אונדז געהאָלפן אויך **אברהמל זשעפּקע,**

וועלכער איז נאָר וואָס געווען צוריקגעקומען פון לאַמזשער טורמע, ווו ער איז געווען אַרעסטירט פאַר פּאָליטישער טעטיקייט. אברהמל האָט געהאַט א חוש פאַר די פּען. ער האָט געשריבן, פון מאָל צו מאָל, אין דעם וואַרשעווער ״עקספּרעס״ צייטונג. אויך איז ער געווען אַן אַקטיווער זאַמלער פאַרן ״ייוואָ״ (יידיש וויסנשאַפטליכער אינסטיטוט), פאַר וועמען ער האָט געזאַמלט פאָלקס־ווערטלעך, יידיש פאָלקלאָר און לידער, און אויך יידישע קללות.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן **מאיר ראָזנבערג**, אַ שמיד אויפן מאַקאָווער שאָ־סיי, אַ בחור אַ חברהמאַן, גלייכגעוויקסיק און פעסט געבויט, מיט אַ שקאַציש פּייערל אין די אויגן. געווען אַ איינגייער אין דער ביבליאָטעק. אַפט געווען אַ קרבן פון דער ברוטאַלער באַהאַנדלונג פון דער פּאָליציי. מאיר איז געווען דער אומבאַזיגטער שאַך־טשעמפּיאָן אין שטעטל. אומגעקומען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

איך האָב דאָ געבראַכט אַ טייל פון די טיפּן, וועלכע כ׳האָב זיך דערמאָנט שרייבנדיק מיינע זכרונות פאַר אונדזער יזכור־בוך. זאָל דער ספר־יזכור לקהילת רוזשאַן זיין אַ מצבה פאַר זיי, און אויך פאַר אַלע אונדזערע טייערסטע, וואָס זיינען אומגעקומען אין גרויסן חורבן און קיינער ווייסט נישט ווו זייער געביין רוט. תנצב״ה!



חיים פלאָטקין

## יזכור 1963

אין טאָג פון מיין 6 מיליאָניקן בראָך
קומסטו, וועלט,
מיט דעקלאַראַציעס
מיך באַגריסן.
צייט זאָלסט וויסן:
— יעדן טאָג פון וואָך
קלאָג
איך
דיך
אָן
פאַרן
"וועלטגעוויסן"!..
האָסט זיך טויב און בלינד
געמאַכט
ווען מ'האָט מיך געגאָזט,
געברענט!
פאַרוואָס איז געווען דיר פרעמד
מיין רוף
צו דיר
פון אַלע געטאָס?!
האָסט געשוויגן
ווען די אויוונס
האָבן געגליט
מיט מיין 6 מיליאָניק געביין!
זאָג מיר, וועלט!
זאָג, "וועלטגעוויסן"!
אין טאָג פון מיין יאָרצייט־בראָך.
מיט
וו אָ ס
קומסטו
ה י י נ ט
צו גיין?!...

## שעם זיך נישט

שעם זיך נישט מיטן איינגעברענטן נומער אויפן אָרעם,
כ׳בין דיר מקנא די מאַרטירער־ירושה:
די נומערהאַנט וועט בלייבן פאַרשריבן אין ספרים —
פאַר דור־דורות חורבן־קדושה!

צווישן געציילטע קדושים ביזטו אַרויס פון גיהנום.
דער פלאַם האָט אויף דיר נישט געהאַט קיין שליטה:
טרעבלינקע ליגט נאָך אויף דיינע ברעמען
און דיינע אויגן דערציילן פון אויוונס צעגליטע...

אויף די לוחות גליען די צען געבאָטן.
אויף דיין אָרעם ברענען 6 מיליאָן בראָכן.
כ׳גלויב דיר: שרעקסטו זיך פאַרן לאַנגן שאָטן
וואָס איז ״אין די בונקערס מיטגעקראָכן...״

שעם זיך נישט מיטן איינגעברענטן נומער אויפן אָרעם,
דער פאַרשאָלטענער יאָרהונדערט זאָל זיך שעמען!
ס׳אַש פון די נאָמענלאָזע קברים,
דאָס פּנים פון דער זון וועט צעברענען!...

אויב אזא נומער וואָלט געברענט אויף מיין שטערן,
וואָלט איך דעם קאָפּ נישט געבויגן:
זאָלן זיך שעמען די ווייטסטע שטערן
וואָס זיינען אפשר גאָטס אויגן.

ח. ה. ב. / תל־אביב

## דערינערונגען און רעפלעקסן

געשריבן אין יאָר 1945, באַלד נאָך
דער באַפרייאונג פון בערגן־בעלזן.

שוין אייניגע מאָל האָט מען זיך געווענדעט צו מיר, איך זאָל איבערגעבן וועגן מיינע איבערלעבונגען אין די קאָנצענטראַציאָנס־לאַגערן. מיט אזא ווונטש האָט זיך צו מיר געווענדעט זאָגאָר אַן ענגלענדערין, וועלכע פירט דאָ אַן מיט אַ געוויסער הילפס־אַקציע פאַרן לאַגער. זי האָט מאָטיווירט איר ביטע דערמיט, דאָס אין ענגלאַנד גלויבט מען נאָך אַלץ נישט אין דער גרויזאַמער מאַרטיראָלאָגיע, וועלכע מיר האָבן דורכגעמאַכט. איך האָב אָבער נישט געזעען, און זע אויך היינט נישט, דעם ציל דערפון. הויפּטזעכליך אויב עס

גייט, ווי זי האָט דאָס געוואָלט, אין וועקן דאָס געפיל און געוויסן פון דער ברייטער וועלט. ווייל אויב דער אונבאַגרייפליכער גרויזאַמער ציפער פון זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע אויף אַ בעסטיאַלישן אופן, פאַרניכטעט אין די גאַז־קאַמערן יידן, האָט נישט באַוויזן דאָס צו מאַכן — טאָ וואָס קאָנען אויפטאָן מיינע טרויעריקע דערינערונגען ?

און דאָך, אויב איך וויל היינט איבערגעבן אַ ביסל זכרונות וועגן מיינע איבערלעבונגען אין אוישוויץ, איז עס נישט צוליב דעם אויבן דערמאָנטן צוועק, נאָר פשוט אָראָפּצורייזן זיך אַ ביסל פון האַרצן. אפשר וועט ווערן אַ ביסל גרינגער דורכצוטראָגן דאָס אַלץ, וואָס עגבערט נאָך אַזוי דעם מוח, וואָס טוט אַזוי שטאַרק וויי און נאָגט אָן אָן אויפהער דאָס אויסגעמאַטערטע האַרץ.

נאָר איידער איך גיב איבער דאָס, וואָס טוט אַזוי וויי, מוז איך אויף אָן אויגנבליק איבערטראַגן זיך אין דער פאַרגאַנגענהייט פון אוישוויץ, כדי די, וועלכע וועלן אָפּגעבן אַ פּאָר מינוט צייט אויף איבערלייענען די עטלעכע ווערטער מיינע, זאָלן בעסער פאַרשטיין פאַרוואָס עס טוט אַזוי וויי. איך טראָג מיך אַלזאָ איבער מיטן געדאַנק קיין אוישוויץ, הגם איך האָב אויך דורכגעמאַכט מיידאַנעק און בעלזען. ווייל אין אוישוויץ בין איך דאָך געווען אַם לענגסטן: גענויע צוויי יאָר! און דעריבער איז פאַרשטענדלעך, אַז די גרעסטע טייל פון מיינע דערינערונגען טראָג איך אַרויס פון דאָרט.

באַשרייבן אַלץ, וואָס איך האָב דאָרט דורכגעמאַכט, בין איך נישט אומשטאַנד, ווייל איין גרויזאַמקייט שטייגט איבער די צווייטע, איין שוידערלעכע איבערלעבונג איז שרעקלעכער פון דער אַנדערער. איבעריקס, עס וועלן זיך זיכער געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן דאָס גענויער ווי איך איבערגעבן. איך וויל זיך נאָר טיילן מיט דעם, וואָס איך האָב אין געוויסע מאָמענטן דאָרט דורכגעלעבט און וואָס איך האָב דאַמאָלסט געפילט.

איך געדענק, צום ביישפּיל, אַ טאָג, אַ יום־כפור. איך בין געשטאַנען מיט דעם שפּאַדעל אין דער האַנט און געשיט די ערד פון איין אָרט אויפן צווייטן, און פאַר די אויגן האָבן זיך געטראָגן, ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ, בילדער פון אַ יום־כפור׳דיקן טאָג אין די אַלטע צייטן. נישט נאָר פון מיין אייגענער היים, וועלכע איז שוין געווען אַ סך פאַרגעשריטענער, נאָך פון דער היים פון מיינע עלטערן. איך האָב געזען דאַמאָלסט דעם טאַטן מיינעם, מיטן ווייסן קיטל, און ער גייט אַרום פון קינד צו קינד אים בענטשן. ס׳האָט מיר אָפּגעקלינגען אין די אויערן דאָס האַרציקע געוויין פון דער מאַמען, וועלכע האָט ביים יום־כפור׳דיקן ליכט־צינדן געבעטן מיט גרויס געוויין, אַז עס זאָל חלילה־וחס אין משך פון יאָר קיינער נישט געמינערט ווערן. איך געדענק, אַז זעענדיק די מאַמען האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז די ווענט ציטערן און העלפן איר צו אין איר געבעט.

אָבער באַלד בין איך אָוועקגעריסן געוואָרן, פּלוצים און גרויזאַם, פון דעם דאָזיקן בילד: אַ קלינגענדיקער פּאַטש פון דער דייטשער אויפזעערין. זי האָט באַמערקט, אַז איך אַרבעט צו פלעגמאַטיש. און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אין אוישוויץ טאָר מען אפילו מיטן געדאַנק זיך נישט איבערטראָגן אין אַן אַנדערער בעסערער וועלט. מיט איין פּאַטש האָט זי אָוועקגעטריבן פון מיר דאָס הייליקע בילד פון דער פאַרגאַנגענהייט און צוריק אַ שליידער געטון אין דער פאַרשאָלטענער געגנוואַרט. און נאָר דאַן, ווען זי האָט זיך אַוועקגעדרייט, האָב איך אויפסניי גענומען קלערן, אָבער שוין וועגן עפּעס אַנדערעס.

איך האָב געקלערט: וואָס וועט זיין מיט אונדז דער סוף? ווי לאַנג קען מען אַזוי אַרבעטן, איבער די כוחות און אין אַזעלכע אונמענטשלעכע באַדינגונגען? און יעדע מינוט

מכונמים. / בארנקים אנו שמים כסף, כסף מכונם. / בכסף אנו קונים רמך, רמך מכונם. / ברמך אנו עולים לשמים, לשמים המכונמים. / בשמים יושב אלוהינו, האל המכונם. / מן השמים אנו מחרבנים על העולם, העולם המכונם.״

והדבר השני, שהעמיק לזוועה את זכרון ימי רוז׳אן, היו שיטוטינו ברחובות העיירה אחרי הצגות ימי א׳. בעיי החרבות חיפשנו זכר ורמז ליהדות רוז׳אן. היינו נוברים בחרבות, אולי נמצא יהודי מסתתר, שנוכל להצילו ולהביאו אלינו. אך לשוא! רק ״שמות״, עלים בלים, מזוזות ותשמישי קדושה אחרים נשארו שם מכל ההוויה היהודית של העיר הזאת, וגויים שהיו באים לשמוח למישבתנו.

## כיצד עמדנו

במחנה העבודה ברוז׳אן גמלה אצלנו החלטת הנקם, שלמענה כדאי לחיות. עצם המשכת הקיום של כל יהודי ויהודי נתקבלה כצו פנימי, מין צו גיוס לכל כוחות הנפש ששרדו בנו. להתקיים ולחיות! את הביטוי לכך נתן **מאיורק**, איש וארשה ובחור כארז, אשר גבר על כל הפלצות הזאת ושמר על עוז־רוחו, שאין לתארו. הוא חיבר שירים לכל מאורע בחיינו. השיר הגדול בשירינו, שהוא חיבר את מלותיו ולחנו ברוז׳אן, שימש לנו המנון בלכתנו לעבודה ובשובנו ממנה.

הפולנים המקומיים, שגויסו בידי הגרמנים להיות מפקדי קבוצות־העבודה של היהודים, היו סדיסטים כמוהם והיו נוגשים בנו ומכים אותנו בעבודה, כשכוונתם להעביר את גופינו לשם דיכויינו הסופי ולשם שבירת רוחנו. אבל הם היו שומעים אותנו שרים ורואים, כי רוחנו עודה בנו. עד היום אינני מבין, כיצד לא קלטו את תוכן שירנו, שהרי הם ליהגו כבר קצת גרמנית ויידיש. על־כל־פנים, ברוז׳אן עלו היינו העלובים והשתרגו למסכת אחת של מלחמה וציפייה לתקומה.

ואם יש שאתה תוהה: היכן נעלמה רוח הקרב של בחורי ישראל? מדוע לא התקוממו? — הרי ימי רוז׳אן ועמידתנו האיתנה בסבל ההשפלה עולים לנגד עינינו כימים של מלחמת התשה ממושכת, שהתשובה עליה בנסיבות ההן לא יכלה להיות אלא החיים עצמם, הקיום עצמו. הם היוו אז את המלחמה היחידה האפשרית. כל רגע, בו פצחנו בשירה זו, היה רגע של תעוזה מיוחדת במינה לתקופתה.

ואל נשכח: כדי לעמוד יום־יום במתח ההוא ובימים ההם נחוץ היה כוח נפשי, ממש גבורת נפש, וכן אמונה במשהו, שהוא מעבר לצורכי היחיד ומעל לרצון חיי הפרט; כוח, אשר, אולי, אין להגדירו אלא כרצון לאומי־קיומי חזק. הגדרה זו היא הממצה ביותר את הרגשתנו אז. תוכנה היה אז עמוק מהבנתנו המפורשת, אולם כך, בטוחני, הרגשנו. זאת היתה תקוותנו היחידה: להיות עוד עם. אני זוכר, שהיינו שרים את ההמנון שלנו באימוץ כל כוח הנפש, והשפעתו היתה חוזרת עלינו ומרעננת אותנו. היינו ממש יותר חזקים, יותר בטוחים בעתיד קיומנו.

הרגשה זו נסך בנו בעיקר מאיורק, היוצר ושר, הקיים ומבטא את עצמו, היהודי שאת רוחו אין לדכא. ברוז׳אן שרנו את המנונו של מאיורק, שרק את הפזמון החוזר שלו אביא כאן:

שוועסטער, ברידער, שליסט די רייען.
ווער ס׳האָט מורא, זאָל דאָ אין קאמף נישט גיין.
אויב מיר לעבן דאָך, הייסט מיר גייען, גייען.
דער וועג איז לאנג, נאָר בלייבט נישט שטיין!

("אחיות, אחים, חשלו השורות. / כל הפוחד, פה לקרב אל יבוא. / אם בכל זאת הננו חיים, משמע הננו הולכים, הולכים. / הדרך ארוכה, רק אל תיעצרו!")

כאן ברוז׳אן נדלק אחד מזיקי המרד של הלוחמים בנאצים. לא מקרה הוא, ששרידי מחנה זה של רוז׳אן הם אשר פוצצו את אחת ממישרפות בירקנאו, ובחורי מאקוב יחד עם בחורי רוז׳אן נקברו יחדיו במפולת האש, שאכלה מישרפה זו. והדבר ידוע לכל ניצולי בירקנאו.

תתקבל נא רשימתי זו לספר הזכרון שלכם כתוספת אבן לגל־עד, אשר אתם מקימים לקדושי עירכם וכעדות לגבורת הנפש, בה עמדו תקופה ארוכה בימי השואה הנוראה.

**מ. משעכאַנאָווער / תל־אביב**

# רוזשאנער בחורים אין ווידערשטאנד

## ווי אזוי מען האָט אונדז דערנידעריקט

אין געטאָ מאַקאָוו זענען געווען אויך יידן פון רוזשאַן. זיי זענען אַריבער אַהין אין טאָג, ווען די דייטשן האָבן אַרויסגעטריבן די יידישע איינוווינער פון רוזשאַן, עטלעכע טעג נאָך זייער אינוואַזיע אין שטאָט. איך געדענק נישט זייערע נעמען. אין צייט פון אויפ־שטעלן דעם געטאָ בין איך געווען אכצן יאָר אַלט און איך האָב מיך נישט אינטערעסירט מיטן אָפּשטאַם פון די מענטשן. צווישן זיי זענען געווען בחורים אין מיין עלטער און אויך קינדער, וועלכע זענען אַריבער אַהער מיט זייערע עלטערן. מיט אָט די יוגנטליכע האָב איך צוזאַמען דורכגעלעבט די אַלע שרעקן פון יענע טעג און כ׳בין געווען שטאַרק נאָענט און באַפריינדעט מיט זיי. דורך דעם האָב איך אַ באַציאונג צו רוזשאַן און די רוזשאַנער, וועלכע שרייבן יעצט דעם זכרון בוך פאַר זייערע טייערסטע.

אָבער וואָס האָט מיך באַזונדערס געבראַכט צו שרייבן די קומענדיקע שורות איז דער בונד, וואָס מיין גורל האָט מיך פאַרבונדן פאַר אַ תקופה פון זעקס מאַנאַטן מיט אייער שטעטל, זעקס לאַנגע מאַנאַטן פון ליידן און דערנידערונג אין שרעקלעכע יאָרן פון גרויסן חורבן.

אין הערבסט 1941 איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער געטאָ אין מאַקאָוו און אין מאַי 1942 האָט מען אונדז פאַרשיקט אין אַרבעטס־לאַגער פון רוזשאַן. דער געטאָ האָט געדינט אַלס אַרבעטס־ביוראָ, וואָס האָט צוגעשטעלט אַרבעטס־כוחות פאַר די דייטשן אין דער סביבה. יידן זענען געשיקט געוואָרן ווי קנעכט, אָדער ווי צוואַנגס־אַרבעטער, אין מיליטערישע לאַגערן, אין די פאַלוואַרקעס וואָס די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט, און צו רייניקונגס־אַרבעטן און פאַרריכטן די שאָסייען. רוזשאַן איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס קוואַרטיר־פּלאַץ פאַר די יידישע קנעכט צוליב די אונטערערדישע פאַרטן, וואָס האָבן געדינט די יידן אַלס פאַר־טיקע און אומזיסטע נאַרעס צו וווינען.

צוויי הונדערט בחורים האָט מען אַרויסגענומען פון געטאָ און אַנגעשטאָפּט אין די פאַרטן פון רוזשאַן. צווישן זיי זענען אויך געווען בחורים פון רוזשאַן אַליין. פאַר זיי איז דאָס געווען אַ דאָפּלטע טראַגעדיע: קומען צוריק אין דער אייגענער געבורטס־שטאָט כדי צו זען איר פאַרוויסטונג און צו לעבן ווי אַ מוילוואָרף אונטער דער ערד.

צו מיין באַדויער געדענק איך נישט די נעמען פון די רוזשאַנער בחורים. פינף, אָדער

זעקס, זענען זיי געווען, און מיר האָבן זיך זייער באַפריינדעט. בכלל, אַלע זענען געווען פריינדליך און איבערגעגעבן איינער צום צווייטן. די באַדינגונגען זענען געווען זייער שווערע. געשלאָפן האָבן מיר אויף דער ערד אויף שטרוי, וואָס מען האָט קיין מאָל נישט געביטן און האָט געווימלט מיט לייז און אַנדערע שרצים. עסן האָט מען אונדז כמעט נישט געגעבן. אונדזער גאַנצע נאַרונג איז געווען אַ דריטל לעבל ברויט אַ טאָג; אין דער פרי און אין אָוונט האָבן מיר באַקומען עפּעס אַ געטראַנק פון בלעטער (כלומרשט טיי) באַזיסט מיט סאַכאַרין; און מיטאָגצייט אַ ליטער מאָגערן זופּ. דער קאָמאַנדיר פון לאָגער, אַ דייטש אַ סאַדיסט פון די ערגסטע, האָט באַפוילן אונדז געבן צו עסן יעדע געפגרטע בהמה אָדער חיה, וואָס וועט זיך מאַכן אין רוזשאַן און אומגעגנט. איז טאַקע געווען אַ יום־טוב אין אונדזער לאָגער, ווען אַ פערד אָדער אַ חזיר האָט אויסגעצויגן מיט די פיס, ווייל דאַן האָבן מיר באַקומען אַ פעטן זופּ און געהאַט הנאה פון עסן.

און טראָץ דעם, נישט דער הונגער און די שווערע אַרבעט האָבן אונדז אַזוי געקלעמט. צוויי זאַכן זענען געווען אין רוזשאַן, וועלכע האָבן אונדז אַזוי שטאַרק דערנידעריקט און געפּייניקט, אַז איך, וואָס טראָג נומערן פון אַשוויענצים, בירקענאַו און בערגען־בעלזען און האָב איבערגעלעבט אַלע דייטשע גרויל־טאָטן, געדענק נישט די קרעמאַטאָריעס אַזוי ווי איך געדענק יענע טעג פון רוזשאַן.

מיט זונאויפגאַנג פלעגן מיר אַרויסקריכן פון די פאַרטן און מען פלעגט אונדז פירן אין מאַרק־פּלאַץ און אין אנדערע גאַסן פון שטעטל, כדי צו באַזייטיקן די רואינעס, און מיט פינצטער פלעגן מיר זיך אומקערן צו אונדזערע נאַרעס. און אַזוי זעקס טעג אין דער וואָך. זייער ציל איז געווען צו לאָזן אַ מענטשליכן מאָנומענט פאַר זייער פאַרלאָזן, כדי אין די דערפער זאָל מען זיי געדענקען פאַר זייערע צוויי "גוטע מעשים": זיי האָבן אויסגע־ריינּיקט רוזשאַן פון די יידן און האָבן איבערגעלאָזט עפנטליכע גערטן פאַר די קינדער פון די יידן־רוצחים.

דער מאַרק איז געווען פולשטענדיק חרוב און פאַרברענט. דאָ און דאָרטן האָט מען געקענט זען, אז עס איז אַ מאָל דאָרט געשטאַנען א הויז. די גויים האָבן צושלעפּט יעדן שטיקל בוי־מאַטעריאַל און יעדן חפץ וואָס זיי האָבן געפונען.

זונטיק איז געווען דער וועכנטליכער פרייער טאָג, אָבער דאָס איז געווען אונדזער גרויל־טאָג. דעם טאָג פלעגן די דייטשן אַראָפּברענגען אין אונדזער לאָגער גויים פון דער סביבה, צו אונדזערע וווינונגס־לעכער, זיי אויסזעצן אויף שטולן איבער די פאַרטן, און די גויים פלעגן אַראָפּקוקן צו אונדז אונטן ווי אויף אַן אַרענע. מיר זענען געווען די שפּילערס, וועלכע זענען געצוווּנגען געווען זיי צו פאַרווײַלן.

דער קאָמאַנדיר פון לאגער, אַן אויסגעפּוצטער פראַנט און אינטעלעקטועלער סאַדיסט, האָט אַנגעפירט מיט דער פאַרווײַלונג. עמיצער האָט מחבר געווען פאַר אונדז אַ דייטשן ליד (כ'וועל אים געבן שפּעטער), אונדז האָט מען אויסגעשטעלט אונטן צו פאַרלעך, איינער געגן דעם צווייטן, און מיר האָבן געמוזט לײַזן איינער דעם צווייטן. דער אמת איז, אַז מיר זענען געווען אָפּגעדעקט מיט גאַנצע שיכטן פון לייז און עס איז געווען אייגנטליך אַ לייכטע אַרבעט. הויפנס הויפנס פלעגן מיר זיי צוזאַמענקלייבן. בשעת מעשה פלעגן צוגיין עטליכע גויים און אונדז "העלפן" ביים לייזן. זיי פלעגן אויפהייבן אונדזערע העמדער און ווייזן "כ'האָב געפונען!" און דערביי שמייסן אויף אונדזערע נאַקעטע קערפּערס מיט נאַהייקעס אָדער מיט גורטן.

נאָך דער סצענע פלעגט מען, יעדן זונטיק, אויסקלייבן פון אונדז פינף קרבנות, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרווילן נאָך מער דעם פּובליקום. מען פלעגט די פינף ארומיאָגן אַרום פלאַץ מיט "פאַלן! אויפשטיין! פאַלן! אויפשטיין!", ביז זיי פלעגן פאַלן אין חלשות. דאַן פלעגט מען זיי אָפּמינטערן מיט עמערס קאַלט וואַסער, וואָס מען האָט צוגעגרייט פון פריער, און יעצט פלעגט מען זיי הייסן שפּרינגען ווי זשאַבעס. די אויפזעער פלעגן גוט אויפפּאַסן, אַז די זשאַבעס־שפּרינגעריי זאָל זיין ראיעל, און אויב נישט — פלעגן זיי שמייסן מיט די בייטשן און שרייען: "ריכטיק שפּרינגען! זיין זשאַבעס! ניט מאַכן קיין פוילע שטיק!" און די גוים אויבן פלעגן זיך פאַרגיין פון געלעכטער.

נאָך דעם געיעג פלעגן די פּריוויליקע אויפזעערס אַראָפּלאָזן ביי די יידן די הויזן און זיי מכבד זיין מיט דרייסיק שמיץ יעדן איינעם, ביז די פלעגן פאַרלירן דעם באַוווסטזיין. און ווידער: געגאָסן וואַסער, אָפּגעמינטערט און געשמיסן ווייטער. נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז נאָך אַזאַ באַהאַנדלונג פלעגט דער ייד קריכן אין זיין נאָרע אויף אַלע פיר און זיין גאַנצער קערפּער איז געווען בלוי און צעשלאָגן. אָבער אויף מאָרגן האָט ער געמוזט אויפשטיין צו דער אַרבעט ווי אַ געזונטער.

יעדער זונטיק האָט געפאָדערט זיינע קרבנות. יעדער איז געווען אַ קאַנדידאַט אויף דעם גורל, און די ידיעה אליין, אַז דו קענסט אויסגעקליבן ווערן צו דער "ראַליע" האָט פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן נאָך איידער דאָס האָט פּאַסירט.

דער שפּיל האָט זיך שטענדיק געענדיקט מיטן דריטן אַקט, וואָס איר דערנידעריקונג האָט ווייט געטאָן מערער ווי די שמיץ. אין דעם אַקט האָט מען צוזאַמענגענומען אַלע צוויי הונדערט בחורים און זיי האָבן געמוזט זיך שאָקלען אין דבקות ווי ביים דאַווענען. דער דייטשער סאַדיסט פלעגט פון מאָל צו מאָל אָפּשטעלן אונדזער שאָקלעניש פון כלומרשטן דאַווענען, שטיל מאַכן אונדזערע געצווונגענע קולות און ערקלערן דעם עולם, וואָס האָט כמעט געפּלאַצט פון לאַכן, ווי פאַנאַטיש דאָס פאָלק איז און ווי אָבסקוראַנט זיי זענען צו דאַווענען צו אַזאַ מין גאָט און מיט אַזעלכע באַרבאַרישע תנועות פון גוף.

צום סוף פון דעם "שוישפּיל" פלעגט מען אונדז אויסשטעלן צו דריי און מיר פלעגן מוזן אַרומרינגלען דעם פּלאַץ זינגענדיק דאָס ליד (וואָס כ'האָב אויבן דערמאָנט).

וואָס מאַכן וויר מיט די לויזע, לויזע?
פאָן די לויזע מאַכן וויר פעלער, לויזע פעלער.
פאָן די פעלער מאכן וויר טאַשן, לויזע טאַשן.
אין די טאַשן לייגן וויר געלט, לויזע געלט.
מיט דעם געלט קויפן וויר איין שימל, איין לויזע שימל.
מיטן שימל גייען וויר אין הימל, אין לויזן הימל.
אויף דעם הימל זיצט אונדזער גאָט, לויזער גאָט.
פאָן דעם הימל שייסן וויר אויף דער וועלט, לויזע וועלט.

און נאָך אַ זאַך האָט פאַרטיפט דעם זכרון פון די גרויזאַמע טעג אין רוזשאַן — אונדזער אַרומשלעפּן זיך אין די גאַסן פון שטעטל נאָך דעם זונטיקדיקן "שוישפּיל". אין די רואינען האָבן מיר געזוכט אַ זכר פון די רוזשאַנער יידן. מיר פלעגן ראַיען אין די חורבות, אפשר באַהאַלט זיך דאָרט א ייד וואָס מיר וועלן קענען אים ראַטעווען און ברענגען צו אונדז. אָבער אומזיסט! נאָר "שמות", זיך וואַלגערנדע בלעטער, מזוזות און אַנדערע רעשטלעך

פון הייליקייטן זענען דאָרט געבליבן פון דער ייִדישער עקזיסטענץ. און גוים זענען געשטאַנען ארום און זיך געפרייט אויף אונדזער בראָך.

### ווי אַזוי מיר האָבן דאָס אויסגעהאַלטן

אין אַרבעטס-לאַגער פון רוזשאַן איז רייף געוואָרן אונדזער באַשלוס צו נעמען נקמה, און צוליב איר איז ווערט געווען צו לעבן. דאָס לעבנבלייבן און קיום פון יעטוועדן יידן איז אָנגענומען געוואָרן ווי אַ טיפער, אייגענער באַפעל, ווי אַ מאָביליזירונג פון אַלע גייסטיקע כוחות, וואָס זענען נאָך ביי אונדז געבליבן. עקזיסטירן און לעבן! דעם אויסדרוק דערצו האָט געגעבן מאַיאַרעק, אַ וואַרשעווער בחור, פעסט ווי אַ פעלז, וועלכער האָט בייגעקומען אַלע גרויזאַמקייטן און געווען שטענדיק מוטיק און דרייסט, אַז עס איז שווער צו באַשרייבן. אויף יעדער געשעעניש פלעגט ער פאַרפאַסן לידער. אונדזער וויכטיקסטעס ליד, וואָס ער האָט פאַרפאַסט זיינע ווערטער און נגון אין רוזשאַן, האָט אונדז געדינט אַלס הימנען גייענדיק צו און פון דער אַרבעט.

די אַרטיקע פּאַליאַקן, וועלכע די דייטשן האָבן מאָביליזירט צו זיין די קאָמאַנדירס פון יידישע אַרבעטס-גרופּעס, זענען געווען סאַדיסטן פונקט ווי זיי און פלעגן אונדז מערדעריש שלאָגן ביי דער אַרבעט. זיי האָבן געוואָלט אונדז ענדליך צעברעכן און אונטערדריקן, אָבער זיי האָבן געזען אונדז מוטיק און געהערט זינגען. ביז היינט קען איך נישט פאַרשטיין, ווי האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען וואָס מיר זינגען, ווייל זיי האָבן דאָך גערעט א ביסל דייטש און יידיש. בכל אופן, אין רוזשאַן איז אונדזער בידנעס לעבן דאָך געווען אַ שטילע מלחמה צו לעבן און איבערלעבן.

און אויב דו וווּנדערסט זיך אַ מאָל, וווּהין איז פארשווונדן געוואָרן דאָן דער קאַמפּס-גייסט פון די יידישע יונגע בחורים, פאַרוואָס האָבן זיי נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד, זענען די טעג פון אונדזער אויסהאַלטן אַלע ליידן און דערנידעריקונגען אין רוזשאַן א מין לאַנג-דויערנדער אויסמאַטערונגס-קריג. און דאָס איז געווען די דאָרט איינציק מעגליכע תשובה אין יענע אומשטאַנדן — לעבן, עקזיסטירן! דאָס איז דאָן און דאָרט געווען די איינציק מעגליכע מלחמה. יעדער מאָמענט וואָס מיר פלעגן אָנהויבן זינגען איז געווען אַ מאָמענט פון אַן אויסערגעוויינליכער דרייסטקייט און מוטיקייט פאַר יענער תקופה.

און דאָס זאָלן מיר נישט פאַרגעסן: כדי אויסצושטיין אַ טאָג פאַר א טאָג יענע שפּאַנונג און ליידן און שרעק האָט מען באַדאַרפט פאַרמאָגן אַ סך גייסטיקן כוח, ממש אַ גבורה, און אויך אַ גלויבן אין אַ פיל העכערן ציל ווי דאָס לעבן פון אַן איינציקן מענטשן; אַ כוח וואָס מען קאָן אים אפשר ערקלערן אַלס א שטאַרקן ווילן פון נאַציאָנאַלן עקזיסטענץ. איך מיין אַז דאָס איז די בעסטע דעפיניציע פון אונדזער דאַמאָלסטיקער פילונג. איר אינהאַלט איז געווען טיפער פון אונדזער קלאָרן פאַרשטיין. אָבער אַזוי, איך בין זיכער, האָבן מיר דאַן געפילט. דאָס איז געווען אונדזער איינציקע האָפנונג: צו זיין נאָך אַ מאָל אַ פאָלק. איך געדענק, אַז מיר פלעגן זינגען אונדזער הימנען מיט גרויס כונה און באַגייס־טערונג, און זיין צוריקקערנדע ווירקונג פלעגט אונדז פרישן און שטאַרקן. מיר פלעגן ווערן מונטערער און מער זיכער אין אונדזער צוקונפט.

דאָס געפיל האָט אויף אונדז געווירקט באַזונדערס מאַיאַרעק, דער שאַפער און זינגער, וועלכער עקזיסטירט און דריקט זיך אויס, דער ייד וועלכנס גייסט מען קאָן נישט אונטער־

דריקן. אין רוזשאַן האָבן מיר געזונגען מאַיאַרעקס הימנען, פון וועלכן איך וועל דאָ ברענגען נאָר דעם רעפריין:

שוועסטער, ברידער, שליסט די רייען.
ווער ס'האָט מורא, זאָל דאָ אין קאַמף נישט גיין.
אויב מיר לעבן דאַך, הייסט מיר גייען, גייען,
דער וועג איז לאַנג, נאָר בלייבט נישט שטיין!

דאָ אין רוזשאַן איז אַנגעצונדן געוואָרן איינער פון די פונקען פון די קעמפערס געגן די נאַציס. נישט קיין צופאַל איז, אַז די רעשטלעך פון דעם רוזשאַנער לאַגער האָבן עקספּלאָדירט איינעם פון די קרעמאַטאָריומס פון בירקענאַו, און בחורים פון מאַקאָוו צוזאמען מיט בחורים פון רוזשאַן זענען באַגראַבן געוואָרן אונטערן פייער־איינפאַלונג דאָרטן. דער פאַקט איז באוווּסט פאר אלע וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון בירקענאַו.

זאָל מיין דאָזיקע רשימה פארן רוזשאַנער יזכור־בוך זיין נאָך א שטיין צו דעם דענקמאָל, וועלכן איר שטעלט אויף פאר די קדושים פון אייער שטעטל, און זאָל ער זיין אַן עדות פאר דער גרויסער גבורה, וואָס זיי האָבן באַוויזן אַ לאַנגע צייט אין די שרעקלעכע טעג פ;ון דעם חורבן.

רחל למברג־קופיץ׳ ז״ל

## מימות השואה

סמוך למלחמה גייסו הפולנים את כל עתודותיהם. בגיוס הכללי הזה גויס גם בעלי, ואנוכי נשארתי עם הורי, כשאני בהריון עם ילדי הראשון. אוירה של פרידה וניתוק שררה בכול. איש לא האמין בכוח עמידתם של הפולנים, ובלב רבצה מועקה כבדה: אולי כבר לא נתראה?

בלילות נשמע מן החוץ טרטור אופני עגלות, שהובילו מגויסים בלא הפסק, וזה הגביר את הזעזוע ואת החרדה לגורל המשפחה. לא ידעתי לאן לקחו את בעלי, ואיש לא ידע בבירור היכן יתייצב הכוח הפולני והיכן תהיה החזית. עם תקיפה ראשונה של הגרמנים נפרצה חגורת ההגנה הפולנית וגבר החשש לגורל המגויסים. לא ידענו אם הספיקו להסתלק בעוד מועד או נפלו בשבי הנאצים האכזריים.

באותם ימי אימה ראשונים בא לי **חיים בנדרימר** כשליח לבשורה גדולה, ממש שליח מצווה, ובישר לי, כי בעלי נמצא בקירבת מקום ומבקש להודיעני על כך. ניסיתי לנחש היכן מקום חנייתו, לקחתי כסף ויצאתי לחפשו ולהביא לו כסף, שיעמוד לו במצוקת נדודיו. בדרך נאמר לי, כי הוא נמצא באוסטרולנקה. שמתי פעמי לשם. למזלי הרע פגשתי את מורתי לשעבר, הפולניה **איצקביץ׳**. היא שאלה אותי, לאן אני מתכוונת ללכת עכשיו, כשהסכנה כה רבה בדרכים. סיפרתי לה מה בדעתי לעשות. חשבתי: מורה שלי, בוודאי תעזור לי, תדריך אותי. אך במקום זה היא פרצה בצעקות וגערות ואיימה עלי, שאם אמשיך בדרכי, זו תהיה המטת חרפה על הצבא הפולני הגיבור. ״דבר זה,״ היא צעקה, ״כמוהו כנסיון להוריד את המורל של הלוחמים הפולניים והוצאת דיבה קשה על מפקדי צבאנו. כאילו אינם מספקים את צורכי החיילים.״

נבהלתי מאיומיה וחזרתי הביתה נפחדת ומדוכאה.

בליל שבת, באותו יום ספטמבר ארור, גדלה המהומה בעיר. אנשים נשואי־פנים ודעתנים, יהודים בעלי עמדה ותקיפים, גילו מבוכה רבה, והבהלה אחזה בכל היהודים שבעיירתנו. ידענו כי יש למהר ולעקור מכאן, אך לא ידענו לאן. בשבת בבוקר שכרנו עגלה, העמסנו את מה שניתן, הסתרנו את מה שנאלצנו לנטוש במקומות סתר שבמרתפנו ועזבנו את העיר. כמונו עשו רבים. הסכנה המאיימת התירה לאדוקים שבתוכנו לחלל את השבת משום פיקוח נפש.

נסענו לגובורובו, שם היו לי שני אחים. הורי רצו, שנהיה יחד בימים קשים אלה. כשעברנו את באגטלה, מצאנו את הדרך זרועה חללי הפצצות הגרמנים. ביניהם היה גם השוחט שלנו ר' שלמה חצקוביץ. הכרתיו לפי מכנסי הפסים שלבש. אשתו הגיעה אחר־כך אלינו ושאלה את כולם, אם לא פגשנו את בעלה. איך היא לא הבחינה בו, לא הבינותי. לי נדמה אז, כי כולם ראוהו והכירוהו. אך היא היתה הלומת זוועה ומטושטשת לגמרי.

בשבת בבוקר שמענו יריות ברחוב. אבא הציץ בחלון וראה קבוצות קבוצות של יהודים נרדפים על־ידי הגרמנים. יהודים בודדים, שניסו להתחמק, נורו או נתפסו והוכו. אבא קרא אותנו לחלון והראה לנו את תמונת הזוועות. התאבנו מאימה ואבד לנו כל חוש התמצאות. לא ידענו מה לעשות, עד אשר השמיע הרמקול קריאה ליהודים לצאת אל הרחוב. מי שלא ייצא — יירה! אותה קריאה הופנתה גם אל הגויים תושבי העיר. אנשי משפחתי יצאו. אני רציתי להסתתר, חיפשתי מקום מחבוא, והנה הופיע גרמני, כשרובהו מוטה כלפי, וציווה עלי לצאת מייד, לפני שהוא הורגני במקום.

ברחוב הצטופפו כבר המוני יהודים בצד אחד וגויים בצד השני. בין היהודים היו כבר מספר הרוגים. מתחילה רציתי לעבור לצד הגויים, אך נמשכתי אל הורי. חמקתי ועברתי אל מאחורי ההמון והתחבאתי לידם וליד אחי הגדול.

משנאספו כולם, ניתנה הוראה לגויים להתכנס בכנסייה שלהם ואת היהודים דחקו כעדר במגרשו של פפירניק בעל הטחנה. משם נצטווינו ללכת לבית־הכנסת. מאות יהודים נדחסו לתוך בית־הכנסת, עד אין אויר לנשימה. מבעד לחלונות ראינו את הגרמנים זורעים אש בבתים ולהבות פרצו ופשטו מבית לבית. ידענו כי המוות קרוב. אינני יודעת משום מה, אך תגובתי היתה משונה. הוצאתי את חבילת שטרי הכסף שהחזקתי בחזייתי, זרקתי אותה לארץ, וכילדה קטנה נלחצתי אל אבא שלי. הוא התעטף בטליתו וכינס את כולנו תחת כנפי טליתו הרחבה ולחש במין אדישות נחרצת:

"נפול יחד! כולנו יחד!"

זעקות השבר של הנאספים פרצו ועלו מעל הגניחות והיללות, שמילאו את חלל בית־הכנסת. לפתע נשתתק הכול. הדלת הראשית נפרצה וקצין גרמני רם־דרג נראה בפתחה. הוא התבונן פנימה, ראה את קהל הנדכאים ואת הדחוסת האיומה, הרהר מעט והפטיר:

"יותר מדי אנשים להשמדה אחת!"

אחר־כך פנה אלינו ובמחוות מושלים בידו צווח:

"לוס! אלע לוס!" (חופשים! כולם חופשים!)

כזרם איתנים פרצו כולם אל הדלת ונדחקו החוצה. בחוץ מצאתי עצמי מאחורי גרמני מזוין, שהביט מרוכז כולו קדימה. ראיתי שאין איש מאחור ואמרתי לאבא, שאנו יכולים להסתלק. אבל אבא לא הסכים. החייל הוליך אותנו לשדה שמחוץ לעיר וציווה עלינו להישאר במקום. נשארנו. היום החשיך ואנו היינו רעבים ותשושים מאימי המוות והזעזוע הקשה

שעבר עלינו בבית־הכנסת. לא היה לנו במה לשבור רעבוננו. איכרים עברו על פנינו וזרקו לנו פרוסות לחם ודברי מזון. מהתנהגותם הבנו, כי הם נוטים לעזור לנו. התפזרנו בין בתי הכפרים שבסמוך, חיזרנו על פתחיהם וביקשנו אוכל. אף קיבלנו פה ושם. חזרנו לריכוזנו בשדה, שם לנו שני לילות, וביום השלישי ראינו עצמנו פתאום חופשיים, בלא משמר עלינו. החלטנו לשוב לרוז׳אן.

בעיירה היו כבר רבים, שחזרו למקומם ההרוס וביתם השרוף. ביתנו שלנו נשאר עומד אך בינתים הספיקו גויים להשתכן בו. התמקמנו במתבן העזוב. בלילה דפקו גרמנים בדלת ותבעו, שניתן להם נפט. מישהו הלשין על אבא, שהיה סוחר נפט וכי הוא מחביא נפט בביתו. הסברנו להם, כי אנו עצמנו משתמשים בנר עלוב ואין בידנו טיפת נפט. הגרמנים שוכנעו ורצו ללכת, אך הפולני שהיה איתם, אחד מבני שכנינו, לא נתן להם לעזוב אותנו. הדבר עלה לנו בלילה של נדודי שינה ופחדים, ולאבא בדחיפות וטלטולים, שעירערו את בריאותו לימים רבים.

בערב יום־הכיפורים של אותה שנה אספו הגרמנים עשרה יהודים, שיחפרו למענם מחפרות הגנה ופיקוח מחוץ לרוז׳אן. בין העשרה היה ברקו ברוידה, שהעבודה הגופנית היתה מעל כוחותיו ודיכאה אותו עד יאוש. הוא נשבר כולו ולא פסק מלהתחנן אצל חבריו לצרה, שיחפרו במקומו. אבא, שמונה על־ידי הגרמנים לראש קבוצת החופרים, הניע את אנשי הקבוצה שייענו לבקשתו וכך ניצל ברקו מידי הנוגשים הגרמנים.

לפנות ערב קרא אליו הקצין הגרמני את אבא ואמר לו, לבוא מחר עם עשרת אנשיו לאותו מקום לעבוד. ״אולם,״ הוא הוסיף, ״אם יחסר אחד מכם, או יוחלף באחר, יהיה גורלכם רע ומר!״ אבא הסביר את הדבר לאנשים וכולם ידעו, כי מעתה כולם ערבים זה לזה. בבוקר התייצבו כולם ורק ברקו לא הופיע. אבא היה אובד עצות, והנה הופיע דויד וולנסקי ואבא הסביר לו מה מתרחש כאן ואל מה הם צפויים, אם יחסר האחד. דויד הרהר בדבר. הוא ידע היטב, כי הגרמני אסר גם חילופי אנשים וידע את הסכנה שבדבר, אולם הוא הסתכן והסכים להשלים את ״המניין״. כך ניצלו עשרה יהודים בזכות רוח ההקרבה של דויד — ייזכר מעשהו לדורות!

לאחר זמן מה הרשו הגרמנים לעזוב את רוז׳אן ואנחנו ניצלנו שעת רצון זו ונסענו למאקוב. גם שם היו הגרמנים הנאצים, אך ההרגשה שנהיה בין יהודים רבים ובלי חורבן עיירתנו נגד עינינו משכה אותנו לשם. אותו יום פרסמו השליטים כרוז, בו הם מבטיחים להגיש סעד לנזקקים ולבלתי־מסוגלים לעבודה. כמו כן הכריזו, כי כל אלה שאינם תושבי מאקוב משנים, הכוונה לפליטים, חייבים לעזוב את העיר תוך עשרים־וארבע שעות. יהודים התלבטו אם לסמוך על ההבטחה שבכרוז הקודם ולקבל סעד הנאצים כביכול או להאחז בכרוז השני ולהסתלק מהמלכודת הצפויה להם. אנחנו החלטנו לנדוד הלאה מהם. שכרנו עגלה ונסענו לביאליסטוק. בדרך עברנו שוב את רוז׳אן, אך לא נכנסנו עוד העירה. על הגשר תפסו אותנו שני פולקסדויטשן מהסביבה, שהכירו את אבא, ורמזו לנאצים שרצוי להרוג אותנו. אולי חשבו כך לסחוט מאתנו דברי ערך. חייל אחד, איש אֶס־אֶס, שלף את אקדחו ודרש מאתנו כסף או זהב. השני ניגש אל אבא והתחיל לטלטלו בכוח. התחננו בפניהם וחזרנו ואמרנו להם, כי אין לנו דבר עכשיו, כי פעם היינו עשירים אך נושלנו מהכול. זה לא עזר לנו. הם היכו את אבא לעינינו מכות רצח. משהתמוטט כולו, הושיבו אותנו בעגלה ואמרו לגוי שהוביל אותנו לנסוע כחצי קילומטר מחוץ לעיר ושם להוריד אותנו ולהסתלק עם עגלתו, והם יגיעו אחר־כך אליו. השייגץ שמע בקולם. בדיוק בסוף מחצית

הקילומטר הוא אמר לנו לרדת ולהישאר במקום. הרהבתי עוז ואמרתי לו:

"אתה אינך מבין גרמנית. הם התכוונו לקילומטר וחצי."

הוא פקפק רגע. ניצלתי את חולשתו החולפת והבטחתי לשלם לו בעד ההסעה בשעון זהב, בנוסף על המגפיים החדשים של בעלי, שנתתי לו עם עלייתנו על העגלה. הטכסיס שלי פעל: הוא רצה לזכות בתשלום הנוסף וכך ניצלנו. הגענו לקאשביץ ושם הסתיר אותנו ידיד ותיק של אבא. עם ערב הגיעו לכפר ארבעה גרמנים לחפש אותנו, אבל מארחנו־מיטיבנו סיכן את חייו והחזיק אותנו עד שחלפה הסכנה בהסתלק הגרמנים.

למחרת המשכנו והגענו לדלוגישודלו. רצינו לנוח מעט במקום וכן רצינו לחפש את בעלי, כדי שיצטרף לנדודינו. נשארנו במקום והתחלנו בחיפושים. מישהו אמר, כי בקומארוב ישנו מחנה שבויים פולניים. אז החליטה אמא ללכת לקומארוב, אך משהגיעה לאוסטרוב נעצרה. היא ראתה גרמנים בשדות מפרקים קווי טלפון, והיא חזרה אלינו. עלינו שוב על העגלה ויצאנו בכיוון לביאליסטוק.

משם נמשכה דרכנו לרוסיה, לקומי־אֶס־אֶס־אַר, בערבות הדוב הלבן וכל הכרוך בזה: עבודת פרך בכריתת יערות, סבל ורעב. אך על זה הנני נמנעת מלכתוב. גורלנו היה כגורל כל הפליטים, והדברים ידועים.

**יחזקאל געלמשינסקי**

## מיט די דייטשן און די רוסן

דאַנערשטיק, דעם 31טן אויגוסט 1939, בין איך געווען אין ווארשע, ווו כ'האָב אויפגעקויפט זאַכן און סחורות פאַר די קרעמער. אין דער לופט האָט זיך שוין געפילט א סכנה. אַלץ האָט פאַראויסגעזאָגט הפקרות, רעזשימלאָזיקייט. זייער שווער געווען צו קומען אַהיים. דאָך האָב איך זיך איינגעשטעלט און געלאָזט זיך אין וועג אריין. פרייטיק אין דער פרי האָב איך שוין צעטיילט די סחורות און זיך געוווּנדערט, אז אַלץ איז נאָך דאָ נאָרמאַל, ווי ס'האָט גאָרנישט פּאַסירט. אין דער פרי איז נאָך דער מאַרק געווען ווי אלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. אָבער ארום עלף א זייגער, האָט מען שוין געזען דייטשישע עראָפּלאַנען איבער דער שטאָט. איינס א זייגער, מער ווייניקער, איז געקומען צו מיר דער גרויסער רוזשאַנער אנטיסעמיט זשיטאָוויעצקי, מיר אָפּגעגעבן א חוב און מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט, ווי צו א לייבליכן ברודער וואָס איין גורל דערוואַרט זיי:

"פּאַניע חאַצעק, וואָינאַ!" (א קריג, הער חאַצקל!)

מער האָט ער נישט געקאָנט רעדן. פּלוצים בין איך אים נאָענט געוואָרן און ער האָט זיך פאַר מיר צעכליפּעט ווי א קינד.

באלד איז געוואָרן אַן אומאָרדנונג אין שטאָט, א צערודערונג. **איטשע בוכנער** איז געקומען מיט א פאַרשלאַג, מיר זאָלן דינגען אַ פוּר און ארויספאָרן. באלד נאָך אים זענען די **בורשטיינס** געקומען מיט דעם זעלבן פאַרשלאַג. איך האָב גערופן **נתן זשעפּקע** און מיר האָבן גענומען **שמואל־איסרס** מיט זיין פלאַטפאָרמע, און אלע צונויפגערעטע משפחות האָבן מיר באַשלאָסן, אז באנאכט זאָלן מיר אריבערגיין די בריק. איך האָב נאָך אָוונט־צייט באוויזן אויפצונעמען דאָס וויכטיקסטע באַגאַזש. איבערן טאָג האָבן מיר געזען ווי די

פוילישע הערשער גייען ארום מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אייניקע לויפן ארום ווי פאַרסאַמטע מייז. אין דער פּאָליציי און אין מאגיסטראט פארפאַקט מען די וויכטיקסטע דאָקומענטן. פארשידענע קלאַנגען גייען ארום. אין דעם הערט מען, אז די דייטשן זענען שוין אין אַסטראַלענקא.

מיר פארשטייען, אַז מ׳מוז וואָס שנעלער אוועק. מיר רירן זיך פון אָרט און אַט זענען מיר שוין פון יענער זייט בריק. ס׳איז שבת, אָבער קיינער געדענקט דאָס נישט. די וועלט איז וואָכעדיק און פינצטער. דער זייגער איז צוועלף און מיר זענען שוין לעבן גאָווראָווא ביים סאַמע אריינפאָר. עס זעט אויס צו נאָענט פארן דייטש און איך באַשליס צו פאָרן קיין אַסטראָוו־מאזאָוויעצק.

מוצאי־שבת זענען מיר שוין געווען אין אַסטראָוו. מיר האָבן געקריגן דירות לעבן יוסף נעשיס הויף. אויף צו מאָרגנס איז שמואל (איסרס) געפאָרן מיט יוסף נעשיס קיין רוזשאַן ראַטעווען וואָס עס וועט זיך לאָזן, בין איך אויך מיטגעפאָרן. אויפן וועג האָבן מיר שוין געטראָפן דאָס לעצטע ביסל יידן, וועלכע האָבן פארלאָזט דאָס שטעטל. שיע לויפער האָט אונדז געוואָרנט נישט צו פאָרן ווייטער, אָבער מיר זענען אריין אין שטאָט אריין. מיר האָבן גענומען וואָס ס׳האָט זיך געלאָזן און אַראָפּ איבערן וועג צו דעם בריק. נאָר ס׳איז שוין געווען אונמעגליך צו פאָרן. די באַפעלקערונג האָט פאַרשטאָפּט די וועגן איין פור אויף דער צווייטער.

דער וועג קיין אַסטראָוו איז געווען נאָך ערגער ווייל אויך פון גאָווראָווא זענען אלע געלאָפן. דער דייטש האָט דאָס באמערקט און אָנגעהויבן באָמבאַדירן געדיכט די פול אָנגעשטאָפּטע וועגן. מענטשן זענען געפאלן אין די צענדליקער. דאן איז אויך געפאלן מיין מומעס מאן בצלאל. אין א טאָג ארום האָט זיך דער טאָטע מיינער אומגעקערט מיט שמעון בוטשעס און אים געבראכט צו קבר ישראל.

די צווייטע וואָך האָבן די דייטשן באָמבאַדירט אַסטראָוו און דאָ איז געווען א שרעקלעכע בהלה. האָב איך מיך ווידער מיט נתן זשעפּקע געדונגען א פור און געפאָרן צום בוג, אָבער די בריק האָט שוין געברענט און מענטשן זענען געלאָפן צוריק. קיין סך אויסוואַלן זענען נישט געווען, און מיר האָבן פאַרדרייט און אוועק קיין אנדזשעיעווא, א קליין דאָרפיש שטעטל. דאָרט זענען מיר געווען ביז דער דייטש איז אהין אָנגעקומען.

דאָ האָבן זיי געמאַכט א באַזונדער סאדיסטישן טאָט. זיי האָבן צונויפגערופן אַלע מענער יידן און קריסטן, פון זעכצן יאָר אָן, זיי אריינגעשפּאַרט אין קאָשטשאָל אריין, פארהאקט די טירן און אונדז איבערגעלאָזט דאָרט א גאנצע נאכט נישט זאָגנדיק קיין וואָרט. גאנץ פרי זענען געקומען די קריסטליכע פרויען און געוואָלט עפענען די טירן, האָט זיי דער קשיאָנדז נישט געלאָזט, הגם דעם טאָג זענען די דייטשן נישט געווען. אָ נס וואָס די פרויען האָבן זיך איינגעשפּאַרט און געוואָלט ארויסראַטעווען זייערע מענער, האָבן זיי אויפגעריסן די טירן און מיר זענען אויך ארויס. אָבער מיר האָבן פארשטאנען, אַז מ׳מוז אוועק פון דאנען. מיר זענען צוריקגעפאָרן קיין אַסטראָוו־מאַזאָוויעצק.

די צרות וואָס די דייטשן האָבן אָנגעטון זענען נישט צום באַשרייבן. יעדנפאַלס, איך בין נישט אומשטאַנד צו דערציילן. אז עס איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער ריבנטראָפּ־מאָלאָטאָוו אָפּמאַך, זענען מיר אוועק צו די רוסן.

אין ביאַליסטאָק האָבן מיך די סאָוויעטן געכאַפּט ביי האנדלען מיט פארשידענע זאכן און

האָבן מיך אריינגעזעצט אין טורמע אלס "סאָציאַלני אופאסני עלעמענט", דאָס הייסט א געזעלשאַפט־שעדליכער מענטש.

ס'האָט מיך אזוי נישט געאַרט דאָס זיצן ווי דאָס אָפּגעריסנקייט פון דער משפחה. כ'האָב געוואָלט וויסן, וואָס איז מיט מיין פרוי, מיט מיינע עלטערן, אָבער מ'האָט קיינעם נישט צוגעלאָזט צו מיר. נאָך פיר מאָנאַטן האָט מען מיך אריבערגעפירט מיטן עטאַפּ קיין וויטעבסק. אויפן וועג האָב איך אין א צווייטן עשאַלאָן אין מינסק דערזען **משה דאַבזשע־לאַווסקי**. כ'האָב אים געפרעגט, אפשר ווייסט ער וואָס איז מיט מיינע עלטערן און מיט מיין פאַמיליע. ער האָט באוויזן אַ וואָרף טון: "אין סלאָנים!" מער האָב איך נישט געהערט.

אין ביאַליסטאָקער טורמע האָט מען יעדן טאָג געבראַכט נייע מענטשן. איינמאָל א פרימאָרגן, ווען מיר האָבן געמאַכט אונדזער טאָג־שפּאַציר ארום דעם לעזש־זאַל, איז אריינגעקומען **לאַנדמאַן** פון לובלין. כ'האָב אים געפרעגט, פונוואַנען קומט ער אהער. האָט ער מיר געענטפערט:

"פון וויטעבסק. כ'בין געווען אַ קאָמוניסט אין פוילן און פאַרמשפּט אויף יאָרן תפיסה. נאָך פיר יאָר בין איך אנטלאָפן קיין רוסלאַנד, געאַרבעט דאָרט אלס שלאָסער. איצט פאָר איך צוריק קיין ביאַליסטאָק."

כ'האָב אים געפרעגט:

"נו, וואָס האָסטו צו דערציילן פון רוסלאַנד?"

האָט ער געענטפערט:

"בעסער פרעג נישט. אז גאָט וועט מיר העלפן און כ'וועל צוריק זען מיין מאמען, וועל איך איר זאָגן: 'מאַמע, גיב מיר א טלית און תפילין — כ'הייב אָן צו דאַווענען'."

אין וויטעבסק בין איך געזעסן דריי מאָנאַט. איינמאָל צוועלף ביינאַכט וועקט מען מיך אויף און מ'לייענט מיר איבער מיין פסק־דין: פינף יאָר סיביר! דעם פסק־דין האָט פאָרגעלייענט אַ ייד. כ'האָב דאָס תיכף דערקענט. האָב איך אים געפרעגט:

"כ'בין דאָך נישט געווען אויף אַ געריכט. ווי קאָן דאָס זיין א פסק־דין אָן א געריכטס־פּראָצעדורע מיט אויסהערן דעם באשולדיקטן?"

האָט ער מיר געענטפערט:

"דאָ דאַרף מען נישט קיין געריכט. די טראַיקע אין מאָסקווע זיצט און באַשטימט, און מערסטנטייל אונטער די אויגן."

ער האָט מיך פאַרשטאַנען און איך אים.

זייענדיק אין וויטעבסקער טורמע איז אויך געזעסן דאָרט א וואַרשאַווער ייִנגערמאַן. ווען ער האָט דערהערט אויסרופן מיין נאָמען, האָט ער מיר דערציילט, אז ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין סעמיאַטיטש אין שול און דאָרט איז אויך געווען מיין פאָטער. דער טאַטע האָט אים דערציילט, אז ער איז אויפן וועג קיין רוסלאַנד. ער האָט דאָ איינקוואַרטירט מיין שוועסטער **אסתר־לאה** מיט איר מאַן ביים שוחט. פאַר אים איז דאָרט נישט געווען קיין פּלאַץ. זיצט ער דאָ אין קלויז. די זעלבע נאַכט האָבן די אָן־קָ־וָ־דֶה געמאַכט אַ אַבלאַווע אויף יידן און מ'האָט אלע יידן פון שול ארעסטירט. מיין טאַטן האָבן זיי באַפרייט, ווייל ער האָט געהאַט א געבורטסשיין פון ביאַליסטאָק.

אזוי האָב איך זיך ווידער צעשיידט מיט מיינע טייערסטע.

**אליהו ווילגאַוויטש / ניו־יאָרק**

# פון רוזשאַן קיין דייטשלאַנד און צוריק

## די ערשטע טעג פון קריג

פון דעם 25טן אויגוסט 1939 ביזן 1טן סעפּטעמבער האָב איך שוין געאַרבעט פאַרן פּוילישן מיליטער אַלס רימער. מ׳האָט זיך געגרייט צו דער מלחמה מיטן פּולן אימפּעט. פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער, האָבן מיר זיך געבעטן ביי די פּוילישע אָפיצירן, זיי זאָלן אונדז באַפרייען פריער, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט הערן. ערשט שפּעט אין אָוונט בין איך געקומען אַהיים.

אין שטוב איז געווען פינצטער. די עלעקטרישע ליכט אויסגעלאָשן. אלע זענען אין א שווערער פּאַניק. מיין פרוי האָט געדונגען אַ פור אָפּצופאָרן קיין אָסטראָוו. אָבער מ׳האָט דערציילט, אַז אָסטראָוו איז שוין באָמבאַרדירט און דער פּויער וויל נישט פאָרן אַהין. האָב איך געזאָגט מיין פרוי, זי זאָל פאָרן קיין גאָוואָראָווע. די ווייבער ווילן נאָר פאָרן קיין מאַקאָוו. כ׳בין אריין צום שווער, ער זאָל אָנטשיידן אין דעם ויכוח. האָט ער געזאָגט צו מיר:

״איך פאָר נישט! ווער טוט אזוי שוין דעם ערשטן שבת פון דעם קריג? מ׳ווייסט נאָך גאָרנישט, גייט מען שוין מחלל שבת זיין.״

ער האָט ממש מיך אָפּגעזידלט. דאָך זענען מיין ווייב מיט די קינדער און מיין מאַמע מיט מיין שוועסטער אַוועק קיין גאָוואָראָווע.

אין דער פרי זענען מיר נאָך געגאַנגען צו דער ארבעט, אָבער די ארבעט איז שוין נישט געגאַנגען. מיר האָבן געזען די פּאָטשט איז שוין אָפּגעפאָרן. די פּוילישע ציווילע מאַכט האָט שוין געפּאַקט אירע פּעקלעך. ווילן מיר אויך אוועקגיין, אָבער דער קאַפּיטאַן זאָגט, אַז מ׳וועט ארבעטן ביז שפּעט אין דער נאַכט. ״ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס לעדער,״ זאָגט ער. ״נו, מ׳דאַרף אייך באַצאָלן.״ ווען ער האָט אונדז באַצאָלט, האָט ער צוגעגעבן:

״אַז עס וועט קומען די צייט, זאָלט איר פאַרטיידיקן אונדזער בשותפותדיקער פאָטער־לאַנד! איר וועט קריגן ביקסן און וועט זיין ווי תמיד איבערגעגעבענע בירגער!״

דאָס זענען די פּאָליאַקן: ערשט נעכטן געוואָלט אונדז אויסראָטן, מיר זענען געווען פאַררעטער, און איצט שוין ״בשותפותדיק פאָטערלאַנד״.

כ׳קום אהיים — די טירן זענען פאַרשלאָסן און איך האָב פאַרלוירן דעם שליסל. כ׳גיי צום שווער לייבל **פּלאַטקא** — אויך פאַרמאַכט. **גראַבאָווסקי** דער גוי זאָגט מיר, אז מיין שוועסטער איז געקומען מיט א פור און אים מיטגענומען קיין גאָוואָראָווע. בשעת מעשה פלאקערן זיינע קליינע אויגעלעך. ער איז גראָד צופרידן וואָס דאָס שטעטל ווערט אויסגעליידיקט פון יידן. כ׳גיי צום מאַגיסטראַט, דאָרט שטייען אַ סך מענטשן, אָבער צווישן זיי ווייניק יידן. **פּאַלניצקי**, וואָס אַרבעט אין מאַגיסטראַט, זאָגט, אז באלד ברענגט מען פיר הונדערט דייטשישע געפאַנגענע. מיר ווארטן. מיר ווילן זעען די ערשטע דייטשישע מפּלה. א נעכטיקער טאָג! מען ווארט און מען ווארט און קיין דייטש זעט מען נישט פאַר די אויגן.

בין איך אוועק קיין גאָוואָראָווע צופוס. כ׳בין געגאַנגען מיט **שמואל מאַרעצקי** און איינס א זייגער ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין גאָוואָראָווע. זונטיק אין דער פרי האָב

איך געקומען א פור און געפאָרן מיט דער שוועסטער קיין רוזשאַן ברייננגען זאכן. אין רוזשאַן איז די שטימונג געווען זייער א דערדריקטע. פּאַליאַקן האָבן געכאַפּט יידן צו דער אַרבעט, אָבער עס זענען שוין געווען ווייניק יידן אין שטעטל. פּאַליאַקן האָבן אויפגעלאָדן לאַסט-אויטאָס מיט ווייץ פון די קאַזאַרמעס. מיך האָט מען אויך פאַרנומען. האָב איך געזאָגט מיין שוועסטער, זי זאָל אוועקפאָרן, און איך האָב זיך אויסגעבעטן ביי גאַמאָוואַסקין, ער זאָל מיך אָפּלאָזן. ווען כ'בין צוריק געקומען אין שטאָט אריין, האָב איך געטראָפן הירש-נוח'ן פון קראַסנאָשעלץ. זאָגט ער:

"די דייטשן זענען שוין נאָענט. נאָך היינט ביינאַכט וועט מען אויפרייסן די בריק. לויף ווי מעגלעך שנעלער פון דאַנעט!"

בין איך אוועק צום שוועער, ארויסגענומען די קאָזע און אוועק מיט איר צופוס דורכן וואלד קיין גאָוואַראָווע. אין גאָוואַראָווע האָט מיין שוועסטער דערציילט, אז די פּאַליאַקן האָבן זי געכאַפּט און אלץ פון איר צוגענומען. האָבן מיר כאָטש געהאַט א ביסל מילך פאַר די קינדער.

מאָנטיק האָבן מיר שוין געזען, אז אין רוזשאַן ברענט. איך האָב אויסגעגראָבן אַ גרוב ביי מיינעם א חבר און פאַרגראָבן ווערטפולע זאכן.

דינסטיק איז די פּאַניק געווען שרעקלעך. יידן לויפן ארום פאַרצווייפלטע. די פּאַליאַקן זענען נידערגעשלאָגן. זיי בלייבן אויפן אָרט אָבער אָן אן אייגענער מאַכט. די שנאה צו יידן איז אזוי גרויס, אז זיי זעען אויס צופרידן פון אונדזער בראָך. באַלד קומט אָן אעראָפּלאַן און באַשיסט די גאַסן. דער ערשטער קרבן איז געפאַלן. עס איז געווען א בעקער. ער האָט געאַרבעט ביי ש. טויז אין רוזשאַן.

דאָנערשטיק ברעכט אויס א שיסעריי. מ'זאָגט אז פּוילישע זעלנער, פון פחד און צעמישקייט, האָבן באַשאָסן זייערע אייגענע ברידער.

פרייטיק — די דייטשן זענען דאָ. דאָס ערשטע האָבן זיי ארויסגעטריבן יידן אין די גאַסן, נאָר מענער, ארויסגעשלעפּט זיי פון די הייזער. די טענה איז געווען, אז אין א סך שטעט האָבן יידן באַשאָסן די דייטשע ארמיי דורך די פענצטער. ווילן זיי דאָס פאַרמיידן דאָ און אונדז האַלטן ביז די ארמיי וועט אדורכגיין. "פאַרנאַכט וועט איר אהיים גיין."

זיי האָבן אונדז אָפּגעהאַלטן א גאַנצן טאָג אויפן מאַרק, אין דער היץ, אָן עסן און טרינקען. זיי האָבן צוגעלאָזט צו אונדז די קינדער מיט די פרויען, ביז מיר האָבן אָנגעהויבן זיי צו גלויבן, אז זעקס א זייגער גייען מיר אהיים.

אויב ווער וויל וויסן, ווי אזוי זיי האָבן דאָס אויסגעשחטן אָן ווידערשטאַנד, איז דער ענטפער: זיי האָבן פּשוט צעבראָכן די מענטשן פיזיש און מאָראַליש, נישט וועקנדיק קיין פאַרדאַכט פון לעבנס געפאַר. אָט, למשל, דאָס וואָס די קינדער און פרויען האָבן געקאָנט צוגיין צו אונדז, האָט אונדז ממש באַרואיקט און ... פאַרשלעפּערט. דאָס איז געווען די מעטאָדע.

און טאַקע זעקס א זייגער זענען געקומען 50 דייטשישע זעלנער-רייטער, מיט האַנט-גראַנאַטן אין די הענט, און געהייסן זיך אויסשטעלן צו פיר אין א שורה, און — מאַרש! מיין זון האָט געוויינט:

"טאַטעלע, וווּהין גייסטו?"

איך האָב נאָר באַוויזן אויסצושרייען:

"קינד מיינס, אַנטלויף! די באַנדיטן וועלן דיך נאָך הארגענען. אַנטלויף צו דער מאַמען!"

זיי האָבן אונדז געטריבן אין דער פינצטער, געיאָגט, געשלאָגן, ביז מ׳האָט אונדז אָפּגעשטעלט און געהייסן אריינגיין אין אַ פינצטערער געביידע. פון ארום האָט זיך געטראָגן דער ריח פון שריפה. דאָ האָט שוין אָפּגעברענט. מ׳שלאָגט איבער די קעפּ, מיר זאָלן קריכן און פאַלן און ליגן. מיר טאַפּן אין דער פינצטער. ס׳איז ווייך אונטער די פיס. מיר פילן מיסט פון פערד. ביי די ווענט באַמערקן מיר קראַטעס. ס׳איז קלאָר: מיר זענען אין אַ פערדן־שטאַל.

שבת אין דער פרי. די ליכט רייסט זיך אריין דורך קליינע פענצטערלעך. מיר זענען הונגעריק און דורשטיק. אָבער מ׳גיט גאָרנישט. אזוי ליגן מיר ביז פאַרנאַכט. דאָ גיבן זיי אַ געשריי, אַז ס׳גייט דורך אַ שוידער. מען צעעפנט די טירן. ארום אונדז שטייען רוצחים מיט קוילנוואָרפער. מיר זענען זיכער, אַז מען גייט אונדז שיסן. מיר זענען צעבראָכן פון הונגער, דורשט און גייסטיקער דערנידערונג. צום סוף הייסט מען אונדז אויסשפרייטן שטרוי אויפן מיסט און אריין צוריק אין סטאַיניע, און זיי האָבן פאַרמאַכט די טיר.

מיר האָבן געוווּסט, אַז מיר זענען אין פאַניקאָווקא, פיר קילאָמעטער פון גאָוואַראָווא.

אַ טייל פון פאַניקאָווקא איז געווען פאַרברענט. מ׳האָט אונדז געגעבן כלים צו טרינקען וואַסער, אָבער קיין וואַסער גיט מען נישט. ווידער צום איינשלעפערן, אָפּצונאַרן און אָפּטויטן יעדן ווילן פון ווידערשטאַנד.

דריי אַ זייגער ביינאַכט הערט מען אַ געשריי:

„אַללע העראוס! געשיר איבערלאַסן!"

און די קלעפּ פאַלן שוין איבער אונדזערע קעפּ. אין דרויסן שטייען שוין גרויסע לאַסט־אויטאָס. מ׳וואַרפט אונדז אריין אין די לאַסט־קאַסטנס און מ׳פאַרדעקט מיט פלאַנדעקעס. מיר פאָרן אויפן וועג קיין רוזשאַן.

### אוועקגעשלעפּט ביז דייטשלאַנד

די בריק, וואָס איז געוואָרן אויפגעריסן, איז צו שוואַך מען זאָל פאָרן איבער איר. פּירט מען אונדז צו פוס אריבער. נעבן קלויסטער שטעלט מען אונדז אויס. מיר שטייען אַ לאַנגע צייט. געוואַלד, ווו האָבן זיי געגומען אזויפיל צייט אויף דעם בלוטיקן שפּיל?

פון רוזשאַן האָט מען אונדז געפירט קיין מאַקאָוו. מיר זעען מאַקאָווער יידן, און איך טראַכט: ווו איז מיין ווייב? ווו זענען מיינע קינדער, מיינע טייערע? כ׳בין אליין שולדיק. מיין ווייב האָט געוואָלט גיין קיין מאַקאָוו.

די יידן שטייען און קוקן אויף אונדז. האָבן מיר זיי געבעטן:

„ברענגט אונדז אַ טרונק! מיר האָבן שוין לאַנג נישט געטרונקען!"

זיי זענען געלאָפן און געברענגט פלעשער סאָדע, עפּל־קוואַס, און מיר האָבן זיך דערקוויקט. אברהמל פורמאַנסקעס ווייב האָט מיר געבראַכט אַ קוישל מיט פלעשער.

מ׳האָט אונדז צוריק ארויסגעיאָגט צו די אויטאָס און מיר פאָרן קיין פּראַשניץ. מיר זעען אין מארק מרדכי יאזשאָמבעק קערט די גאַס מיט אַ בעזעם. ליידער האָבן מיר נישט די מעגליכקייט מיט אים זיך אדורכרעדן. מיר פאָרן ווייטער. גוּיים שטייען און פרייען זיך אויף אונדזער בראָך. זיי ווייזן מיט די הענט אויפן האַלז, דאָס הייסט אַז מ׳וועט אונדז שחט׳ן.

אין הויף פון אַ גוטבאַזיצער נעבן שטשיך הייסט מען אונדז אַראָפּגיין פון אויטאָ און מאַכן אונדזערע באַדערפענישן. מיר גייען אַראָפּ מיט אַ דערלייכטערונגס געפיל. געגוג האָבן

מיר זיך שוין איינגעהאלטן. אָבער ווי נאָר מיר לאָזן אַראָפּ די הויזן, הויבן אָן פאלן קלעפּ אויף אונדזערע קעפּ. מ׳הייסט שנעל צוריק ארויף.

א סך זענען געבליבן מיט צעהאַקטע קעפּ און מער נישט מיטגעפאָרן. מיר זענען פארפאָרן קיין מלאווע און זיך אָפּגעשטעלט אויפן מארק. א יידישע פרוי האָט אונדז צוגעטראָגן אַ פּאָר עמער וואסער. זי האָט געזאָגט, אז דאָ אין מלאווע זענען כמעט נישט געבליבן קיין יידן.

פון מלאווע זענען מיר פארפאָרן ביז דייטשלאַנד. אונדזער לאסט-וואָגן איז געווען דער ערשטער אין דער ריי. פרעגט אונדזער שאָפער א דורכגייער:

"ווו איז דאָ דער געפאנגענס לאגער?"

און דער ענטפערט:

"היר ניכט וייט, אין טאָל העראָפּ."

מיר זענען געשטאַנען אויף א בארג, ווען מיר האָבן צוגעהערט דעם שמועס צווישן די צוויי דייטשן. ווען מיר האָבן אַראָפּגעקוקט אין טאָל אַראָפּ, איז אונדז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דער טאָל איז געווען פול מיט מענטשן. מיר האָבן פארשטאַנען, אז דאָס איז שוין אויס פוילן, און וואָס דייטשלאַנד הייסט פאר אונדז האָבן מיר אויך געוווּסט. מיר זענען געווען אויסגעהונגערט, אויסגעמאַטערט און גלייכגילטיק צו אלעם. אָבער דאָ האָט אונדז א ברי געטאָן: מיר האָבן געוווּסט, אז מ׳גייט צום סוף.

ווען מיר זענען אַראָפּ פון די אויטאָס, שוין זייענדיק אין טאָל, האָט מען אונדז דערציילט, אז דאָס איז דאָס נידעריקסטע אָרט אין דייטשלאנד און אין יאָר 1914 האָבן דאָ די דייטשן אריינגענאַרט די רוסישע ארמיי פון גענעראל סאמסאָנאָוו און זי פארפלייצט מיט וואסער און גענצליך דערטרונקען. ארום טאָל זענען נאָך געווען די שלוזן, וועלכע מ׳האָט דאַן געעפנט.

עס זענען דאָ געווען פול באראקן, אין וועלכע מיר זענען אריין. מ׳האָט אונדז געגעבן שטיקלעך ברויט מיט קלעפּ, מיט בלוטיקע קלעפּ. דאָרט האָבן מיר אָפּגעוואָגלט נאָך א פינצטערע נאַכט.

אויף צו מאָרגנס האָט מען געבראַכט נאָך פולע לאָסט-אויטאָס מיט יידן. צווישן זיי זענען געווען אויך רוזשאנער: **חיים-בער רייטשיק** מיטן זון, **ראובן זיסקינד, שמואל-יעקב ראַסטקער** און אנדערע. כ׳געדענק נישט אלע נעמען, נאָר עס זענען געווען אַ סך יידן פון רוזשאָן. חיים-בער איז געווען דורכגעשאָסן אין נאָז.

### וואָס רוזשאנער האָבן דערציילט

זיי האָבן דערציילט, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן שבת, ווען מ׳האָט אונדז געהאלטן אין דעם פערדן-שטאָל. אין דער פרי האָט מען ארויסגעיאָגט אלע יידן אין גאָוואָראָווע, פרויען און קינדער, און מ׳האָט גענומעם שיסן אין די מענטשן אריין. פיל יידן זענען דערשאָסן געוואָרן דאַן. די לעבן געבליבענע האָט מען אריינגעטריבן אין שול אריין און פארקלאָפּט טיר און פענצטער. דאַן האָבן זיי אונטערגעצונדן די גאַנצע שטאָט. ווען דאָס פייער איז צוגעקומען צו די שול, האָבן זיך געריסן פון דאָרט יאָמערן און געוואלדן. צופעליק איז אָנגעפאָרן אַן אויטאָ מיט אָפיצירן. זיי האָבן געזען דאָס פייער און געהערט די געשרייען, האָבן זיי געפרעגט די דייטשן, וועלכע האָבן באוואכט די שול מיט געווער (ס׳זאָל חלילה נישט ארויסרייסן זיך א ייד), וואָס קומט דאָ פאָר. האָבן זיי געענטפערט:

„מיר גייען פארברענען די ייִדן פון שטאָט.”

די אָפּיצירן האָבן געזען דערשאָסענע און פאַרברענטע קערפּער פון ייִדן, האָבן זיי געזאָגט, אַז דאָס איז צופיל פאר איין מאָל, און געהייסן עפענען די טירן פון שול. די זעלנער האָבן זיי געמוזט פאָלגן. זיי האָבן ארויסגעיאָגט די מענטשן, אָבער באַלד פונאַנדערגעטיילט די מענער באַזונדער און זיי געגומען יאָגן צו פוס קיין רוזשאַן. דאָ האָט מען זיי אריינגעיאָגט אין קלויסטער, צוזאַמענגעדריקט זיי שטייענדיק און אָנגעצייכנט מיט קרייד א ליניע, און ווער ס'וועט אריבער די ליניע — ווערט באַלד דערשאָסן!

כ'האָב זיך געפרעגט, וואָס איז מיט מיין ווייב, קינדער, מאַמע, שוועסטער — קיינער האָט מיר נישט געענטפערט. זיי האָבן מיר נאָר דערציילט, אַז דאַן זענען דערשאָסן געוואָרן שמילקע פלאַטקע, משה־יידל געלטשינסקי, חיים געלטשינסקי, זייער שוואָגער צאלקע־יעקב ראָזנבערג, יעקב כעלסט, שלמה צינאמאָן'ס פרוי, ירחמיאל פראַץ'ס ווייב. וואָס איז געשען מיט אַנדערע משפחות האָבן זיי נישט געוווּסט.

## אין עמק־הבכא

באַלד האָט מען אונדז גענומען טרייבן פון די באַראַקן ארויס, יעדע צען מינוט, מיט קלעפּ געהייסן זיך אויסשטעלן צו פיר אין א ריי. פון די קלעפּ זענען אָבער די רייען זיך צעפאַלן, און מ'האָט געפּאַקט פינף אין א ריי. האָט מען דעם פינפטן ארויסגענומען און מער פון אים האָבן מיר שוין נישט געהערט.

יעדעס מאָל זענען אריין צו אונדז די פּאָליאַקן און צוגענומען אונדזערע שיך און שטיוול. מיר זענען ארומגעגאַנגען באָרוועס און נאַקעט, און דאָס האָט פאַרגרעסערט דעם פאַרגעניגן פון די דייטשן. חיל־נתן ווינגאָרדע איז געשטאַנען באָרוועס אין אַן עק ריי. האָט א דייטש אים ארויפגעטרעטן אויפן פוס מיט זיין שווערן שוך מיט טשוועקעס און אים אָפּגעריסן די הויט מיטן פלייש. פאר מאיר ביילים האָבן זיי אויסגעשאָטן קליינע שטיינדעלעך, אים אויסגעטאָן דאָס כאַלאַטל און געהייסן לויפן וואָס שנעלער הין און צוריק אויף די שטיינדעלעך. און איין דייטש איז געשטאַנען און געמאַכט דערפון פאָטאָגראַפיעס.

דן ווינגאָרדע האָט נישט אָפּגעגעבן זיינע נייע שטיוול. ער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, אַז זיי האָבן געמוזט אויף אים פאַרציכטן. זענען אַן אַנדערס מאָל אריין צען פּוילישע כוליגאַנעס און זיך ארויגעוואָרפן אויף אים און אַזוי ביי אים אראָפּגעריסן די שטיוול. ער האָט זיי גוט צעשלאָגן, אָבער זיי האָבן זייערס אויסגעפירט.

דאָ איז מיר געשען אַן אינטערעסאַנטער פאַל. משה־דויד מאַזעס האָט געוווּסט, אַז זיין ברודער איז אומגעקומען ערגעץ הינטער פולטוסק. אַזוי האָט מען אים דערציילט. איינמאָל גיי איך און טראָג שווערע קלעצער מיט נאָך פינף ייִדן, און די דייטשן שטייען און שלאָגן ביז בלוט. פּלוצים האָב איך דערזען מאַזעסעס ברודער, צווישן די פּוילישע מיליטערישע געפאַנגענע. כ'האָב אים ארוף געטון און אַזוי צוזאַמענגעפירט די צוויי ברידער פאַרנאַכט ביים וואַסער פאַרטיילן. די ברידער האָבן מיך געקושט פאר פרייד. לײדער זענען זיי ביידע אומגעקומען אין א קורצער צייט ארום.

די פּוילישע געפאַנגענע מיט אונדז צוזאַמען האָבן נישט פאַרגעסן זייער אַנטיסעמיטיזם און זיך שטענדיק געטשעפּעט צו אונדז. מיט דער הילף פון די דייטשן האָבן זיי אַלץ צוגענומען ביי אונדז. אונדזער ייִדישער עלטסטער, וואָס האָט געוווינט פריער דרייסיק יאָר אין דייטשלאַנד, האָט זיך פאַרקלאָגט ביי די דייטשישע מאַכט־האָבער, אָבער זיי פלעגן

נאָר לאכן און אָפּשפּעטן פון אים. זיי פלעגן אויך ברענגען זייערע ווייבער, זיי זאָלן זעען די ווילדע שמוציקע יידן.

איין מאָל איז געקומען א נייער דייטשישער קאָמענדאַנט. ער האָט געבראַכט פאַר חיל־נתן וויגאָדע שיך צום אָנטון. דער יידן־עלטסטער האָט זיך מיט אים צונויפגערעט, האָט דער דייטש צוזאַמענגערופן די פּאָליאַקן און זיי געהייסן אַלץ אָפּגעבן די יידן. ווען נישט — וועט ער שיסן. און זיי האָבן אַלץ אָפּגעגעבן. איין פּאָליאַק, א ריז און א כוליגאַן, האָט מיר נישט געוואָלט אָפּגעבן מיין קורטקע. האָט דער דייטש אים איין קלאַפּ געגעבן, איז ער אוועק און אָפּגעבראַכט. צווישן די פּוילישע כוליגאַנעס זענען געווען אויך אייניקע פון רוזשאַן און דער געגנט. ס'האָט נישט געהאָלפן אונדזער אויפקלערן אונדזער פריינדשאַפט און פאַרגאַנגענהייט. זיי זענען געבליבן די זעלבע יידן פרעסער.

אַן אַנדערש מאָל ביינאַכט האָבן די דייטשן אונדז אויסגעשטעלט און גענומען שיסן איבער די קעפּ. מיר האָבן זיך איינגעבויגן כדי אויסצומיידן דעם טויט. האָבן זיי געזאָגט, אַז מיר האָבן געוואָלט אַנטלויפן. דאָס אַלץ האָבן זיי געטאָן כדי צו וואַרפן אויף אונדז א פּחד.

אין דער פרי אויף צו מאָרגנס האָט מען אונדז אַרויסגענומען, הונדערט יידן, און מ'האָט אונדז גענומען שלאָגן טויט־שלעג. מיר זענען געיאָגט געוואָרן אויף א פעלד, דורך א שמאָלן וועג, וואָס איז געווען ענג פאַר צוויי און אונדז האָט מען געהייסן גיין צו פיר אין דער ברייט. אזוי שלאָגנדיק האָבן זיי אונדז אַרויפגעפירט אויף א פעלד און געהייסן קלייבן קאַרטאָפל. צוויי פערד האָבן געאַקערט די רייען פון די קאַרטאָפל און מיר האָבן געמוזט באַוויזן צוזאַמענצוקלייבן נאָך זיי. צוועלף א זייגער האָט מען אונדז גענומען פירן אויף דעם זעלבן וועג צוריק, און ווידער פיר אין א רייע, און ווידער מיט טויט־קלעפּ. מיר זענען אַריין צום פויער אין הויף, זעען מיר א קעסל מילך־מיט־פאַרפל, און יעדער האָט געקריגן א ביסל אין דער קאָנסערוון־פּידעלע וואָס מיר האָבן געהאַט. דאַן האָט איין דייטש אַרויס־גענומען א גרויסן לאַבן ברויט, גענומען שניידן פּעניצלעך און וואַרפן ווי פאַר הינט. מיר האָבן גענומען כאַפּן דאָס ברויט, האָט ער זיך צעשריען:

"ווער ס'וועט וואַגן נעמען ברויט, קריגט א קויל אין האַרצן!"

פאַרשטענדליך אַז קיינער האָט שוין דאָס ברויט נישט גענומען. די גאַנצע סצענע האָט א דייטש פאָטאָגראַפירט פון אָנפאַנג ביזן סוף, און בשעת מעשה געהייסן קוקן אויפן ברויט.

צוריקוועגס האָב איך שוין נישט געקאָנט גיין. ס'איז מיר געווען דער בויך אָנגעשוואָלן פון הונגער. האָט א דייטש מיר דערלאַנגט מיט אַ שטעקן און כ'האָב געמוזט גיין.

### צוריק אין אונדזער געגנט

איין פרימאָרגן וועקט מען אונדז אויף און מען הייסט אויפשטייגן אויף לאַסט־וואַגנס און פאָרן. אויף דער פראַגע וווהין, ענטפערן זיי:

"איר פאָרט צו די רוסן. איר זענט א פויל און נישט אָנשטענדיק פאָלק. וועט איר זיין ביי זיי. אויסער דעם, אייערע פאַמיליעס וואַרטן שוין דאָרט."

ביז מ'האָט אונדז איינגעפּאַקט ווי הערינג און פאַרהאַקט די טירן, איז געוואָרן נאַכט. מ'זעט נישט ווו מען פאָרט, אָבער מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז דאָס מיינט מען נישט גראָדנע.

אין מיטן זענען מיר געבליבן שטיין. כ'האָב אַ קוק געטאָן און געזען, אַז מיר זענען אין גראַבאָווא, אין דער געגנט פון אַסטראַלענקא. מיר זענען אַזוי אָפּגעשטאַנען ביז עלף אין דער פרי. דאַן האָט מען געעפנט די טירן און מ'האָט געזאָגט: "גייט!"

אויפן פעלד האָבן מיר אָנגעריסן ברוקווס. איין דייטש מאַכט ווידער דעם זעלבן שפּיל. ער קריכט אַרויף אויף אַ טיש מיט אַ לאַבן ברויט, שנייט שטיקער ברויט און וואַרפט מיר זאַלן כאַפּן. אַלץ צוליב פאָטאָגראַפישע צוועקן. דער רוח ווייסט זיי, ווו האָבן זיי געהאַט אַזוי פיל צייט און נערוון דערצו. דאָס פאָטאָגראַפירן האָט פאַרנומען אַ שטיק צייט און מיר זענען "פריי" צו גיין.

איך מיט חיל פּיען הויבן אָן גיין קיין רוזשאַן. די פיס זענען אָנגעווייטיקט, דער קערפּער פאַרפייניקט. קיין כוח איז נישטאָ. באַשליסן מיר צו גיין פון דאָרף צו דאָרף, אומעטום אָפּעסן און גיין ווייטער.

אין צאַדעקערש האָט געוווינט יחזקאל לאַסקאַ. זענען מיר אַוועק צו אים. דאָרט איז געווען שלמה לאַסטעק. ער איז געווען צעשלאָגן און לאַסקאַ האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט אים אונדזער פּילאַרסקי אַזוי צעמיטשעט.

דער וועג קיין רוזשאַן איז געווען שוואַרץ פון מענטשן. יידן גייען נעבעך "אַהיים", אפשר וועט מען נאָך טרעפן עמיצן פון דער משפחה. אָבער זעקס קילאָמעטער פאַר רוזשאַן, נעבן די מלינאַזשעס, לויפט אונטער אַ דייטש אויף אַ מאָטאָציקל און האַלט אַלעמען אָפּ. מ'שטעלט ווידער אויס פיר אין אַ ריי און מ'יאָגט אַזוי ווי הינט, מיט קלעפּ און געשרייען וואָס נעמען אָפּ די פיס.

ס'איז שוין פינצטער. איך גיי מיט וועלוול פעלדמאַרק און אליהו סעגאַל. מיר קלערן פון אַנטלויפן. ווייזט אויס אַז יידן אַנטלויפן, ווייל ס'הערן זיך שיסערייען. איך קאָן אָבער נישט לויפן. זיי ווילן קיין מאַקאָוו און איך וויל קיין אָסטראָלענקאַ, ווייל מ'זאָגט אַז דאָרט איז דער רוס. זיי זענען אַנטלאָפן. איך בין געבליבן.

נאָך אַ נאַכט יאָגעניש זענען מיר אין קראַסנאָשעלץ. מ'פירט אונדז אַריין אין אַ קלויסטער. פּאָליאַקן ברענגען קאַפּע, אָבער די דייטשן שלאָגן זיי און טרייבן זיי אַוועק. שפּעטער נעמט מען אַרויס הונדערט יידן, און מיר ווייסן נישט: ס'קאָן זיין — צום טויט. נעבן מיר גייען חיים יאַזשאַמבעק און מאיר ראַזען. חיים'ן פיר איך ווי אַ קינד, ווייל די פּאָליאַקן האָבן ביי אים צוגענומען די ברילן, זעט ער גאָרנישט. איך בעט אַ פּוילישע פרוי, זי זאָל רופן עמיצן פון די יידן. זאָגט זי, אַז נעכטן האָבן די דייטשן אַריינגעיאָגט די יידן אין שול אַריין און האָבן אין זיי אַריינגעשאָסן. אַ סך זענען טויט. די איבעריקע האָט מען אַרויסגעטריבן און ס'איז נישטאָ מער קיין איין ייד.

דער סוף פון אונדז, די הונדערט, איז געווען, אַז זיי האָבן אונדז צוגעפירט מיט אַ געיעג צו אַ הויפן מיט קאָנסערוון פּושקעס און יעדער האָט געדאַרפט נעמען אַ פּושקע, זי אויסווישן און מ'האָט געקריגן מאַרמעלאַדע מיט ברויט. און אַזוי יעדעס מאָל אַנדערע הונדערט יידן. ווען אַלע האָבן געקריגן די פּאָרציעס, האָבן זיי ווידער אונדז אויפגעלאָדן אויף די לאַסט־וואָגנס. מיר מיינען, אַז מ'פאָרט קיין דייטשלאַנד, און אין בויך נעמט דרייען פאַר שרעק. מיר זענען גאָרנישט. אין דעם שטעלט זיך אָפּ דער עשאַלאָן און מיר זענען אין אָסטראָלענקאַ. יידן ברענגען עסן. ישראלקע גאָלדוואַסער איז דאָרט געווען. האָט ער געבראַכט אַ גאַנצן זאַק מיט עפּל. אָבער די דייטשן טרייבן זיי אַוועק. מ'פאָרט ווייטער. אין וואָטשיכאָווא, נאָך אָסטראָלענקאַ, הייסט מען אונדז אַראָפּגיין און אַ דייטש זאָגט:

# פון רוזשאַן קיין רוסלאַנד

## כמעט אַ הקדמה



ווען נישט די שוידערליכע מלחמה וואָלט רוזשאַן אפשר געווען אונדזער שטענדיקער לעבנס פּלאַץ. דאָרט זענען מיר געבוירן געוואָרן, פאַרבראַכט אונדזער קינדהייט און יוגנט, און געהאַט שיינע צייטן פון חלומות און דראַנג. דאָס וואָס גוייס האָבן אונדז בארויבט, פאַרטריבן, געמאָרדעט, הייסט נאָך נישט אַז מיר קאָנען פאַרגעסן רוזשאַן. און ווען מען שרייבט דעם רוזשאַנער יזכור־בוך, וויל מען אויס־דריקן און ארויסשרייען אַ פּראָטעסט דער וועלט, ווי מיר וואָלטן געזאָגט: ״אָט זעט, דאָס איז געווען רוזשאַן פאַר אונדז! מיט וועלכער רעכט האָט איר אזוי שוידערליך געפירט צו אונדזער אומקום?״

מיר דאַרפן אויך דערמאָנען, מיט יראת־הכבוד, אַלע ליכטיקע געשטאַלטן, וועלכע זענען אזוי מער־דעריש פאַרפּייניקט געוואָרן דורך די נאַציש ע און אויך פּוילישע רוצחים, וועלכע זענען אומגעקומען אין די קאַלטע רוסישע וועלדער.

זאָל דער יזכור־בוך זיין פאַר זיי אַן אייביקע מצבה! תנצב״ה!

## זכרונות פון שטעטל

מיינע שענסטע יאָרן האָב איך פאַרבראַכט אין רוזשאַן. מיר רוזשאַנער זענען געווען ארומגערינגלט מיט געטרייע פאַרצווייגטע משפחות, מיט הארציקע פריינד, פרומע כשר׳ע יידן. מערסטע פון זיי בעלי־מלאכות, דאַרפסגייער און האַנטווערקער, וואָס זענען שטענדיק געווען פאַריאָגט און פאַרהאָרעוועט מיט דאגות פרנסה, אָרעם און האָפנונגסלאָז. דאָך איז די קינדער דערציאונג געווען זייער וויכטיקסטער ציל אין לעבן. זיי האָבן מיט אייגענע אָרעמע געלטער אויסגעהאַלטן חדרים, שולעס און אנדערע אנשטאַלטן, כדי דאָס קינד זאָל נישט וואַקסן, חלילה, אַן יידישער ערציאונג.

פון רוזשאַן זענען אויסגעוואַקסן פּשוטע יידן, וועלכע האָבן אויסגעטראָגן דעם יידישן גורל מיט פולער פאַראַנטוואָרטליכקייט און טיפן יידישן באַוווסטזיין, געווען דורכגע־דרונגען מיט דער ירושה פון דורי דורות און געווידמעט זייער צייט פאַר געגנזייטיקער הילף. זיי האָבן אויסגעהאַלטן אינסטיטוציעס ווי הכנסת־כלה, גמילות־חסדים, ביקור־חולים און אנדערע. דאָ איז צו דערמאָנען **פישל גאָגאָל, אלטער פראַין, ישראל שולצער** און אנדערע, וואָס האָבן אוועקגעגעבן טייערע שעה׳ן זייערע כדי אָנצופירן מיט דער גמילות־חסדים קאַסע און ארויסהעלפן אָרעמע האַנטווערקער און קליינע סוחרים מיט הלוואות אָן פּראָצענט, צו שטעלן זיי אויף די פיס. עפּעס איז געווען אין רוזשאַנער בעלי־מלאכות, וואָס איז אפשר נישט געווען ביי אנדערע האַנטווערקער אין אנדערע פלעצער. ביי אונדז

איז דער שטענדיקער בעל־קורא אין שול געווען **יצחק ליפסקער** דער ליאַדע־מאַכער, **אברהם־שאול זאמעק** דער שוסטער — דער בעל־תפילה פון שול, **יעקב זשעפּקע** דער סטעלמאַך — בעל־שחרית און בעל־קורא אין דער וואָכן.

א גאנצע וואָך זענען זיי געווען פאַריאָגט מיט דאגות פרנסה, אָבער ווען ס'איז געקומען פרייטיק און **שמואל־יעקב דער שמש** האָט אויסגערופן „יידן, פאַרמאַכט די געוועלבער און אין שול אריין!" — איז געוואָרן א שטילקייט אין גאַס. באלד האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן געטובלטע יידן, מיט וואַסער־טראָפּנדיקע בערד און פאות. זיידענע קאַפּאָטעס און שבתדיקע קליידער האָבן זיך געשוואַרצט אין די אויגן. פון די פענצטערלעך האָבן ארויסגעפינקלט פלאַמענדיקע ליכטעלעך און א הייליקייט האָט געשוועבט ארום. אפילו אין די ווייטע גרויסע לענדער, דוכט זיך מיר, קען קיינער פון אונדז נישט פארגעסן דעם שבת־טיש מיט די זמירות פון אונדזערע עלטערן.



די באָבע איטקע געשטאָרבן
אין עלטער פון 110 יאָר בערך

די יוגנט האָט ליב געהאַט די עלטערן. אין א געוויסער מאָס געגאַנגען אין זייערע וועגן, אָבער אויך געזוכט נייע האָריזאָנטן פאַר זיך. אין 1916 האָט רוזשאַנער יוגנט געברויזט. ס'האָט זיך אָנגעפאַנגען א ברייטע פּראָגרעסיווע קולטור־טעטיקייט. שפּעטער זענען אנטשטאַנען אויך פּאָליטישע גרופּן און פּאַרטייען. בולט איז געווען דער לערער **האַלצמאַן**, וועלכער איז געקומען פון וואַרשע ארבייטן אין רוזשאַן. ער האָט אָרגאַניזירט די דראַמאַטישע קולטורעלע טעטיקייט, ביי **שאַמאַוויטש** אין שאַפּע, ביי דער מיל, האָט מען געשפּילט טעאַטער מיט אייגענע כוחות און זיך ארייַנגעטיפט אין יידישע היסטאָרישע טעמעס און מענטשליכע־סאָציאַלע פּראָבלעמען.

ווען די רוסן האָבן אין 1920 פאַרנומען רוזשאַן, איז **יעקב סאַפּירשטיין** געוואָרן פּאָליציי־קאָמענדאַנט. די רוסן האָבן דאַן געפונען יונגע קולטורעלע און דינאַמישע קרעפטן, און ווען זיי זענען אוועק, האָבן זיי מיט זיך מיטגענומען **מאָטל לאַסקע** און **פעלדמאַן** פון די לינקע פועלי־ציון און **משה ראַגאַזע** און **הערשל קערש** פון בונד. מיר האָבן מער פון זיי נישט געהערט. ליידער האָט סאַפּירשטיין באַצאָלט מיט זיין לעבן פאַר זיין ארבייטן מיט די סאָוויעטן. ווען די פּאָליאַקן זענען צוריקגעקומען, האָבן זיי אים פארפּייניקט צום טויט אין קעלער פון **גאָלדע לאַך**.

אין אָנפאַנג פון פּוילישן רעזשים האָט זיך די יוגנט ארייַנגעפעדעמט אין לעבן פון רוזשאַנער יידישער געזעלשאַפט. פון די מער דערוואַקסענע זענען אויסגעוויילט געוואָרן ראַטמענער אין שטאָט־ראַט. איך, למשל, האָב געהערט צו די לינקע פועלי־ציון און בין אריין אין שטאָט־ראַט צוזאַמען מיט **ברוך זשעפּקע** מיטן כוח פון דער פּאַרטיי און אירע אָנהענגער די בעלי־מלאכות. אזוי אויך אין דער קהלה זענען מיר געווען די צוויי דאַזאַרעס און מיט דער שטיצע פון בונד און מיט דער הילף פון אלעקסאַנדער חסיד דויד **פּאַקשיווקאַ**

אַגראַדניק אלס פאַרזיצער פון קהלה. מיר האָבן געהאַט א שיינעם געבויטן לאָקאל מיט א פראכטפולער ביבליאָטעק און געפירט א פארצווייגטע טעטיקייט פון אָוונט־קורסן פאר דערוואַקסענע. ס׳איז געווען א לעבן פול מיט אינהאלט און אינטערעס. ס׳האָט געבליט א יידישע יוגנט אין ״השומר הצעיר״, מיט לייבעלע בוכנער, אפרים בענדער, חיים פערל, יצחק סענדעראָוויטש, וועלכע האָבן געפירט א ברויזנדע טעטיקייט. יעדן ל״ג־בעומר האָט דער ״השומר הצעיר״ ארויסגעפירט זיינע קינדער און יוגנט אין די גאסן פון רוזשאַן און מיט העברעאישע לידער און שיינע אוניפאָרמען דעמאָנסטרירט דעם אויפבלי פון ציוניסטישן חלום.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט זיך אָרגאַניזירט אן ״ארט״ שולע, אין וועלכער יידישע מיידלעך האָבן זיך געלערנט שניידעריי. נאָך אזא קורס האָבן אייניקע געקויפט א ניי־מאשין, מיט דער הילף פון גמילות־חסדים קאסע, און אָנגעהויבן ארבייטן פאר זיך. אנדערע ווידער האָבן געארבייט ביי שניידער.

ס׳האָט זיך געשאפן אן אטמאָספער פון טיכטיקייט און פראָדוקטיוויזאציע. די יוגנט האָט געלערנט, געחלומט, דיסקוטירט. ס׳איז ממש געווען א חרפה פאר א יוגנטליכן נישט צו געהערן צו א פארטיי אָדער באוועגונג. ס׳זענען קינדער אָפט אויסגעשטאַנען שווערקייטן פון די עלטערן פאר געהערן צו א פארטיי געגן זייערע אָנשויאונגען, אָבער דאָס האָט נאָך מער פארשטאַרקט דעם געבערויז. איין מאָל האָט יחזקאל געלטשינסקי געוואָגט אָפצו־ענטפערן דעם רב אויף זיינעם אן אָנגריף, האָט מען יחזקאל׳ען אריינגעלייגט אין חרם. זייענדיק א קאָמיסיאָנער האָט עס געהייסן, אז יידן טאָרן ביי אים און דורך אים נישט קויפן קיין סחורה און אים איבערלאָזן אָן פרנסה. די יוגנט באוועגונגען האָבן מיט פאראייניקטע כוחות אויסגעאיבט א דרוק און דער חרם איז בטל געוואָרן.

מ׳קאָן זאָגן, אז מיר האָבן מער ווי די עלטערן ארויסגעוויזן א היסטאָרישע אינטואיציע און פאַרויסגעזען די קאטאסטראָפע וואָס רוקט זיך אָן אויפן פוילישן יודנטום און רוזשאנער יידן בתוכם. מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן וועגן צו פארלאָזן דאָס פארשאָלטענע פוילן. די יוגנט האָט זיך געצויגן קיין ארץ־ישראל מיט אלע וועגן, לעגאַלע און אומלעגאַלע, ווי דאָס האָבן געטאָן נתן וויגאָדע און שלמה נאגעל. מ׳איז געפאָרן אויף הכשרה און געשטרעבט קיין ציון, געציילט די חדשים מ׳זאָל באשטעטיקט ווערן און עולה זיין. אנדערע האָבן געזוכט אנדערע לענדער. מ׳האָט געוואָלט אוועק, ארויס פון קלעם.ליידער זענען כמעט אלע וועגן געווען פארמאכט פאר פוילישע יידן, און ווען דער קאניבאל איז געקומען קיין פוילן, האָט ער זיינע קרבנות געפונען אויפן פלאץ. אזוי איז געקומען דער גרויזאמער סוף אויף אלע אונדזערע הארץ־איינגעבאקענע רוזשאנער יידן.

### מיין רוסישע דראמע

איך האָב זיך געזעגנט מיט רוזשאַן אין טרויעריקע פאמיליען־אומשטענדן. ווען די פּאָליאקן האָבן פאראָרדנט, מען זאָל פארלאָזן רוזשאַן, און אלע זענען אוועק, האָבן מיין פאָטער הלל מיט זיין ווייב און זיין ברודער זעליג זשעפּקע (דער סטעלמאך) מיט זיין פרוי באַשלאָסן דאָך צו בלייבן ביי זיך. און ווען דער דייטש איז אריין, האָט ער גענומען די צוויי טייערע יידן, זיי ארויסגעפירט אויפן קריסטליכן צמענטאזש, זיי דאָרט דערשאָסן און די ווייבער געהייסן גיין אהיים. ביידע קדושים, אינסטינקטיוו, האָבן מיט זיך מיטגע־

בראכט זייערע טליתים אויפן צמענטאזש, זענען זייביידע באהאלטן געוואָרן צווישן גויים, נאָר מיט די טליתים נעבן זיך.

רוזשאַן איז געווען יידן־ריין אין פארלויף פון איין וואָך. דעם צווייטן פרייטיג זענען די דייטשן אריין אין גאָוואָראָווא, און שבת פארטאָג האָבן זיי ארויסגעטריבן די יידן פון די הייזער אויפן קאָנצענטרירונגס־פּלאַץ. דאן האָבן זיי אָנגעפאנגען צו שיסן און עס זענען געפאלן א סך יידן, צווישן זיי פיל רוזשאַנער.

דאן בין איך מיט מיין פאמיליע אוועק צו די רוסן. אין גאנצן פיר וואָכן זענען מיר געווען מיט די דייטשישע מענטשן־פּרעסער, אָבער עס איז געווען ווי אן אייביקייט. נאָר מיט די רוסן האָבן זיך אָנגעהויבן יידישע צרות פון דאָס ניי: אפשר אונדירעקטע טויט־פאָלגן אָבער גרויסע אונפארגעסליכע צרות.

די ערשטע צייט האָבן מיר זיך געוואלגערט אין די שולן אויף דער פּאָדלאָגע, שמוציקע און פארשעמטע, מיט די קינדער און פרויען צוזאמען, און קיינער האָט זיך אויף אונדז נישט אומגעקוקט. ווען כ׳האָב זיך איינגעאָרדנט און אָנגעהויבן ארבייטן אלס מאַשיניסט אויף דער פאסאזשירן־באַן, האָבן תיכף זיך אָנגעהויבן די צרות. איך האָב געזען. ווי מען פירט ארויס יידן קיין סיביר, מ׳רייסט זיי אָפּ פון זייערע קינדער און אייגענע, און מען ווייסט נישט וווהין מ׳האָט זיי פארוואָרפן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די פּאָדערונג פון אָננעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט. דער דרוק איז געווען א שווערער. ווער עס האָט נישט באַשטאַנען אָננעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט, האָט מען אים ארייַנגעפּאַקט אין א לאַסט־וואַגאָן און פארשיקט.

דעם דרייסיקטן מאי 1940 האָט מען מיך מיט מיין פאַמיליע אַריינגעשטופּט אין אַ פאַר־מאכטן וואַגאָן און מ׳האָט אונדז געפירט געפּאַקט ווי הערינג, מיט ווייניק עסן, בלויז אויף אביסל ברויט מיט זופּ א טאָג, אין דעם ווייטן רוסלאַנד.

איינמאָל האָט זיך די באַן אָפּגעשטעלט אין באַראַנאָוויטש, און איך האָב געהערט ווי מען רופט מיין נאָמען. א רוזשאַנער ייד **פּאַסקאָוויטש** האָט געזאָגט אונדזער מחותן **העניעך בורשטין** (דער בעדער), אז מיר זענען דאָ אויף דער באַן. (פאַר דער מלחמה האָט ער געאַרבעט ביי מיר אַלס סטאָלאַר, געמאכט שעצקאַרניעס, איצט האָט ער אָנגענומען סאָוויעטישע בירגערשאַפט און געאַרבעט אלס וועכטער אויף דער באַן).

די באַגעגעניש איז געווען א האַרציקע, אין דעם זאָגט ער:

״נתן, ווען כ׳האָב געאַרבעט ביי דיר, האָב איך געטראַכט ווי איז עס מעגלעך, אז דו, וואָס אגיטירסט אַרבעטער־באַפרייאונג, זאָלסט אַזוי אליין אויסנוצן אַרבעטער? היינט אַרבעט איך פאַר א באַפרייטער אַרבעטער רעגירונג, און ערשט איצט ווייס איך, וואָס דאָס הייסט אונטערדריקן דעם אַרבעטער. איך ווינטש זיך, ס׳זאָל זיך צוריקקערן די צייט און איך זאָל ווידער אַרבעטן פאַר די רוזשאַנער ׳עקספּלאָטאַטאָרן׳.״

דאָס איז געווען דער ערשטער גרוס פון דעם סאָוויעטישן גן־עדן.

נאָך צוויי וואָכן פון לאַנגזאַמען פאָרן אין דעם שטיקנדיקן שלעפּ־צוג זענען מיר אָנגע־קומען קיין קאָטלאַס, ווו טאָג און נאַכט שוועבן מעגנגעס קאָמארן, וואָס האָבן אונדזער בלוט געזויגן. דאָרט האָט מען אונדז צעטיילט אין פּאָסאָלקעס (דערפעלעך) און מיר זענען אריינגעפאלן קיין קאָמי אֶס־אֶס־אֶר, טיף אין די וועלדער (טייגעס) פון סיביר. ווען מ׳רעט פון סיביר מיינט מען פרעסט און שניי־זאַוויערוכעס. אָבער מ׳פארגעסט, אז אין איר קורצן זומער איז די פּלאָג פון די קאָמארן אמאָל ביטערער פון די פרעסט.

מיר האָבן געאַרבעט כמעט אָן עסן, געוווינט צו פערציק מענער, פרויען און קינדער אין איין באַראַק. מ׳האָט געקריגן נישט מער ווי איין פונט ברויט א טאָג און א האַלב פונט פאַר די קינדער, און א פּאָר מאָל אין דער וואָך א פּאָר דאַר־אויסגעטריקנטע פיש. ווער ס׳האָט נישט געאַרבעט, האָט דאָס אויך נישט געקריגן. ווינטער האָבן מיר זיך געוויקלט אין שמאַטעס. קיין וואַרעמע קליידער האָט מען אונדז נישט געגעבן. א סך האָבן אָפּגעפרוירן די אויערן און פיס־פינגער, א טייל זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט. מענטשן זענען געשטאָרבן ווי פליגן און קיינער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויפן מענטש. דאָס נאַכלעסיקייט אין דעם סאָוויעטישן רעזשים איז כמעט פאַרהייליקט ביי יעדן, און ווער ס׳קלאָגט זיך, ווערט פאַרשריגן פאַר אַן אַנטי־סאָוויעט און זיין לעבן ווערט הפקר.

דאָך האָבן יידן אָנגעהויבן זיך צו קלאָגן. מ׳האָט געשריבן ביטעס קיין מאָסקווע, מ׳האָט געבעטן מ׳זאָל זיי אַריבערפירן קיין מיטל־רוסלאַנד, דערמיט האָט מען זיך ממש איינגעשטעלט דאָס לעבן. איך האָב אויך געשריבן. כ׳האָב דערציילט, אַז כ׳בין פון דורי־דורות אַן אַרבעטס־מענטש. שטענדיק געלעבט פון מיין אייגענער האָרעוואַניע. כ׳האָב געבעטן, אַזוי ווי כ׳האָב קליינע קינדער און דאָ איז נישטאָ וווּ צו לערנען, זאָל מען מיך אַריבערפירן אין שטאָט סיקטיווקאַר, וווּ ס׳איז דאָ אַ שולע. דאַביי האָב איך צוגעלייגט אַן אַרבייטס־קאַרטע פון ביאַליסטאָק, וווּ כ׳האָב געאַרבעט אַלס באַן־אַרבעטער.

מיין יחוס איז זיי ווייזט אויס געפעלן. אין צוויי וואָכן אַרום האָט מיך גערופן דער מייסטער, כ׳זאָל קומען אויפן צווייטן פּאַשאַלעק (דערפל) צו דער געהיים־פּאָליציי אַן־קַ־גֶ־בֶּ. כ׳קום אַריין, זיצט א גרויסער מאַכער, ער נעמט מיך אויף זייער פיין, גיט מיר א פיינעם ציגאַרעט, רעדט מיט מיר פיין און גיט א פרעג:

"חבר, איר האָט אָנגעגעבן א ביטע, מ׳זאָל אייך אַריבערפירן פון דאַנען?"

ער האָט מיך אויסגעפרעגט העפלעך און פיין, צי ס׳איז אמת אַז כ׳שטאַם פון אַרבעטער, וואָס מיין טאַטע האָט געאַרבעט. און אַלץ אַזוי פיין, געלאַסן און מיט א זיסן שמייכל. ווען ער האָט געקריגן מיינע, ווייזט אויס, באַפרידנקדיקע ענטפערס, גיט ער א זאָג:

"פון דיין ביאָגראַפיע זע איך, אַז ביזט געווען א גוטער, ערליכער אַרבעטער און ביזט באַרעכטיקט אַרויסצופאָרן אין א גרויסער שטאָט מיט ווייב און קינדער. דו וועסט קריגן דאָס דערלויבעניש אַריבערצופאָרן קיין סיקטיווקאַר. דיינע קינדער וועלן קענען גיין אין די בעסטע שולן און ווערן גרויסע מענטשן און הויכע בירגער פון סאָוויעטסקי סאיוז."

דאָ איז ער שטיל געוואָרן. געגעבן מיר נאָך אַ ציגאַרעט. ס׳האָבן זיך מיר געשטעלט טרערן אין די אויגן פאַר פרייד. ווען כ׳שעם מיך נישט, וואָלט איך אים אַרומגענומען ווי אַ ברודער. כ׳שטיי אויף, כ׳גיב אים די האַנט און כ׳דאַנק אים זייער פאַר דעם, וואָס ער האָט געטון פאַר מיין פאַמיליע און כ׳וויל אַוועקגיין, זאָגט ער צו מיר מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכעלע:

"סאַדיטיעס טאָוואַריטשטש (זיצט, חבר) כ׳וויל נאָך אַביסל רעדן מיט אייך, כ׳זע, אַ סך אַזעלכע ווי איר זענען דאָ נישטאָ צווישן די פאַרשיקטע און געוויס זענען דאָ אַביסל געגנער פון רוסישן רעזשים, פון ראַטן־פאַרבאַנד. זיי רעדן אַוודאי שלעכטס אויפן לאַנד, איז אפשר וועט איר זיך צוהערן צו זיי און אונדז דערציילן ווער זיי זענען, זייערע נעמען און וואָס זיי זאָגן. איך וועל אייך, זאָגט ער, "שוין צוּווייסן טון, ווען מיר וועלן זיך קאָנען טרעפן, כדי כ׳זאָל הערן פון אייך אַלע איינצלהייטן פון די פאַרביטערטע."

א קאַלטער שווייס האָט מיך באַדעקט. די פיס האָבן מיר אָנגעהויבן ציטערן. כ׳האָב זיך

אַנגעהאַלטן מיט די לעצטע כוחות, כ׳זאָל נישט אַראָפּפאַלן פון שטול.

ווען כ׳האָב אים געענטפערט, אַז קיינער רעדט דאָ נישט קיין שלעכטס, און דאָ זענען נישטאָ קיין סאָוויעטן־געגנער, נאָר יעדער, אַזוי ווי איך, וויל אַריבערפאָרן צוליב די קינדער און סתם אַנדערע סיבות, לייכטערע אַרבעט א.א.וו., האָט ער נישט רעאגירט נאָר ווייטער געפרעגט, צו נעם איך אָן זיין פאָרשלאָג, צו וועל איך טון וואָס ער זאָגט מיר. כ׳האָב אים קאַטעגאָריש געענטפערט אויף זייער שטייגער:

״ניעט! איך בין אַן אַרבעטער און נישט קיין שפּיאָן.״



נתן זשעפּקע רעדט פאַר די ״שארית הפליטה״.
נתן זשפקה נואם בפני ״שארית הפליטה״.

ער האָט זיך שנעל אויפגעשטעלט, אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער, אים אוועקגעלייגט אויפן טיש, זיך צעשריגן און געענדיקט:

״כ׳וועל דיך דאָ דערשיסן ווי א סאָבאַקע (א הונט)!״

כ׳האָב פאַרלוירן דאָס לשון. כ׳בין געזעסן און נישט געפילט וואָס ס׳טוט זיך מיט מיר, אָבער ווען ער איז צו צו מיר מיטן אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער, האָב איך פּלוצעם צוזאַמענגענומען מיינע לעצטע כוחות, זיך א שטעל געטון, אויסגעדרייט זיך צו אים און אַ זאָג געטון: ״אַז דו ווילסט, קאָנסטו מיך באַלד דערשיסן!״

ער האָט מיר געהייסן זיך אויסדרייען און געזאָגט:

״סטופּאַי! (גיי פון דאַנען). אָבער היט זיך, קיינער זאָל נישט וויסן וואָס מיר האָבן דאָ גערעדט. אויב עמיצער וועט וויסן דערפון, וועסטו שוין דיין פאַמיליע נישט זען פאַר דיינע אויגן. ניקאָגדאַ!״ (קיינמאָל נישט!)

געוואַלד, וואָס האָב איך נאָך מער ווי מיין פאַמיליע! מיר איז פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן.

ס׳איז געווען א שיינע ליכטיקע לבנה־נאַכט. דער זייגער אַרום איינס ביינאַכט. כ׳בין געגאַנגען אַהיים אין געהאַקטע ווונדן, מיין פרוי האָט שוין געוואַרט אויף מיר. כ׳בין מיט איר אוועק פון באַראַק (כ׳האָב מורא געקריגן פאַר די ווענט) און כ׳האָב איר אַלץ דערציילט. מיר זענען ביידע שטיין געבליבן און געוויינט ווי קליינע קינדער אויף אונדזער פינצטערן גורל. איך האָב וויינענדיק איבערגעחזרט עטליכע מאָל זיינע לעצטע ווערטער: ״ני קאָגדאַ, ני קאָגדאַ!״ קיינמאָל קיינמאָל וועסטו שוין נישט זען דיין פאַמיליע פאַר די אויגן!

מאָנאַטן לאַנג האָבן מיר נאָך געליטן פון דער מורא, טאָמער וועט מען מיך נאָכאַמאָל א רוף טון, מיך אוועקרייסן פון מיינע טייערסטע און מיך פאַרשיקן, דער רוח ווייסט ווו. רוסלאַנד איז גרויס און ברייט און האָט גענוג פּלעצער, ווו דער מענטש זאָל פאַרלוירן גיין מ׳זאָל פון זיין געביין מער נישט וויסן.

מער האָט מען מיך נישט גערופן. מיר האָבן געליטן און אָנגענומען פאַר ליב אַלע אַנדערע צרות — מיר האָבן דען געהאַט א ברירה? — ביז מיר זענען צום סוף אוועק פון רוסלאַנד קיין פּוילן, אויפן וועג צו באַפרייאונג.

# הצבא האדום משחרר את רוז׳אן

קטע מתוך הספר ״שנים של שלום ומלחמה״

החל באוסטרולנקה זורם נהר הנארב כמעט בקו ישר דרומה. מאחורי העיר רוז׳אן הוא פונה דרומית־מזרחית, ולאחר מכן — דרומית מערבית. באותה קשת כבשנו ראש גשר. בנצלי את העובדה, שמן העבר שלנו מכוסה הגדה ליד רוז׳אני ביער אורנים צפופים וגבוהים, החלטתי לתהות על עמדות ההגנה של האויב לא רק מראש הגשר, כלומר ממזרח, אלא גם מן הצד — מצפון. למחרת טיפסתי, בעזרת חיילים מחיל־החפרים, על עצים הצומחים קרובים ביותר אל ירכתי הבקעה. תוך בחינה מדוקדקת של השטח הבחנתי על־פני הרמה השטוחה בשלוש תעלות־ירי, ולפני הראשונה ביניהן — במכשולים מוסווים של תיל דוקרני, שסודרו בשישה טורים. כן ראיתי ממרומי אותו עץ למטה, קילומטר או שניים קרוב יותר אלינו, שתי תעלות, ועל־פניהן גידור מתיל דוקרני. מסתבר שקו ההגנה האמיתי של האויב נתמשך לאורך הגדה התלולה. האויב סמך על כך, שברגע שנסתער מתוך ראש הגשר, נשתמש במירב התחמושת, תוך כיוון האש על עמדתו הקדמית, ואילו שטח ההגנה העיקרי יספוג אך מעט מעוצמת האש שלנו. בשעת הריכוך הארטילרי שלנו יחיש האויב לעמדותיו העיקריות פלוגת חיל־מילואים ויהדוף את ההסתערות שלנו.

״תוכנית לא רעה,״ חשבתי בלבי, ״אלא שהאויב סבור כנראה, שיש לו עניין עם שוטים.״

במבצע זה לא היינו מוגבלים, כמו בעבר, על־ידי מחסור בתחמושת. לפי תוכניתה של מיפקדת החזית, צריך היה הריכוך הארטילרי להימשך מאה דקות. לאחר כיבוש האגף הקדמי, שלפי הנתונים שבידי הארמיה ה־48 נתמשך כביכול בריחוק מאות מטרים מאיתנו, הוטל על הארטילריה ללוות את הצבא המסתער, בחפותה עליו במסך אש לעומק של קילומטר וחצי עד שני קילומטרים. תוכנית זו הותירה יתרונות לאויב, ואילו לנו לא התאימה במיוחד, משום כך הכנסנו בה תיקונים אחדים: בהסתערות נפתח לא לאחר מאה דקות של ריכוך באש הארטילריה, כי אם כתום הדקה החמש־עשרה; לאחר כיבוש העמדה הקדמית תעתיק הארטילריה את האש אל האגף הקדמי של העמדה העיקרית וכן לעומק ההגנה. במשך שמונים־וחמש הדקות מהשלב השני של הריכוך הארטילרי (בחמש־עשרה הדקות האחרונות חייבת האש להגיע לשיא) שרשרת מפורסמת של חיל־הרגלים שלנו — וכן טנקים — חייבים לחצות את השטח המשתרע בין העמדה הקדמית והעיקרית. החפרים והטנקים, המצוידים במיתקני סילוק מוקשים, יעברו בראש המסתערים. לאחר מאה דקות של ריכוך ארטילרי יחדרו פלוגות חיל־הרגלים שלנו וכן הטנקים לעמדה העיקרית של הגנת האויב. לאחר מכן ילווה אותם מסך האש לעומק עמדות האויב.

תוכנית זו הבאתי בפני מפקד החזית, אך הוא דרש ממני להיות צמוד להוראותיו. יום לפני המיבצע פניתי אליו שנית. מפקד החזית הטיח בי בקול נרגז:

״תמיד אתה נוהג כתמהוני, תמיד אתה מנסה להיות פיקח יותר מהאחרים!״

תשובה זו אפשר היה לפרש באופנים שונים. אנו החלטנו לפרשה כהסכמה — שניתנה אמנם ללא התלהבות יתירה — לכך, שנהיה ״תמהונים״, כלומר נפעל לפי הבנתנו.

הריכוך הארטילרי החל ב־10 באוקטובר בדיוק בשעת הצהרים. חיל־הרגלים זינק מן המחפורות ופתח בהסתערות יחד עם הטנקים.

כיוון שנטלנו על עצמנו את מלוא האחריות לתוכנית ההתקפה, עקבנו במתיחות גדולה אחרי התקדמות חיילינו. ראינו — בשמחה — כיצד חולפים הטנקים, ואחריהם החיילים, על־פני גדר־התיל, לאחר־מכן על־פני התעלה הראשונה — וממשיכים בהסתערות. לאחר כיבוש התעלה השנייה העתיקה הארטילריה את האש אל העמדה הראשית של הגנת האויב. את העמדה הקדמית כבשנו תוך אבידות מועטות.

ביום הראשון של ההתקפה כבשו חיילינו את כל שלוש תעלות־הירי שעל גבי הגדה התלולה. האויב נסוג לקו השני, המוגן בשדות מוקשים. ואילו שכננו משמאל, שפעל בהתאם לתוכניתה של מיפקדת החזית, השתלט אך־ורק על העמדה הממוקמת בסמוך לנהר, אך לא הצליח לעלות על הגדה התלולה.

בליל ה־10—11 באוקטובר סילק חיל־החפרים את המוקשים במעברים, ועם שחר, לאחר ריכוך ארטילרי קצר אך רב־עוצמה, חידשנו את ההתקפה. במשך היום הצלחנו לכבוש שלוש תעלות־ירי של הקו השני ובמקומות רבים עלינו על הכביש של רוז׳אן—פולטוסק. באגף הימני כבשנו שני מוצבים של מיבצר רוז׳אני, וכן את הגשר ההרוס על נהר הנארב. אחד מגדודי הדיביזיה, שהושאר להגנה, צלח את הנהר מצפון לעיר, אך בהיתקלו באש צפופה לא הצליח לתקוע טריז בחיל ההגנה של האויב והתחפר בבקעת הנהר.

ההתנגדות של האויב לא נחלשה. ואף על פי כן, ב־12 באוקטובר, כבשנו שתי תעלות־ירי של הקו השלישי ופרצנו לכביש רוז׳אן—מאקוב, ואילו באגף הימני כבשנו את העיר ואת מיבצרה של רוז׳אן.

עברית בנימין טנא

אַלעקסאַנדער גאָרבאַטאָוו

## די רויטע ארמיי באפרייט רוזשאַן

### אַן אויסצוג פון בוך "יאָרן פון פרידן און מלחמה"

דערנעבן ביי אַסטראָלענקא פליסט דער טייך נאַרעוו כמעט אין גלייכער ליניע צו דרום צו. הינטער דער שטאָט רוזשאַן ווענדעט ער זיך צו דרום־מזרח, און דערנאָך — צו דרום־מערב. אין אָט דעם בויגן האָבן מיר איינגענומען אַ בריקנקאָפּ. אויסנוצנדיק דעם פאַקט, אַז פון אונדזער זייט איז דער ברעג נעבן רוזשאַן באַוואַקסן מיט אַ וואַלד פון הויכע און געדיכטע סאָסנעס, האָב איך באַשלאָסן אָנצוקוקן די פאַרטיידיקונגס פּאָזיציעס פון שונא נישט נאָר פון דעם בריקנקאָפּ. דאָס הייסט פון מזרח זייט, נאָר אויך פון פליגל — פון צפון זייט. אויף מאָרגן האָב איך אַרויפגעקלעטערט, מיט דער הילף פון סאָלדאַטן פון אינזשיניערן־אָפּטיילונג, אויף בוימער וועלכע זענען געוואַקסן גאָר נאָענט ביים ראַנד פון טאָל. נאָך אַ גוטן באַקוקן דעם שטח האָב איך באַמערקט אויף דער הויכליכער פלאַכלאַנד דריי שיס־קאַנאַלן, און פאַר דעם ערשטן פון זיי — שטרויכלונגען פאַרשטעלט מיט שטעכל־דראָט, איינגעאָרדנט אין זעקס רייען. אויך האָב איך געזען פון בוים אַראָפּ, אַ קילאָמעטער אָדער צוויי נאָענט פון אונדז, צוויי קאַנאַלן און איבער זיי אָפּצוימונגען פון שטעכלדראָט. ווייזט זיך אַרויס אַז די אַמתדיקע פאַרטיידיקונגס ליניע פון שונא האָט זיך געצויגן לענג־

אויס דעם משופּעדיקן ברעג. דער שונא האָט זיך פֿאַרלאָזן אויף דעם, אַז אין דעם מאָמענט וואָס מיר וועלן אָנגרייפֿן דעם בריקנקאָפּ, וועלן מיר זיך באַנוצן מיט דאָס מערסטע אַמוניציע, שיסנדיק אויף זיין פֿאָדערשטער פּאָזיציע, און דער וויכטיקסטער שטח פֿון זיין פֿאַרטיידיקונג וועט קריגן גאָר ווייניק פֿון אונדזער פֿייער. בשעת אונדזער אַרטילערישער איינברעכונג פֿון ווידערשטאַנד וועט דער שונא שיקן צו זיינע פֿאָדערשטע פּאָזיציעס אַ קאָמפּאַניע פֿון מיליטער־רעזערווע און נישט אָפּשטויסן אונדזער אָנגריף.

"נישט קיין שלעכטע פּראָגראַם," האָב איך זיך געטראַכט, "נאָר דער שונא מיינט, ווייזט אויס, אַז ער האָט אַן ענין מיט נאַראָנים."

אין דער אָפּעראַציע זענען מיר נישט געווען באַשרענקט, ווי אין דער פֿאַרגאַנגענהייט, צוליב מאַנגל אין אַמוניציע. לויטן פּלאַן פֿון דעם פֿראָנט־שטאַב האָט די אַרטילערישע באַוויכונג געדאַרפֿט דויערן הונדערט מינוט. נאָכן איינגעמען דעם פֿאָדערשטן פֿליגל, וואָס האָט זיך געצויגן, לויט די ידיעות פֿון דער 48סטער אַרמיע, כּלומרשט עטליכע הונדערט מעטער ווייט פֿון אונדז, האָט די אַרטילעריע געדאַרפֿט באַהיטן די אָנגרייפֿענדע קאָמפּאַניעס מיט אַ שטאַרק פֿייער אין דער טיף פֿון אָנדערטהאַלבן ביז צוויי קילאָמעטער. דער פּלאַן האָט איבערגעלאָזן דעם שונא פֿאַרצוגן, און פֿאַר אונדז האָט ער נישט געפּאַסט באַזונדערס, דערפֿאַר האָבן מיר געמאַכט אין פּלאַן עטליכע אויסבעסערונגען: דעם אָנגריף וועלן מיר אָנהויבן נישט נאָך הונדערט מינוט פֿון אַרטילערישער באַשיסונג, נאָר נאָך די פֿופֿצנטע מינוט; נאָכן איינגעמען די פֿאָדערשטע פּאָזיציע וועט די אַרטילעריע אַריבערפֿירן דאָס פֿייער אויף דעם פֿאָדערשטן פֿליגל פֿון דער וויכטיקסטער פּאָזיציע און אויך אין דער טיף פֿון זיין פֿאַרטיידיקונג. אין די 85 מינוטן פֿון צווייטן טייל פֿון דער אַרטילערישער באַשיסונג (אין די ערשטע 15 מינוטן דאַרף דאָס פֿייער דערגרייכן זיין קולמינאַציאָנס פּונקט) דאַרפֿן אַ קייט פֿון אונדזערע פֿוסגייער און אויך טאַנקן אַריבערגיין דעם שטח צווישן דער פֿאָדערשטער און דער וויכטיקסטער פּאָזיציע. די זעלנער פֿון דער אינזשעניער־אָפּטיילונג און די טאַנקן, אויסגעשטאַט מיט מיטלען צו באַזייטיקן מינעס, וועלן גיין אין שפּיץ פֿון די אָנגרייפֿערס. נאָך די הונדערט מינוטן פֿון דער אַרטילערישער באַשיסונג וועלן קאָמפּאַניעס פֿון אונדזערע פֿוסגייער און אויך די טאַנקן אַריינדרינגען אין דער וויכטיקסטער פּאָזיציע פֿון שונא'ס פֿאַרטיידיקונג. דערנאָך וועט אַ פֿאַרדעק פֿון פֿייער זיי באַגלייטן אין דער טיף פֿון שונא'ס פּאָזיציעס.

דעם פּלאַן האָב איך געבראַנגט פֿאַר דעם קאָמאַנדיר פֿון פֿראָנט, אָבער ער האָט געפֿאָדערט פֿון מיר איך זאָל אויספֿירן זיינע פֿאַראָרדנונגען. איין טאָג פֿאַר דער אָפּעראַציע האָב איך זיך ווידער געווענדעט צו אים. דער קאָמאַנדיר פֿון פֿראָנט האָט מיר געענטפֿערט מיט אַ ברוגזדיקן קול:

"שטענדיק פּירסטו זיך אויף ווי אַ טשודאַק, שטענדיק דאַרפֿסטו זיין קליגער ווי די אַנדערע."

דעם ענטפֿער האָט מען געקאָנט אויסטייטשן אויף פֿאַרשידענע אופֿנים. מיר האָבן באַשלאָסן אים אויסצוטייטשן ווי אַלס אַ צושטימונג — וואָס איז געגעבן געוואָרן אָן באַגייסטערונג — צו דעם, אַז מיר זאָלן זיין "טשודאַקעס", דאָס הייסט מיר זאָלן טון לויט אונדזער פֿאַרשטיין.

די אַרטילערישע באַשיסונג האָט זיך אָנגעהויבן דעם 10טן אָקטאָבער, פּונקט מיטאָגצייט.

און אונדזערע פוסגייערס זענען ארויס פון די אָקאָפּעס און גענומען אָנגרייפן צוזאמען מיט די טאַנקן.

אזוי ווי מיר האָבן גענומען אויף זיך די פולע פאַראַנטוואָרטליכקייט פארן פּלאַן פון דעם אָנגריף, האָבן מיר נאָכגעפאָלגט מיט גרויס געשפּאַנטקייט דעם פאָרשריט פון אונדזערע זעלנער. מיט גרויס פרייד האָבן מיר געזען ווי די טאַנקן, און דערנאָך די זעלנער, דרינגען דורך די אָפּצוימונגען פון דעם שטעכלדראָט, דערנאָך גייען אריבער דעם הויפּט קאנאל און זענען ממשיך דעם אָנגריף. נאָכן איינגעמען דעם צווייטן קאנאל האָט די ארטילעריע איבערגעפירט דאָס פייער אויף דער וויכטיקסטער פּאָזיציע פון שונא׳ס פאַר־טיידיקונג. די פאָדערשטע פּאָזיציע האָבן מיר איינגענומען מיט גאָר ווייניק פארלוסטן.

דעם ערשטן טאָג פון דעם אָנגריף האָבן אונדזערע זעלנער איינגענומען אלע דריי שיס־קאַנאַלן וואָס אויף דעם משופּעדיקן ברעג. דער שונא האָט זיך צוריקגעצויגן צו דער צווייטער ליניע, וואָס איז געווען באַהיט מיט פעלדער פון מינעס. אין דער זעלבער צייט האָט אונדזער שכן פון לינקס געהאַנדלט לויטן פּלאַן פון דעם פראָנט־שטאָב און האָט איינגענומען נאָר די פאָדערשטע פּאָזיציע נאָענט ביים טייך. אָבער עס איז אים נישט געלונגען ארויפצוציִען אויפן משופּעדיקן ברעג.

אין דער נאַכט פון דעם 10טן אויפן 11טן אָקטאָבער האָבן די זעלנער פון דער אינזשיניער־אָפּטיילונג אָפּגערוימט די מינעס אין די דורכגאַנגען, און פרי אין דעם מאָרגן, נאָך א קורצער אָבער גאָר שטארקער באַשיסונג פון דער ארטילעריע, האָבן מיר באַנייט דעם אָנגריף. במשך פון דעם טאָג איז אונדז געלונגען איינצונעמען דריי שיס־קאַנאַלן פון דער צווייטער ליניע און אין א סך ערטער זענען מיר ארויף אויפן שאָסיי רוזשאַן—פּולטוסק. אין דעם רעכטן פליגל האָבן מיר איינגענומען צוויי פאָדערשטע פּאָזיציעס פון רוזשאַנער פעסטונג, און אויך די רואינירטע בריק וואָס איבערן טייך נארעוו. איין פּאָלק פון דער דיוויזיע, וואָס איז געבליבן צו פארטיידיקן, איז אריבער דעם טייך אין צפון פון שטאָט, אָבער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף א שטארק פייער פון דעם שונא און דערפאַר איז אים נישט געלונגעי אריינשטעקן אַ קלין אין דער פארטיידיקונג פון שונא. האָט ער זיך איינגעגראָבן אין טאָל ביים טייך.

דער ווידערשטאַנד פון שונא איז נישט שוואכער געוואָרן. און דאָך, דעם 12טן אָקטאָבער, האָבן מיר איינגענומען צוויי שיס־קאַנאַלן פון דער דריטער ליניע און מיר זענען ארויף אויפן שאָסיי רוזשאַן—מאַקאָוו. אין דעם רעכטן פליגל האָבן מיר איינגענומען די שטאָט און די פעסטונג פון רוזשאַן.

פסח מלינק

## מביאליסטוק לארץ גזירה וחזרה לשחרור

**אביב 1940.**

השמים מתבהרים והלב קודר. שמועות רודפות שמועות. מדברים על העברת פליטי פולין ל...סיביר. מספרים על הוצאתם של פליטים מבתיהם בכוח הזרוע ושליחתם לארץ גזירה. קודר, קודר.

והנה מה שיגורנו — בא. באחד מלילות נדודי־השינה, בדיוק בחצות, דופקים בדלתנו. מי שם? האֶן־קא־וו־דה. ידענו גם ידענו שדפיקות בדלת דירתך בלילה מבשרות רעות. והנ הגיעוני: אנשי האֶן־קא־וו־דה פוקדים עלינו לקחת מייד את החפצים החשובים לנו ביותר ולצאת; לצאת ולעלות על העגלות העומדות ומחכות לנו על הכביש! עלינו, והסוסים השמיעו את שעטת פרסותיהם. הביאונו אל בית־הנתיבות העירוני, שם התאספו כבר רבים מבין פליטי פולין שמצאו מקום מקלט בביאליסטוק. חילקו לנו לחם וריבה והכניסונו לרכבת־משא. בקרונות מסיעים בהמות, אך סידרו בהם דרגשים, שלושה דרגשים זה־על־גבי זה, כשלוש קומות גובה. בקרונות אלה, ניסע, נחיה, ובעת הנסיעה גם נעשה את צרכינו... אך לאן? וכמה זמן ניסע? איש אינו יודע. קראו, צעקו, בכו, יללו — ואין עונה.

מקץ יומיים שמעו, כנראה, לזעקותינו וביער עבות אחד איפשרו לנו לצאת, להתפזר בין העצים ולעשות את צרכינו, אך השומרים זרזו אותנו לחזור לקרונות במהירות הבזק. חלונות לא היו לקרונות אלה ולא יכולנו להציץ החוצה למען דעת, לפחות, באיזה חלק מהאימפריה הענקית הזאת אנו עוברים במסענו זה. וכך נסענו כחודש ימים, עד שלפתע פקדו עלינו לצאת ונתבשרנו שזה סוף המסע.

היה זה מקום בשם קוטלס, ליד נהר ששמו ויצ׳גדה. כאן קיבלו את פנינו בשמחה רבה ה...יתושים, שגודלם כגודל זבובי־סוס. הם התנפלו עלינו בבהילות ואכלו את בשרנו בתיאבון רב. ובמעמד זה, בשדה הפתוח שליד הנהר, ישבנו וחיכינו יממה, עד שהגיעה ספינת־קיטור שאליה ירדנו ונאחזנו בה כבעוגן הצלה. מייד קיבלנו לחם וריבה, שברנו את רעבוננו ושקענו בהרהורים נוגים. שטנו כארבעה ימים והגענו לריפובליקה הסובייטית הסוציאליסטית קוֹמי. כשעלינו על החוף — והיינו אלפים — חלקו אותנו לקבוצות, כשכל קבוצה וקבוצה נשלחת למקום יעדה. אותנו הביאו למקום ״המיועד״ לנו — יער בראשית ובו צריפים ספורים המחכים לבואנו.

על סף הצריפים פנה אלינו בא־כוח השלטונות והודיענו: ״כאן תהיה וארשה שלכם. תשכחו את פולין. כאן תעבדו, כאן תחיו וכאן תמותו...״

פקדו על יומיים של מנוחה וחופש, לפוש קמעה מטלטולי הדרך, למען נוכל בכוחות רעננים לצאת לעבודה ביער בראשית זה.

היו בינינו אנשים שהיו קומוניסטים נאמנים ומסורים, אשר האמינו בתום־לבם שקרתה טעות בענישה זו ובוודאי יתקנוה ויחזירום לבתיהם. הם המטירו מכתבים ובקשות לראשי מפלגתם ובראש־וראשונה — אל האב הרחום, מנהיג העמים וכו׳ יוסף סטאלין, וחיכו לסוף הטוב, אשר משום מה איחר לבוא... אך עלינו הם הביטו כעל נחותי־דרגה, ולא פעם כעל שונאים בנפש.

היומיים חלפו ופקדו לצאת לעבודה — לחטוב עצים. בקבוצתי נמצא נוצרי, פילני צעיר, סטודנט לרפואה ששמו נחרת בזכרוני: תדיאוש גריגר. הדרך לעבודה מצריפנו אורכה היה כששה קילומטרים. ולא פעם יצא לי לדבר ולשוחח עם פולני צעיר זה, ותמיד — על הזמן שאי־פעם יבוא ונחזור לפולין חופשית, בה נחיה חיים טובים יותר, אנושיים יותר, ליברליים משהיו לפני האסון הזה. כעבור שבוע ימים הוציאוהו מקבוצת חוטבי־העצים ומינוהו לאח (סניטר) במירפאה. גם אותי הוציאו מהקבוצה הזאת וצירפו אותי לקבוצת עוקרי שורשים. לכאורה עבודה קלה יותר, אך ה״נורמות״ שהטילו עלינו היו מעל ומעבר ליכולת אנושית. חליתי. ״למזלי״ היתה זאת דלקת־ריאות, עם חום גבוה, ושכבתי בצריף ללא כל עזרה רפו־אית וללא הכרה... אשתי וילדינו ישבו ומיררו בבכי. בבוקר אחד, כשמצבי נראה היה כחמור

ביותר, ללא תקוה, הרהיבה אשתי עוז, ניגשה למפקד־המחנה והתחננה בפניו שיאפשר לה להסיעני לאיזה שהוא בית־חולים. המפקד נענה לה, פקד על נהג אחד שיסיעני לסיקטיבקר, בירת הריפובליקה, ויכניסני לבית־חולים שם. הנהג סירב, כי פחד פן אמות בדרך ויטילו עליו את האשמה. אז התערבה אשתי ואמרה להם, שהיא לוקחת על עצמה את מלוא האחריות, והנהג נאות להסיע אותנו לסיקטיבקר זו. הגענו אל בית־החולים ונתקבלתי. הרופאה שטיפלה בי היתה גם כן גולה, שהוגלתה לקומי על עבירה שלא ידעה מהי. היא היתה רופאה מפורסמת שלמדה רפואה עוד בימי הצאר. מתוך השיחות הרבות ששוחחנו בינינו נודע לי, שרופאה זו היא אמו של אותו הסטודנט גריגר. כשהחלמתי, חזרתי למחנה ובידי מכתב למפקד המחנה, שיאפשר לי להגיע אליהם לבדיקה מקץ שבועים ימים. המפקד כנראה רחם עלי וכשיצאתי ממצב של חולה חיפש לי עבודה קלה יותר ומינה אותי בריגדיר (ראש קבוצה) על אלה השורפים את הקוצים והענפים ביער. הדבר נמשך כחצי שנה ולאחר מזה הוציאוני לנקודה חדשה, למקום ששמו נמסק, ושוב לעבודה של חוטבי עצים ביערות.

**22 יוני 1941**

פשטה השמועה שהגרמנים ״בגדו״ בידידיהם הבולשביקים ופרצו, ללא הכרזת מלחמה, את הגבול שביניהם. המתיחות גברה ועלתה ועמה התקווה, שאולי יגיע גם זמן שחרורנו. אך לצערנו הרב, המצב אצלנו הלך ורע מיום ליום. נוסף לסבלותינו הרגילים הוסיפו לנו הרצאות ונאומים לאין ספור על נאמנות, פטריוטיות, על הצורך להדק את החגורה ; במלה אחת : לעבוד עוד יותר ולאכול פחות מהמינימום שהיינו אוכלים עד כה.

**יולי 1941**

הגיעו אלינו שמועות על הגנרל הפולני שיקורסקי, שהקים ממשלת־גולה בלונדון והוא הגיע למוסקבה לקשור קשרים דיפלומטיים עם ברית־המועצות. בין שאר הדברים שהגנרל־הגואל הזה השיג היה, שהובטח לו גם לשחרר את אזרחיה של פולין מהמחנות ולהרשות להם לנוע במרחביה של הארץ הענקית הזאת בחופשיות האפשרית. ובאמת, כעבור ימים ספורים בא אלינו מזכיר המפלגה, אסף את כל אזרחי פולין מן המחנה, הרצה בפנינו על המצב, פנה אלינו כאל אחים לצרה והפציר בנו... ללחום ביתר שאת על־ידי הגברת הייצור נגד האויב הנאצי. לאחר נאומו שיגרתי מברק אל שגריר פולין בברית־המועצות, פרופ׳ קוט, והודעתי לו על מצבנו. כעבור יומיים קיבלתי תשובה מאת השגרירות, בה הם הטילו עלי לשלוח אליהם דוח מפורט על מספר האנשים, הנשים והילדים הנמצאים כאן. ביודעי מה מחכה לי מפעולה זו, הסתלקתי בו ביום ביחד עם משפחתי לקורטקורוס, לפני בואם של אנשי האֶן־קא־וו־דה לבקרני.

מייד לאחר בריחתנו שלחה האֶן־קא־וו־דה הודאה לכל נקודות היישוב שבסביבה, לא לתת לנו מקלט, וכתוצאה ממנה לא העיז איש לאפשר לנו לדרוך על סף ביתו, פרט לאשה אחת, והיא בת עיירתנו, מרת **פייגה־בלימה פלדמן** ז״ל, בתו של ר׳ **שלום רייצ׳יק**, שהעזה ואיפשרה לנו ללון בביתה, ובזאת הצילה אותנו מסכנת הקור העז ומשאר הפורעניות שעלולות היו לבוא על ראשינו בלילה ההוא. לא נשכח לה את זאת לעולמים. בקורטקורוס הצלחתי, לאחר חיפושים רבים, להשיג עבודה כ״עוזר״ לטרקטוריסט...

באחד מימי א׳ ניגש אלי אחד מאנשי המחנה וסיפר לי, כי לקורטקורוס הגיעו קונסול וגנרל פולנים העורכים כעין אינספקציה במחנות בהם נמצאים אזרחי פולין, וקונסול זה שאל בין השאר על משפחת מלינק — משפחתי. מייד רצתי לחפשו, אך לא מצאתיו כל־כך

מהר. וכשזכיתי לפוגשו סוף־סוף, התברר שזהו הסטודנט גריגר איתו נפגשתי במחננו הראשון. שמחת הפגישה נחרתה היטב בזכרוני והרבה טעמים לדבר. הקונסול גריגר הציגני בפני הגנרל כפטריוט פולני מסור והציע לו לגנרל בו במקום למנות אותי קצין־סעד בסביבה זו בעל דרכון שירות בקונסוליה. וכך הויה.

פעולתי הראשונה היתה לפתוח בקורטקורוס בית־יתומים, בית־זקנים ומסעדה לאזרחינו. השלטונות הסובייטיים הושיטו לנו עזרתם והשגרירות הפולנית בברית־המועצות מימנה את כל אלה. כן דאגה השגרירות לספק לנו כספים, מזון והלבשה, שהיו מגיעים לנמל בקורטקורוס ואני ועוזרי היינו מחלקים לכל דצריך.

העסק הזה התנהל על מי־מנוחות למעלה משנה. ובאחד הימים קיבלתי מהשגרירות הפולנית אשר בקויבישב מברק ובו מלים אלה: "לקחת מה שנותנים, ולאשר את קבלת הכסף." לא הבנתי את פשר הדבר. בינתים קיבלתי הוראה טלפונית מאת האֶן־קא־וו־דה שעלי מייד להתייצב בלשכתם. נפרדתי ממשפחתי ברעד ובאימה והלכתי אליהם. ושם, בלשכתם, הוברר לי פשר המברק. קומיסר האֶן־קא־וו־דה הודיעני ברורות: "מהיום והלאה אינך יותר אזרח פולני. אין ממשלה פולנית. זו הקיימת בלונדון היא פשיסטית וניתקנו את הקשרים עמה. עליך לקבל אזרחות סובייטית ולחיות כאן חיים נורמליים." נזכרתי במה שכתוב במברק ולאחר שעצרוני ליום שלם — כנראה מתוך החשש, שבאם הדבר יתגלה באופן פתאומי בין אזרחי פולין, יתחיל בולמוס של בריחה — הבטחתי להם להיות הראשון שיקבל אזרחות סובייטית. בערב שוחררתי, נשלחתי הביתה בלוויית אחד משלהם — ודאי לשמור את צעדי ואת פי. וכשאשתי באה לקראתי, אמרתי לה בנוכחות המלווה, שעלינו לקחת מה שנותנים — אזרחות סובייטית.

כל עובדי הקונסוליה עזבו את המקום, הסתלקו חיש מהר, ורק אני ורעייתי, המטופלים בילדים קטנים, נאלצנו להישאר במקום. נשארתי ללא עבודה. אבל חיפשתי ומצאתי משרה חדשה: מנהל פנקסים במחסן מרכזי למזון.

בין הפולנים רווחו שמועות, שעם גמר המלחמה ישחררו הרוסים רק את הפולנים הנוצרים, ואילו את היהודים יחזיקו במקום כאזרחים סובייטיים. כשקיבלנו למלא טופס ומצאתי בו סעיפים על הלאום ועל הדת, כתבתי: לאום — פולני, דת — בזבוז'ני (לא דתי!) והיה זה צחוק הגורל: פסח בן משה, והוא פולני!..

כעבור זמן לא רב, קמה לתחיה התארגנות חדשה של אזרחי פולין. הפעם — תחת השפעתה וחסותה של הסופרת הנודעת וַנדה וַשילבסקה, כבא־כוחה של הממשלה הפולנית הסוציאליסטית, המתחרה בממשלת שיקורסקי. הממשלה הסובייטית תמכה בה תמיכה מלאה והתחילה להוציא מרפובליקת קוֹמי את כל האזרחים הפולניים, ללא יוצא מהכלל. וכך הגעתי גם אני, ביחד עם בני ביתי, אל סביבת ווֹרונייז'. שם המקום היה ארטיל, ושם נודע לי, שחברה העוסקת בעסקי נפט מחפשת פקיד מינהלי. התייצבתי בפני מנכ"ל החברה והצעתי לו את שרותי. לשאלתו אם אני מהמקצוע — השיבותי **כן** מוחלט. (וכי מי לא ידע בפולין מה זה נפט ?..) למזלי הצלחתי במשרתי החדשה מעל למשוער, ושוב היה לאל ידי לעזור ליהודים נזקקים. לשמחתי הרבה נמצאים רבים מהם בארצנו וזוכרים את הפעולה ואת מה שעבר עלינו שם. הקימונו סניף של איגוד הפטריוטים הפולנים Z. P. P. וכעבור זמן מה הודיעו לי ממשרד קצין־המחוז (ראיאיספולקוֹם), כי נתמניתי להיות יושב־ראש אזורי של הארגון הנ"ל. התחלנו לקבל הקצבות לפעולותינו וכן תמיכה לנזקקים שבין "הפטריו־טים" הפולניים באזורי.

התקרב יום הכנס הראשון של "הפטריוטים" באזור וורונייז' ונדרשתי למסור דוח על פעולותי. בכנס זה השתתף גם נציג ממוסקבה (כמובן, מאחינו בני ישראל) ולאחר שמסרתי את הדוח שאלני: איך אני מתאר לי את התחדשות חיי היהודים בפולין העממית שתקום? ואני, לתומי, עניתי לו, שלפי הידיעות שהגיעוני על כל מה שעבר עלינו שם ועל "חיבתם" הגדולה של הנוצרים לאחיהם היהודים, אין בלבי מקום לתקווה שנוכל שם לחדש את חיינו. דעתי היא, שמקומם של היהודים הוא פלשתינה. השליח התרתח ובו במקום הודיעני, שאני מפוטר מלהיות יו"ר האיגוד. נדהמתי ונחרדתי, חזרתי הביתה מלא דאגות ופחדים, אך לא גיליתי לאיש על כל זה. וכעבור חודש ימים באה משלחת מוורונייז' והשיבה אותי על כני.

**פברואר 1946**

קבלתי הוראה להכין, כיו"ר ה־.Z. P. P, את אזרחי פולין שבמחוזי לרפטריאציה (חזרה למולדתם). ובהתאם לכך ארגננו בעזרת השלטונות הסובייטיים את הנסיעה. קיבלנו צידה לדרך, יצאנו במאורגן ובמשך כל ימי נסיעתנו דאגו לנו למזון עד שהגענו לגבול פולין.

בצד הפולני של הגבול חיכו לנו אנשים מטעם הועדה הפולנית לרפטריאציה .P. U. R, שקיבלו את פנינו בברכות רשמיות, מסרו לידי כספים כדי לחלק לנצרכים ולנזקקים והורו לנו לאן לנסוע. אך מולנו התייצבו המונים פולנים נרגזים וצעקו: "מי צריך אתכם פה? למה חזרתם הנה? הרוסים גוזלים את הנפט שלנו וכתמורה הם שולחים אלינו יהודים!"

וכך הגענו לשלזיה התחתית, מקום בו ריכזו את יהודי פולין שחזרו מרוסיה ואת אלה שנשארו לפליטה ממחנות ההשמדה.

אשר לי, כשנודע לועד המרכזי של "המזרחי" על שובי מטלטולי, נקראתי לקבל עלי תפקיד של חבר המזכירות בשלזיה התחתית, שמקום מושבה היה בעיר רייכבך. קיבלתי עלי את המשימה הזאת והחילותי לארגן את הקהילות היהודיות בפלך זה וכמו־כן לארגן ולעזור בהכנת אחינו לעליה לארץ־ישראל.

לא חלפו שלושה חדשים וקיבלתי הוראה לשלוח 50 "חבילות" (חמישים איש) לשצ'צ'ין ומשם יעברו לגרמניה. עז היה חפצי להיות בין החמישים. אך המרכז הסכים לכלול ביניהם רק את אשתי והילדים, ואותי — לא. כי לא רצו לוותר על פעולתי.

לאחר הפוגרום בקיילצה לחצתי על מרכז "המזרחי", התחננתי ודרשתי לאפשר גם לי לעלות, וסוף־סוף זכיתי לעזוב את פולין ביחד עם 150 ילד, שכולם היו לבושים בלבוש אחיד, ועם הדגל הכחול־לבן בראש. עברנו בשעות הבוקר את הגבול הצ'כי, ודרך וינה הגענו למינכן. שם נודע לי מקום המצאותה של הקבוצה הראשונה, שבתוכה גם אשתי וילדי, ושוב התאחדנו.

ממינכן נשלחתי על־ידי האחראים ללינדנפלס שליד פרנקפורט על המיין לנהל שם את המוסד על־שם הרב ניסנבוים ז"ל. באמצע שנת 1947 קיבלנו הוראה להתכונן לנסוע למרסייל, ומשם — לארצנו. הגענו, ירדנו אל האוניה "יציאת אירופה" (אקזודוס), וסופה של נסיעה זו כהתחלתה הרי ידועים וכתובים על ספר דברי ימי העליה של שארית הפליטה לארץ־ישראל.

ב־25 בפברואר 1948 ירדנו שנית לאוניה, וב־3 במרס זכינו שרגלינו העייפות דרכו על אדמת הקודש, אליה שאפנו וערגנו.

# דער קאמף פאַרן לעבן

## פאַרן אויסברוך פון קריג



אויף די ברעגעס פון טייך נארעוו ליגט דאָס שטעטל רוזשאַן, איינגעהילט אין בערג. די גרינע פעלדער און וועלדער, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען די קאַשארן ווי אויך די אָפיצערן־שולע, האָבן זייער בעקאַנט געמאכט דאָס שטעטל. אַ פּאָר צענדליק דערפער האָבן ארומגערינגלט רוזשאַן, מיט וועלכער זיי זענען געווען ענג פארבונדן מיט פאַר־קויפן זייערע פּראָדוקטן און איינקויפן פארשידענע סחורות. יאָרן לאַנג האָבן יידן געלעבט אין שטעטל, איינער רייכער, איינער אָרעמער. די לעצטע יאָרן איז געוואָרן שווערער צוליב די אנטיסעמיטישע שטימונג, און יעדער איינער האָט געטראַכט, וואָס וועט זיין ווייטער.

מיינע עלטערן האָבן שטאַרק געחלומט און גע־האָפט, אז דער טאָג וועט קומען און מיר וועלן קענען עולה זיין קיין ארץ־ישראל, ווו ס'געפינט זיך זייער זון, און מיין ברודער, נאָסקע. מיין פאָטער פלעגט שטענדיק לייענען דעם טאָג־צייטונג ״דער היינט״ און האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט פּאָליטיק. ער איז געווען אַן אָפטער אריינגייער ביים גלח, ווייל דער גלח האָט זיך געניייט ביי אים.

די אנטיסעמיטישע לאַגע האָט זיך פארערגערט פון טאָג צו טאָג. די אָרטיקע אנטיסעמיטן האָבן מיט קנאה געקוקט אויף דעם אויפשטייג פון דער יידישער איניציאַטיוו, סיי אין דער ווירטשאַפט און סיי אין האנדל. אין דעם לעצטן יאָר, 1939, האָט אויף מיין פאָטער שטאַרק געווירקט די פּאָליטיק פון דייטשלאַנד אין פּוילן. ער איז געווען זיכער, אז עפּעס גאָר שלעכטס דאַרף פאָרקומען... אלע אָוונט האָבן זיך יידן צוזאַמענגעזאַמלט נעבן שול און דיסקוטירט וועגן דער לאַגע. מיין פאָטער האָט מורא געהאַט, אז אויב עס וועט עפּעס פאָרקומען, וועט רוזשאַן זיין דאָס ערשטע כפרה־הינדל. אויך אין יאָר 1914 האָט גליך געליטן די שטאָט רוזשאַן, איז וואָר ווייסט וואָס יעצט קען דאָ פאָרקומען ?

## יאָרן פון שרעק און ליידן

מיט איין מאָל, אזוי ווי א דונער, הערט מען, אז דייטשלאנד איז ארויס אין קריג. מ'הערט וועגן באָמבאַדירן שטעט. עס קומען פאַר מאָביליזאציעס. מיין שוואָגער חיים קליינמאַן איז באלד מאָביליזירט געוואָרן. מיין פאָטער איז אוועק צום גלח פרעגן אַן עצה, איז זיין ענטפער געווען:

״יעקב, פאָר וווהין דו קענסט ! אבי זיך ראטעווען !״ ער האָט אים געדריקט די האנט און געזאָגט: ״גאָט זאָל זיין דיין פירער אין דיין שווערן וועג !״

אין די גאסן איז פינצטער. יידן ווייסן נישט וואָס צו טון. דער מארש פון די דייטשן גייט פאָרויס. פרייטיק. די שעה׳ען ווערן שווערע. מיין מוטער בענטשט די ליכט. מיין פאָטער באוויזט נאָך צו מאכן קידוש, זאָגנדיק אז מיר פארלאָזן שנעל די היים... באלד האָבן מיר ביי א בעקאנטן גוי געדונגען זיין פערד און וואָגן. די מוטער האָט אָנגעפאנגען פאַקן זאכן. איך בין שנעל געלאָפן צו דער באַבען, זי זאָל זיין גרייט, מ׳וועט איר קומען נעמען. אלע שכנים זענען געשטאַנען און געקוקט מיט וווּנדער, ווי מיר קלייבן זיך אוועק־צופאָרן. מיין פאָטער האָט זיי אלע געזאָגט: ״ווער קען וויסן, וואָס מאָרגן וועט זיין? אפשר צו שפּעט!״ אזוי זענען מיר אריבערגעפאָרן קיין גאָווארָאווא. און אויף צו מאָרגנס שבת, גייענדיק אין שול, האָט מען שוין געזען א סך יידן פון רוזשאן.

באלד האָבן מיר פארשטאנען, אז דאָ בלייבן איז אויך נישט קיין פּלאַן. זענען מיר גלייך אוועק קיין אָסטראָווא. אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט און די דייטשן זענען אָנגעקומען. און באלד האָבן זיי אָנגעפאנגען מיט זייערע ווילדע און שרעקלעכע מעשים: אפּגעשלאָסן גאסן, געשלאָגן, פארשיקט אויף שווערער ארבעט. די מורא איז געווען גרויס בייטאָג און ביינאַכט. א דייטש, וועלכן מיין פאָטער האָט צורעכט געמאַכט אַן אַנצוג, האָט אים געראטן, מיר זאָלן פון דאנען אמשנעלסטן אוועק, ווייל מ׳וועט אונדז אלע פון דאנען ארויסיאָגן. זענען מיר גלייך אוועק מיט א שכן קיין ביאַליסטאָק.

ביאַליסטאָק די גרויסע שטאָט איז שווארץ פון מענטשן. מענטשן אין געשפּאַן. א מאמע זוכט א קינד, קינדער זוכן עלטערן. מיין שוועסטער רבקה האָט שטארק געליטן, וואָס קיין ידיעה פון איר מאן האָט זי נאָך נישט באקומען.

מיר האָבן באלד באקומען ארבעט אין א רעסטאָראַן. פיל מענטשן פון פארשידענע שטעט פלעגן קומען עסן. דאָ האָבן מיר זיך בעקאַנט מיט א געוויסן סוחר פון סטולפּצע. דער מענטש איז געוואָרן מיט אונדז זייער בעפריינדעט און ער האָט אונדז פאָרגעשלאָגן, מיר זאָלן פאָרן צו אים קיין סטולפּצע. מיר האָבן דעם פאָרשלאָג אָנגענומען, בכדי זיך קענען וואָס שנעלער באזעצן אויף איין פּלאַץ. סטולפּצע, וועלכע געפינט זיך נאָענט פון רוסישן גרענעץ, איז געווען פול מיט יידן.

גלייך האָבן מיר געדונגען א דירה און זיך איינגעאָרדנט. מיין פאָטער האָט אָבער געוואָלט האָבן דאָ כאָטש איין משפחה פון רוזשאן, זענען מיר איין טאָג געפאָרן קיין ביאַליסטאָק און געפונען די משפחה **פריימאן אברהם**, זיי מיטגענומען מיט אונדז און זיי געפונען א דירה. אין דער זעלבער צייט איז אָנגעקומען מיין שוואָגער חיים קליינמאן, א באפרייטער פון מיליטער.

אין סטולפּצע זענען אָנגעקומען פיל רוסן. מ׳האָט אָנגעפאנגען עפענען ווארשטאטן און מיר אלע האָבן געקראָגן ארבעט. מיין פאָטער איז געווען דער עלטסטער ייד אין ווארשטאט. דער רוסישער רעזשים האָט געזאָגט: מען מוז ארבעטן שבת! מיין פאָטער האָט שטארק געליטן פון דעם געזעץ. פלעגט ער שבת אויפשטיין זייער פרי, זיך שטעלן דאווענען און דערנאָך גיין צו דער ארבעט. מיט דער צייט האָט זיך מיין פאָטער אויסגעצייכנט מיט זיין גוטער ארבעט און זיין איבערגעבנקייט. האָט נישט לאַנג געדויערט און ער האָט געקראָגן די גליקליכע בשורה, אונטערגעשריבן פון העכסטן אינסטאנץ אין סטולפּצע, אז ״יעקב־פסח וויגאָדע איז בעפרייט פון ארבעטן שבת״. שווער צו בעשרייבן די פרייד פון מיין פאָטער. און נישט נאָר דאָס. דעם 1טן מאי אויף דער דעפּיליאַדע האָבן זיי אים מכבד געווען צו טראָגן די רויטע פאָן.

אָבער דאָס אלץ האָט אים נישט בעפרידיקט. מיין פאָטער איז ארומגעגאנגען פארביטערט, דער שמייכל איז פערשוואונדן פון זיינע ליפּן. ער האָט שטענדיק געטראכט פון זיינע קינדער, מיט וועלכע ער איז שטענדיק שטאָלץ געווען: ווער ווייסט וואָס מיט חנטשען אין פראנק־רייך איז געשען? ווו זענען די איבעריקע פון דער משפחה? מיר האָבן אים געטרייסט, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן.

איין טאָג איז ארויס א פאראָרדנונג: אלע מענטשן מוזן נעמען רוסישע פּאַספּאָרטן! מיין פאָטער האָט אָנגעפאנגען צו קלערן, אז דאָ איז ביטער, און האָט דעצידירט צו נעמען פּאַספּאָרטן. די וועלכע האָבן נישט בעשטאַנען, האָט מען זיי פערשיקט אויף סיביר. באלד האָבן זיך אָנגעפאנגען פרישע שמועות, וועגן א נייער מלחמה — צווישן דייטשלאנד און רוסלאַנד. דאָ האָט מיין פאָטער געזאָגט, אז ס'איז נישטאָ ווו צו לויפן און מיר זענען פערלאָרענע... אין דעם זעלבן אָוונט שרייבט מיין פאָטער דעם לעצטן בריוו צו זיין זון נתן'ען אין ארץ־ישראל: "די הימלען זענען שטארק פערוואָלקנט. ווער ווייס צי עס וועט נישט פאלן קיין גרויסער רעגן און מיין האָפנונג זאָל נישט ווערן צושטערט, אין קענען זיין אין דעם זוניקן לאנד ווו דו געפינסט זיך."

אויף צו מאָרגנס איז דייטשלאנד איבערגעפאלן רוסלאנד. מ'דערוויסט זיך, אז בּאראנאָ־וויטש איז געוואָרן באָמבאַרדירט. ביי אונדז האָבן זיך בעוויזן עראָפּלאַנען. איך האָב נאָך באוויזן כאפּן דעם מאנטל און ארויס פון ווארשטאַט. שווארץ דער הימל, פינסטער דער וועג — וווּהין לויפן? איך בין אוועק מיט מיינער א בעקאנטער, מיט הינדע קלוטש. מיר זענען געגאנגען מיטן שטראָם מענטשן ביז די נאכט איז צוגעפאלן. מיר זענען אריין אין וואלד, וואָס איז געווען פול מיט מענטשן. קינדער וויינען, שרייען, מיר ווילן זיך צוריק־קערן — נישטאָ קיין רייד, די וועגן זענען פארמאכט.

האָבן מיר גענומען וואנדערן. די טעג זענען געווען שווערע, מידע, פון אזוי פיל גיין צו פוס. די נעכט זענען געווען ערגערע, נישט האָבנדיק ווו אוועקצולייגן דעם קאָפּ. איך בין געווען אָן געלט, אָן א פּאַספּאָרט, אָן א שפּראך און קיינע מלבושים. זעלטן האָבן זיך געפונען מענטשן, וועלכע האָבן אויף מיר רחמנות געהאָט און מיר אריינגעלאָזט אין שטוב איבערצושלאָפן א נאַכט. די איינוואוינערס האָבן דאָס נישט געטון אויס מורא פאר שפּיאָנאזש. אזוי איז אדורך דער וועג, ביז איך בין אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָט מאָגיליאָוו.

דאָ האָבן מיר ווייטער געזעען מענטשן פון אלע עקן. ווי אויך געטראָפן דעם בעקאנטן ייד פון סטולפצע, גאָדל מנאקער מיט זיין שוואנגערער פרוי רחל און נאָך עטליכע איינוואוינערס פון סטולפצע. מיר האָבן זיך געהאלטן ווי איין משפחה. באלד האָבן מיר בעשלאָסן צו פארלאָזן די שטאָט און פאָרן ווייטער, קיין קורסק. דאָרט זענען מיר אריין אין א קאָלחאָז, בכדי זיך אָפּרוען פון שווערן וועג. מיר האָבן אָנגעפאנגען ארבעטן אין פעלד ביים אראָפּנע־מען די תבואה. לאנג האָט דאָס נישט געדויערט און מען האָט אָנגעפאַנגען מאָביליזירן פרישע מענטשן. די שטימונג איז געוואָרן א שווערע. עס האָט זיך געפילט, אז דער פראָנט איז נישט ווייט פון דאנען. האָבן מיר פערשטאנען, אז דאָ איז מעהר קיין פלאץ פאר אונדז.

איין טאָג גאנץ פרי זענען מיר אוועק צו דער באַן־סטאַציע. דאָ האָבן מיר באמערקט א לאנגן צוג מיט אָפענע וואגאָנען, אָנגעפילט מיט קוילן און גרייט אוועקצופאָרן. מיר זענען גלייך ארויף אויף א וואגאָן, נישט פרעגנדיק וווּהין ער פאָרט. אבי זיך דערווייטערן שנעל פון דעם פראָנט! די בעדינגונגען זענען געווען שרעקלעכע. די אומריינקייט האָט פון אונדז א תל געמאכט. שווער זענען געווען די קאלטע ווינדיקע נעכט, זיצנדיק אויף די קוילן.

אזוי האָבן מיר זיך געשלעפּט, ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין מאָסקווע. דאָ איז אונדז געלונגען זיך צו דערוויסן, אַז דער צוג גייט קיין טאַשקענט. זענען מיר אוועק קיין טאַשקענט.

אָנקומענדיק אין דער שטאָט האָבן זיך אָנגעפאַנגען פרישע פּראָבלעמען. מיר האָבן נישט געהאַט קיין פּאַספּאָרטן, און מ׳האָט נישט געוואָלט אונדז צושרייבן אין שטאָט. האָבן מיר באַלד זיך פאַרשריבן צו פאָרן אין קאָלכאָז "מאַלאַטאָוו", וועלכער געפינט זיך 30 קילאָמעטער פון טאַשקענט. מיר זענען געווען פון די ערשטע אָנגעקומענע. עס איז געווען צוגעגרייט אַ באַראַק און אינערוויייניק נאַרעס אויסגעבעט מיט שטרוי. אין דעם קאָלכאָז האָבן געלעבט נאָר קאַזאַכן, מוסלמענער.

איך האָב באַלד אָנגעפאַנגען אַרבעטן, פון גאָר פרי ביז די זון איז פאַרגאַנגען, ביים אָראַפּענעמען די וואַטע (בוימוואָל) פון די פעלדער. פאַר דעם האָב איך בעקומען זיבן־און־האַלב קילאָ ווייץ אַ מאָנאַט. די פרויען ביי דער אַרבעט האָבן זיך באַצויגן זייער פיין מיט מיר. זיי האָבן רחמנות געהאַט אויף מיר, זיך געטיילט מיט זייער שטיקל ברויט און אויך געגעבן טרינקען טיי פון זייער סאַמאָוואַר. איך האָב געאַרבעט זייער שנעל, בעוויזן אָראָפּרייסן 50 קילאָ בוימוואָל אַ טאָג. אַ דאַנק מיין שנעלער אַרבעט האָב איך בעקומען דעם 1טן מאַי אַלס אויסצייכנונג צען מעטער שטאָף.

מיינע נערוון זענען געווען אָנגעשטרענגט. נישט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן האָב איך אָנגעפאַנגען לערנען די שפּראַך. איך האָב מיך געטרייסט זאָגנדיק: עס איז שווער, אָבער איך מוז קעמפן פאָרן לעבן! איך מוז אַלע שוועריקייטן דורכבערעכן און גיין פאָרויס, און עפּעס דערלעבן!

אין אַ שיינעם טאָג האָב איך געהאַט מזל זיך באַקענען מיט אַ יידישער פרוי, **לובלינסקאַ**, פון קיעוו. זי האָט פאַרשטאַנען און מיטגעפילט מיין עלנדקייט און האָט מיר פאַרגעלייגט אַרבעטן ביים צונויפנעמען פון די קאָלכאָזניקעס דעם שטייער־אָפּצאָל: פּוטער, אייער, וואָל און פעל. די אַרבעט איז געווען אַ פּאַסיקע און כ׳האָב דערגרייכט מיין פאַרלאַנג: קויפן דעם ערשטן האַנטוך מיט אַ שטיקל זייף! באַלד אויך געטראַכט צו קענען העלפן די אָרעמע קינדער מיט פּוטער און אייער. די פרוי לובלינסקאַ, וועלכע איז געווען די פאַראַנטוואָרטליכע אין קאָאָפּעראַטיוו אַלס אונטערנעמערן, האָט געזען מיין כוח און ווילן צו אַרבעטן. זי האָט אַלץ געטון איך זאָל ווערן אַ פאַרקויפערין אין דעם קאָאָפּעראַטיוו, און ווען זי האָט דאָס דורכגעפירט, בין איך געווען שטאָלץ און גליקליך. איך האָב בעקומען אַ גוטע דירה, ווי אויך אַ גאָרטן מיט וועלכן עס האָט זיך פאַרנומען אַן עלטערער קאַזאַך. כ׳האָב אָנגעפאַנגען פירן אַ מענטשליכן לעבן. נאָר כ׳האָב געליטן נישט האָבנדיק דאָ וועמען פון מיין משפּחה אָדער בעקאַנטע, אויך בכדי איך זאָל קענען זיי העלפן. האָב איך געטון די טובות פשוט פרעמדע אָרעמע מענטשן. די גרעסטע מצוה האָב איך פאַרדינט אין דעם יידישן אינזשיניער **טישענקליער** מיט זיין פרוי, ווי אויך זיין סעקרעטאַרקע **ליאָרקאַ**, אַלע פון דראָהאָביטש. איך האָב געטון אַלץ ער זאָל בעקומען אַרבעט אין קאָאָפּעראַטיוו אַלס פאַרמאַן. ליאָרקאַ האָב איך גענומען צו מיר אין שטוב, אָפּגערייניקט איר פון אומריינקייט און געטון אַלץ עס זאָל איר גאָרנישט פעלן. שפּעטער האָב איך זי איינגעאָרדנט אין אַ ווייגאָרטן ביי פליקן ווייטנטרויבן.

זיצנדיק אין מאַגאַזין האָב איך זייער אָפט געטראַכט וועגן מיינע צוויי ברידער, גלייכצייטיק אָפט געשריבן צו זיי. נאָך אַ לאַנגן וואַרטן האָב איך באַקומען אַן ענטפער פון מיין

עלטסטן ברודער חילקע, וועלכער לעבט אין אמעריקע. ער איז געווען גליקליך זיך צו דערוויסן, אז איך לעב. ער האָט מיך געטרייסט, אז ער וועט זיין מיין פּאַרזאָרגער. איך האָב אָנגעפאַנגען גלויבן, אז כ׳בין מער נישט איינזאַם — אָט דאָרט ווייט וואַרט מען אויף מיר... די בענקשאַפט איז געווען גרויס, אָבער מען האָט געמוזט לעבן מיט האָפנונג: די מלחמה וועט זיך דאָך ענדיקן און מיר וועלן קענען זיך צוריקקערן צו די עלטערן. נאָר דערווייל זענען דערגאַנגען שלעכטע ידיעות פון די יידן, וועלכע זענען געבליבן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע.

## אויפן וועג צו באַפרייאונג

ענדליך איז געקומען דער אויסגעבענקטער טאָג. די רוסישע ארמיי האָט צעשמעטערט די דייטשע כוחות. עס האָט זיך געשאַפן א פּוילישער קאָמיטעט און מען האָט אָנגעפאַנגען דורכפירן א רעגיסטראַציע פון די אלע יידן, וועלכע זענען אנטלאָפן פון פּוילן. אזוי ווי מען האָט מיר ניט געגלויבט, אז איך בין פון פּוילן, האָב איך געמוזט שאַפן עדות. עס איז מיר געלונגען זיך פאַרשרייבן אין פּוילישן קאָמיטעט. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און דער קריג האָט זיך געענדיקט. מען האָט אָרגאַניזירט טראַנספּאָרטן צו פאָרן צוריק קיין פּוילן. איך האָב געהאַט דעם גליק צו פאָרן אין דעם זעלבן וואַגאָן מיט דעם בעקאַנטן גאָדל מנאַקער און פרוי און אויך מיט ליאָרקאָ׳ן.

אין א שיינעם פרימאָרגן האָט זיך די באַן אָפּגעשטעלט, ווי געוויינליך, אָבער כ׳האָב דערהערט א געשריי: ״געפינט זיך דאָ עמיצער פון די וויגאָדעס?״ נישט צו בעשרייבן מיין פרייד, ווען איך האָב דערזעען מיין מומע פייגל וויגאָדע אין וואַגאָן...

און מיר זענען ווייטער געפאָרן. יעדער איינער איז געזעסן איינגעהילט אין די ליידן און זאָרגן וועגן גורל פון די פערבליבענע אין די לאַגערן און די געטאָס. אין איין פרימאָרגן, אונטער א פאַרכמורעטן הימל, האָט דער צוג אָנגעפאַנגען פאָרן פּאַמעלעכער. פון דער־ווייטנס זעען זיך הייזער. דער צוג שטעלט זיך אָפּ. מיר קוקן: וווּ זענען מיר דאָ? ביז איך דערזע א גרויסן שילד, אויף וועלכן עס איז אָנגעשריבן: אושוויץ.

עס קומט א באַפעל, אראָפּגיין פון צוג, און מען בעקומט אן ערלויבעניש צו בעזוכן דעם לאַגער. דער פחד איז געווען גרויס. יעדער איינער איז געגאַנגען מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. פון דער ווייטנס זעען מיר א באַרג מיט פערשידענע שיך; א באַרג מיט שפּילצייג, אמערסטן ליאַלקעס; און א באַרג מיט כלים און געשיר. מיר גייען אריין אין א גרויסן הויכן צימער, אין וועלכן עס זענען געבליבן היינגען טליתים און תפילין. אויף די ווענט און טירן זענען אויפגעשריבן נעמען און פאַמיליען־נעמען. עס האָט מיר גענומען שווינדלעז פאַר מיינע אויגן. ווייטער האָבן מיר געזעען די גאַז־אויוונס. די שעה איז אונדז געווען לאַנג ווי א יאָר!

מיט צעבראָכענע הערצער האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין צוג. יעדער איינער איז אריין אין זיין ווינקל, מיט זיינע ליידן און טראַכטן: ווער ווייסט ווו זענען מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער? דער צוג איז ווידער אריין אין פולן גאַנג. מיר זענען אָנגעקומען קיין שטשעטשין. די גרויסע צעקלאַפּטע שטאָט איז איבערגעפילט מיט יידן. יעדער איינער איז פערנומען מיט זוכן זיין משפחה.

איך האָב געוואָלט פאָרן קיין סטולפּצע, בכדי זיך צו דערוויסן וועגן גורל פון מיינע עלטערן. אָבער די צייט איז געוואָרן שטאַרק אונרואיק. מען איז אָנגעפאַלן אויף יידן איז

די באַנען. ס׳איז געווען אַ מורא אַרויסגיין ביינאַכט אין גאַס. דערוויל האָט מען גענומען אָרגאַניזירן קיבוצים צו קענען אַרויספאָרן פון פוילן. צו מיר האָט זיך געווענדעט **יעקב רושיניאַק** און פאָרגעלייגט הילף צו עמיגרירן. נישט לאַנג האָט געדויערט און מיין קוזינע אויך אָנגעקומען קיין שטשעטשין. זיי האָבן שטאַרק געוואָלט איך זאָל זיין מיט זיי. די ״מזרחי״ אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעשיקט אַברהם סעראַק קיין וואַלבזשיך, ער זאָל אַרבעטן ביים אַריבערשיקן יידן קיין ארץ־ישראל.

איין טאָג האָב איך באַגעגנט אַ פרוי פון סטולפּצע, וועלכע איז געווען מיט מיין שוועסטער רבקה. די פרוי האָט מיר איבערגעגעבן וועגן ברוטאַלן אומקום פון מיין שוועסטער און איר זון מאָטעלע. ווי אויך האָט זי מיר דערציילט, אַז מיינע עלטערן זענען אויף אַ טראַגישן אופן אומגעקומען אין סטולפּצע. דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט פון **רבקה ווילגאָוויטש**, אַז **נפתלי, חנטשע** און זייער טאָכטער זענען געבליבן לעבן און געפינען זיך אין פּאַריז. איך האָב גלייך געשריבן צו זיי און בעקומען אַן ענטפער, איך זאָל שנעל קומען צו זיי.

כ׳האָב גלייך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פוילן און בין אַוועק קיין וועכשייד, עסטרייך. דאָרט האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אָן אַ גרופּע צו פאָרן קיין פראַנקרייך. אַ דאַנק **רחל סענדעראָוויטש** איז מיר געלונגען זיך אָנשליסן אָן דער גרופּע. דער ווייטיק איז געווען גרויס, ווען כ׳האָב געמוזט זיך שיידן מיט משפחה סעראַק, וועלכע זענען פאַר מיר געווען אַזוי איבערגעגעבן און טייער. אָבער איך האָב געמוזט זוכן פאַר זיך דעם באַקוועמסטן פּלאַץ. איך האָב געפילט אַזוי ווי מיין מוטער וואָלט מיך גערופן צו זיך...

דעם 5טן נאָוועמבער 1947 בין איך אָנגעקומען קיין פראַנקרייך. מיין שוועסטער חנטשע האָט מיך שטאַרק וואַרעם אויפגענומען. און די גאַנצע צייט וואָס כ׳בין געווען אין פראַנקרייך איז זי געווען זייער איבערגעגעבן צו מיר. איך האָב דאָרט געהייראַט, געבויט אַ פאַמיליען־לעבן, געאַרבעט זייער שווער (נישט געווען קיין סכנות...). כ׳האָב געבוירן אַ טאָכטער און אַ זון, זיי ערצויגן אין יידישן גייסט, געשיקט זיי אין די ציוניסטישע באַוועגונג ״השומר־הצעיר״. איך בין אויך געווען צוגעבונדן צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. נאָך דער אַרבעט געפונען צייט צו זיין אַ מיטגליד אין דער פרויען־אָרגאַניזאַציע ״חביבה רייק״ און געווען טעטיק אין פערשידענע אונטערנעמונגען פאַר מדינת ישראל.

אין יאָר 1968, ווען עס זענען פאָרגעקומען די שטורמישע מאַניפעסטאַציעס אין די גאַסן פון פּאַריז, האָט מיין טאָכטער באַשלאָסן עולה צו זיין קיין ישראל און לעבן אין אַ קיבוץ.

12טער יאַנואַר 1972 איז געווען פאַר מיר דער גליקליכסטער טאָג אין מיין לעבן — מיר זענען עולה געווען אין אונדזער לאַנד! דאָ פיל איך זיך מעהר נישט פרעמד. אין פראַנקרייך האָב איך זיך געפילט ווי אַ ייד, דאָ פיל איך זיך ווי אַ מענטש. און מיר האָפן, אַז אונדזער לאַנד וועט זיין אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע פעלקער.

דער איינציקער געבעט אונדזערער איז: עס זאָל שוין קומען דער טאָג פון שלום פאַר אונדזער לאַנד ישראל! עם ישראל חי וקיים!

**אריה אלביק / רמת־גן**

# מטלטולי בשואה

ביום הראשון לשואה, באחד בספטמבר 1939, הייתי במאקוב, מקום בו גרתי אחרי נשואי. דירתי היתה בבית גוי אחד, בקומה השנייה, וזה אשר הציל אותי. אל הגוי הם לא נטפלו, ערכו אצלו חיפושים. הוא היה גם ידיד משפחת חמותי ועמד בידידותו זו זמן רב, גם כשזה סיכן את מצבו ואף את חייו. כך נשארתי במאקוב עד סוף חנוכה.

במשך תקופה קצרה פונתה מאקוב מיהודיה. פרט לאלה שהיו במצבי, הוצאו כולם לפולטוסק בשתים־שלוש אקציות (מצודים), ואיש מאיתנו לא ידע על גורלם.

כעבור זמן מה קשתה עלי המחתרת, בה חייתי, והייתי יורד אל הקומה התחתונה. בקומה זו קיים בעל דירתי מסעדה והייתי יושב במסעדה יחד עם הנאצים ויתר הגויים, שהיו באים שמה לסעוד. אינני יודע איך זה שלא קרה לי כלום, איך לא הלשינו עלי, איך לא שמו־לב אלי הנאצים הארורים. אני עצמי עשיתי מה שעשיתי מתוך תמימות. לא היתה זאת גבורה מצדי, אני פשוט רציתי לשמור על החנות שלי שליד פתח המסעדה, רציתי לראותה וכך אולי למנוע בוזזים לכשיגיעו. תמימות היתה בי. חשבתי כי בחנות תלוי עוד עתידי. מסתבר ששמרתי על שארית עמלי בסכנת נפשות, אלא שבאותם הימים לא ידעתי זאת.

בסוף חנוכה, בשבוע הראשון של דצמבר 1939, העיר מישהו את אוזנם של הגרמנים, כי בעיר נשארו עדיין יהודים. הם הוציאו אז פקודה, הדורשת מן היהודים להסגיר את עצמם, אחרת יירו; ומן הגויים דרשו, אם יימצא שהם מסתירים יהודים בפועל או מתעלמים ממציאותם, גם הם דינם יהיה מוות.

היינו ארבעה יהודים שקיימנו קשרים בינינו. משראינו כי השואה מתקרבת עדינו, נדברנו ויצאנו לדרך בכיוון לומז׳ה אל הרוסים.

לצערי לא יכלה אשתי להצטרף אלי. חמותי זקנה היתה ולא יכלה לצאת לדרך טלטולים קשה, ואשתי — בתה לא רצתה לעזוב אותה לבדה. יצאתי תוך תקווה, כי ידידנו ישמור עליהן וכי עוד נפגש.

הלכנו בלילה והסתתרנו ביום. אך במקום אחד סמוך לגבול תפסו אותנו הנאצים והחזירו אותנו לתחום שלטונם. למזלנו היה זה משמר־הגבול שלא רצה לחשוף את הגבול ולהשאירו ללא משמר, ונתן לנו ללכת לבד בלא ליווי. הלכנו כברת־דרך, ומשהחשיך שינינו את כיווננו, אל הגבול שוב. אך הגבול היה שמור עתה בקפדנות, ומשמרות צפופים קיימו ביניהם קשר רצוף כל שעות היום והלילה. שמונה ימים רבצנו במרחבי השדות השוממים שליד הגבול — אכולי קור, רטובים עד קפיאה, רעבים ועייפים מאוד. ביום התשיעי פגשנו גוי אחד, שהיה משוטט בסביבה ובודק שדותיו שעמדו שוממים. הצענו לו תשלום ״שמן״ תמורת זה שיעביר אותנו מעבר לגבול אל התחום הרוסי. עברנו את הגבול בשלום והגענו משם לביאליסטוק.

כאן נסיתי לחפש קשר אל משפחתי שבמאקוב. הייתי מקבל מכתבים מהם, סיפרו כי החיים במאקוב חזרו לקדמותם. שקט בעיירה וכדאי שאשוב; לא כדאי שאגיע לסיביר ועוד שידולים כאלה. רציתי מאוד לחזור למאקוב. עשיתי מאמצים שונים, אך הרוסים לא נתנו. הם חששו מריגול ומסירת מידע סודי לגרמנים. מדי פעם בפעם היו עורכים מצודים על אנשים

"חשודים" שאינם ביאליסטוקאים, כלומר על יהודים שאינם נתינים רוסיים. כאילו נולדו יהודי ביאליסטוק וגדלו במשטר הרוסי.

נשארתי שנה בביאליסטוק. מצאתי שם קרוב משפחה, בן־דוד, ויחד חיפשנו מקורות מחיה. ברור שפגמנו בסדרי המסחר הסובייטיים ונתפסנו. אחרי ימים ספורים נתפסנו ושוב שוחררנו. ברוסיה יש דרכים לריכוך לבבות שליטים ושומרי־חוק, וכך התקיימנו. לימים נמאסו החיים הללו. המצודים התכופים וההטרדות בלילות הביאונו להחלטה להסגיר עצמנו לרוסים ויעשו בנו מה שיעשה.

כמונו היו יהודים רבים. הם אספו אותנו אחד לאחד ושבועיים החזיקו אותנו בקמר־טרנספורט, עד אשר נאספו בני מיננו לאלפים: יהודים שבורים, שכל רצונם להתקיים בקרבת מקום למשפחתם עד בוא היום שיוכלו להתאחד ולבנות חייהם מחדש.

בתום השבועיים העמיסו אותנו על קרונות־משא: מאתיִם מאתיִם בכל קרון, שהיו בו חמישים מקומות אדם בקושי. שמונה ימים השתרכנו ברכבת, כשאנו דחוסים וכואבים, ללא אויר לנשימה, ללא אוכל ושתייה, ללא שינה ושינוי מצב תנוחת גופנו, כשכולנו עושים צרכינו לעיני כולנו במקום עמידתנו. מרובים היו אלה שמתו בקרונות בדרך, מרובים מספור. בכל תחנה פינינו גופותיהם ללא אפשרות ודאגה לקבורה.

הרכבת הביאה אותנו אל נמל של נהר גדול שאת שמו שכחתי. הועמסנו על אניית־משא רעועה ואחרי שנבדקנו בדיקה רפואית הופרדו הבריאים שבנו ונשלחו לקומי אֶס־אֶס־אֶר. במרחב הבלתי־נושב של יערות העד, מרחב שהקור בו ברוב ימות השנה 45 מעלות מתחת לאפס, את שם המקום הזה אני זוכר. היה זה אורטה, הידועה לקללה בפי רבים מנידחי היהודים משולחי סיביר. כאן נבדקנו מחדש והחזקים נשלחו למחנות יחד עם פורעי־חוק ופושעים רוסיים מסוכנים.

החיים עם הפושעים היו לעתים קשים ביותר. טוב ששמרתי על כספי המועט שעשיתי בביאליסטוק, ויכולתי לשחד את נאמני המפלגה הכול־יכולים ונתמניתי מפקח על צריף של 25 איש. זה מנע ממני הרבה צער וסבל, שנגרמו לרבים מאיתנו על־ידי הפושעים האיומים. ששה חודשים נהניתי ממעמדי זה והודיתי לאלוהים יום־יום על שהצילני משהייה במאורות הפשע והזוהמה של העבריינים הרוסיים.

כעבור זמן הופיעה שוב ועדה רפואית, שוב נבדקנו ואני נשלחתי יחד עם אחרים במצבי ובכושרי לצ'וּץ. שם נפתח הגיהנום עצמו בשבילי. נשלחתי לעבוד בִכריתת יערות בביצות הטובעניות. לעבודה הלכנו בשלג ובכל צעד לא נכון היה האדם טובע בביצה המצחינה עד לגועל ובחילה והגוף נאחז צמרמורת קשה.

העבודה בצ'וץ ויערותיה היתה קשה מאוד וללא מנוחה. היו ימים שלאחר גמר העבודה שכבנו לנוח, רק נרדמנו והנה באו והעירו אותנו למשמרת נוספת. היו ימים שלא ניתן לנו שום דבר לאכול. משהו מן המאמץ המלחמתי או מן המצב המתוח גרם לתנודות אלה בניצול כוח האדם, אחרת לא אוכל להבין התנהגות מופקרת זו עם אנשים עובדים ומהי הסיבה לחוסר כל התחשבות במצב בריאותנו מצד הסובייטים השליטים.

סבל נוסף גרם לנו חוסר הביגוד המתאים לעבודה ולאקלים הקשה בסביבה זו. להתלבש ולהתפשט היה קשה ביותר. לבושנו היה קרעים כולו ונאלצנו להתעטף בסחבות שונות שמצאנו בסביבה. על הרגלים המעוטפות בלויי סחבות היינו קושרים לוחות עץ לייצב פסיעותנו וכדי שלא נשקע בשלג שעל הביצות. להוריד לוחות אלה ולקשרם חזרה היה מאמץ מייאש לעתים, כי הם קפאו והיו לאחד עם הסחבות עד אין הפרד, וזה קרה לעתים

קרובות. לכל אלה נוספו הסבל הנפשי והעינויים הגופניים שהסבו לנו הפושעים המסוכנים שפוטי מחנות הגזירה ועבודת הפרך. אלה התעללו בנו גם בשל אי־היותנו שפוטים כמוהם וגם בשל היותנו "יהודים ארורים".

אני התיידדתי עם מורה מוורשה והוא היה לי שותף למשכב ולעבודה, וכך הוקל לשנינו. אומללים ביותר ומדוכאים ביותר היו אלה, שבן־זוגם למיטה ("נפרניק" ברוסית) היה פושע, שאז לא היה קץ לסבל ולמרירות של בן הצמד היהודי. גם בלילה נשללה מנוחתו והוא נהיה פקעת כאב, עלבון ועצבים.

חמישה חודשים ארך גיהינום זה. באחד הימים, באמצע העבודה, בשעה שלוש בצהרים, באו שלושה קצינים רוסיים ושלושה קצינים פולניים. הם הכריזו, כי כל האזרחים הפולנים יפסיקו עבודתם ויעמדו ערוכים בצד. השלכנו הגרזנים והאתים ופרשנו הצדה. נערכנו לפי אלף־בית ולמזלי הייתי הראשון ולא ידעתי מה אעשה, איך אגיב לכשיוצע לי משהו. שאלתי את חברי הוורשאי מה לעשות, אך גם הוא לא התמצא במצב ובינתים נפלה השאלה:

"לצבא האדום או לצבא הפולני ?"

נלאיתי מהרוסים, לא הרהרתי הרבה ועניתי:

"לצבא הפולני !"

חשבתי: יהיה אולי גרוע, אבל יהיה שינוי, משהו ישתנה. וזה היה עתה חלומו של כל אחד מאיתנו. האמנו גם, כי אחרת לא נחלץ מרוסיה הגדולה מדי. בגמר הרישום הועברנו לנקודת ריכוז של המחנה הפולני, קיבלנו אמבטיות ומדים ולחם... שכה התגעגענו עליו.

מכאן הגעתי דרך בוזלוק ואחר־כך דרך פרס לארץ־ישראל. הנה הגעתי לא כאל סוף תחנה שבחרתי לי, אלא כתחנת ביניים בדרך לפולין.

האמת היא, כי במצבי החדש הוטב לי מאוד ונפשי נפתחה לתקווה, אך אני לא חשבתי להישאר פה. מכאן חלמתי על שובי הביתה, אל ביתי ומשפחתי עם הגדודים הפולניים החוזרים.

שמונה חודשים שהיתי אז בארץ, בגדרה ובגבעה 69 המפורסמת, וכשהוציאו אותנו לעירק כדי להערך ליציאה לחזית, יצאתי את ישראל, אז ארץ־ישראל, ללא היסוסים. אנשי רוז׳אן, מראשוני העולים שלנו, ניסו להשפיע עלי להישאר כאן, ולא נעניתי להם. אך כאשר הובאתי בפעם השנייה הנה, כדי להישלח מכאן לחזית איטליה, ביקר אצלי קרובי **אריה בוכנר**, והפעם השפיעו דבריו עלי. לפי תוכניתו ערקתי לגליל, עברתי לקיבוץ דן, הסתתרתי וניצלתי מחיפושי השוטרים הצבאיים הבריטיים והפולניים.

על כל הלקחים שלמדתי בנדודי השואה הוספתי עוד לקח, והוא חשוב מאוד: תודות לאנשי עירי ניצלתי מחזית איטליה ומשואות נוספות; אין ערוך לקשרי עיר במולדת המשותפת.

זרח זשעפקא / רמת־גן

# מיין וואנדער־וועג קיין ישראל

אזוי ווי דער קריג איז אויסגעבראָכן אין סעפטעמבער 1939, האָבן יידן גענומען דעם וואנדער־שטעקן און אָנגעהויבן וואנדערן. די מערסטע זענען געלאָפן קיין רוסלאנד, אָבער ס'זענען אויך געווען אזעלכע, וואָס זענען געבליבן אין פוילן.

דעם 18טן נאָוועמבער זענען מיר ארויסגעפאָרן פון ווארשע און דעם 19טן זענען מיר געווען אין ביאליסטאָק. דאָ ערשט האָבן זיך אָנגעהויבן אונדזערע צרות: ווו געשלאָפן, ניט געגעסן, און זיך ארומגעוואלגערט אין די שולן. און נאָך זעקס מאָנאט זיין אין ביאליסטאָק האָט מען אונדז ארויסגעשיקט אין וויטן סיביר, ווו דאָרטן איז זומער נישטאָ קיין נאכט, נאָר טאָג. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער אמתער ווייגעשריי.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אויפן אָרט, האָט מען אונדז אריינגענומען אין באראקן, אין דער וויסטע, ווו מ'האָט געזען נאָר הימל און ערד און וואלד. די פרויען האָבן גענומען וויינען און בעטן, מ'זאָל פון דאנעט אוועק, אפילו צוריק אין פוילישן גיהינום אריין, אבי נישט דאָ. מיר האָבן געוויינט מיט ביטערע טרערן אויפן גורל פון אונדזערע משפחות און אויפן גורל פון גאנצן יידישן פאָלק.

אָבער ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוויינט צו דער ארבעט אין וואלד. די ארבעט איז נאָך געווען צו דערליידן, אָבער מיר זענען געווען נאַקעט און באָרוועס, נאָר שמאַטעס אויף די פיס. און מ'האָט געדארפט גיין אכט קילאָמעטער צו דער ארבעט און אכט קילאָמעטער צוריק. פון גיין אליין איז מען געוואָרן מיד. און אזוי האָבן מיר אָפּגעארבעט פערצן מאָנאטן.

ווען די מלחמה צווישן דייטשלאנד און רוסלאנד איז אויסגעבראָכן, דעם 22טן יוני 1941, האָט מען אונדז באפרייט און מען איז געפאָרן אין טיף רוסלאנד. איך מיט מיין פרוי זענען מיר געפאָרן קיין סטאלינגראד, און אזוי ווי דער קריג האָט זיך דערנענטערט צו סטאלינגראד, האָבן מיר ווייטער גענומען וואנדערן און אוועק ביז קאזאכסטאן. דאָרט האָט מען מיך צוגענומען אין דער ארמיי און מיין פרוי איז געבליבן מיט א פיצל קינד און אָן מיטלען צו לעבן. אָבער די מלחמה רעכנט זיך נישט מיט אזעלכע זאכן.

אזוי איז עס געווען ביזן 25טן מאי 1946. מ'האָט אָנגעהויבן פאָרן אהיים, מישטיינס געזאָגט, קיין פוילן. ווי מיר זענען נאָר אָנגעקומען אויף דער פוילישער זייט, האָט מען געהערט געשרייען: "פון וואנעט נעמען זיך אזוי פיל זשידעס ?"

די פאָליאַקן האָבן געמיינט, אז מ'האָט אלע יידן פארניכטעט. איצט האָבן זיי אָנגעהויבן הרגענען יידן אין פוילן און יידן האָבןווידער גענומען וואנדערן. איך מיט מיין משפחה זענען מיר געווען פיר וואָכן אין פוילן, און ווען מיר האָבן געזען די לאגע, האָבן מיר גענומען ווייטער פאָרן. מיט טויזנטער מענטשן זענען מיר דורך די גרענעץ פון טשעכיע און מיר זענען אריבער קיין עסטרייך. פון עסטרייך זענען מיר אריבער קיין דייטשלאנד. דאָרט זענען מיר געווען ביז דעם 15טן דעצעמבער 1949. יענעם טאָג זענען מיר אָרויף אויף דער שיף "גלילה" און אוועק אויפן וועג קיין ישראל.

# מיציאת רוז'אן 1939 עד "יציאת אירופה"



כשפרצה מלחמת־העולם השנייה, גויסתי לצבא הפולני, לחיל־הרגלים. השארתי את אשתי ושני ילדי הקטנים ומיהרתי אל גדודי, שחנה בפולטוסק, 32 ק"מ מרוז'אן. בביצורי פולטוסק נתנו לנו בגדי צבא, סכין ורובה שמשקלו היה רב. צעדנו לילה תמים ועם בוקר שלחו אותנו לחזית. קולות הירי נשמעו קרובים מאוד. אנחנו, עוד בטרם הספקנו לירות ולו ירייה אחת, כבר הקיף אותנו האויב. לא היה לאן לברוח. מגדודנו נותרו בודדים. אני ניצלתי, כיוון שנשכבתי בין ההרוגים ופני למטה. הגרמנים עברו בין החללים ומי שרק השמיע אנחה, נורה מניה־וביה.

משנעשה שקט ולא נשמע שום רחש, קמתי. אך לא ידעתי לאן ללכת. שמעתי במרחק רכב צבא נוסע, אלא שלא ידעתי אם זה רכב האויב או שלנו. התקרבתי לכביש ושמעתי דיבור פולני, אז הבנתי, כי זה הצבא שלנו. עליתי על הכביש, נאחזתי מאחורי רכב בן שני גלגלים וכך, תלוי למחצה, הגעתי לעיר פלונסק. העיר היתה אחוזת להבות והמשכנו בדרכנו. ככה הגעתי למודלין, שהיא מבצר תת־קרקעי. שם פניתי אל המיפקדה ושאלתם הראשונה היתה, היכן נשקי. עניתי להם, שבקושי הצלתי את חיי, אולם הם לא קיבלו תשובה זו והעמידוני למשפט צבאי. למזלי התחיל האויב להרעיש את המקום ואיש כבר לא חשב על משפט. קמה מהומה ואנדרלמוסיה, וכאשר החשיך הסתלקתי. יצאתי לכביש, שהיה מלא אנשי־צבא פולנים פצועים קל, שצעדו לעבר וארשה. צעדתי עמהם.

עם בוקר נכנסנו לוארשה, וכאן פגש אותנו הצלב־האדום באוכל ומשקה. שוב פניתי אל המיפקדה הפולנית ושלחו אותי למבצר (ציטאדעל) של וארשה. אך גם זה לא לאורך זמן. הצבא הגרמני הקיף את העיר והכול תם. הממשלה הפולנית ציוותה על החיילים היהודים לפשוט את המדים הפולנים וללבוש בגדים אזרחיים, מפני שבגללנו הם מפסידים את המלחמה. ככה זה, תמיד אשם היהודי.

ציוו עלינו ללכת מן המבצר אל וארשה העיר. היה קשה ביותר להגיע, מכיוון שעל כל צעד נפל פגז של תותח או פצצה של אוירון. איכשהו הגעתי לעיר, וכאן התחילו צרות חדשות. לא היה לנו לא יום ולא לילה. אוכל לא נתנו לנו כלל. כל יום הייתי קונה עשר סוכריות בעד זלוטי אחד וכך קיימתי את עצמי עד שהאויב נכנס לווארשה. אז החלטתי לחזור לרוז'אן, אל משפחתי. אבל משעברתי את הגשר הפראגאי, נפלתי לידי הגרמנים. העמידו אותנו בשורות של שמונה והובילו אותנו.

כאשר עברנו את העיירה לגיונובה, הבחנתי בבתו של **יעקב יאלוביץ'**, שגר עם משפחתו ברוז'אן לפני המלחמה, ואף היא ראתה אותי. הכניסו אותנו למחנה סגור. זה היה ביום ששי, ובתו של יאלוביץ' הביאה לי חלה וסיר עם בשר ואטריות. בלעתי הכול בנשימה אחת, אבל

אחרי האכילה הזאת כמעט נטרדתי מן העולם, שכן גופי כבר לא היה רגיל לאוכל אחרי רעב גמור במשך שבועות.

בבוקר שוב העמידו אותנו, אלפים אחדים, בשמיניות ויצאנו לדרך. כשהגענו לסְרוֹצק שמעתי, שמובילים אותנו לגרמניה לעבודה, ומייד התחלתי לתכנן בריחה. בפרשת־דרכים אחת, משהשגחתי כי אנשי־המשמר לא יוכלו לראותני, קפצתי מן השורה ונכנסתי בריצה לבית אחד שבעיבורי סרוצק. בעל הבית, נוצרי, ראה את הפחד שעל פני והרגיעני. ועוד אמר: "אצלי בקומה השנייה נמצאת אשה יהודיה עם בתה. תוכל להצטרף אליהן." הן קיבלו אותי יפה ושהיתי עמהן יומיים. נפרדתי מהן ויצאתי לחפש את אשתי וילדי.

הלכתי לפולטוסק ובדרך פגשתי את אשתו של **סאלניצקי**, שהיה מזכיר במאגיסטראט שלנו. היא אמרה לי לבל אלך לרוז'אן, מפני שגירשו משם את כל היהודים לאוסטרוב או למאקוב. למזלי פגשתי שני בחורים משלנו, מן הכפר צאדיקערש, שנסעו בעגלה. הם לקחוני עמהם, נתנו לי לחם וזלוטי, ובדרכים עקלקלות הגענו לאוסטרולנקה. העיר כבר היתה ללא יהודים, והפולנים תפסו את כל בתי העסק של היהודים.

הגבול שם חנה הצבא הרוסי היה חמישה ק"מ מאוסטרולנקה. הגעתי לגבול ושם פגשתי את האם של **צבי אגראָדניק** (גנני) ואחיותיו. שאלתי אותם על משפחתי, אך הם לא ידעו דבר. הלכנו יחד ועזרתי להם לסחוב כמה חבילות אל מעבר לגבול. הגרמנים שאלו אותנו לאן פנינו מועדות ומשענינו, כי אנו הולכים למשפחותינו בלומז'ה, הם נתנו לנו לעבור.

אנשי הצבא הרוסים, ובייחוד הקצינים היהודים, קיבלו אותנו בלבביות. הם האכילו אותנו ואפילו הסיעו אותנו ללומז'ה. שם פגשתי את **חיים בוכנר** ואת **אלתר פרל** ומשפחותיהם. כמו כן פגשתי את **הנה רייצ'יק**, שהיתה שכנה שלי, והיא סיפרה לי, כי אשתי וילדי חיים ונמצאים במאקוב־מאזובייצק עם משפחתה. היות שהיא עמדה ללכת למאקוב, נתתי לה מכתב אל אשתי, בו ביקשתיה לבוא אלי הנה, מכיוון שאני אל הגרמני לא אחזור לעולם.

כעבור ימים אחדים הם הגיעו אלי ללומז'ה, בדי עמל ובממון רב. משם עברנו לביאליסטוק. השתכנו בבית־כנסת, שהצפיפות בו היתה עד אין לתאר, ממש זוועה. התנאים הסניטריים היה בהם כדי לסכן בריאות וחיים. שם פגשתי את **חנה האצקלס** ואת **גולדה לאך** ועוד רוז'אנאים.

ברחובות הודבקו מודעות, שמי אשר רוצה לנסוע לרוסיה, יכול לנסוע. לא חשבתי הרבה ויצאתי עם כל משפחתי לרוסיה. באנו לאיזו עיירה, שם קיבלו אותנו היהודים בחמימות רבה. נתנו לנו דירה ועבודה וחיינו שם שנה שלמה. אז הודיעו השלטונות, כי עלינו לקבל את הנתינות הרוסית ופספורטים רוסיים. סירבנו מפני שחשבנו לשוב לביתנו. קמנו וחזרנו לביאליסטוק.

כעבור ימים אחדים, בליל ששי אחרי חצות, אספו את כל אלה שחזרו מרוסיה, הכניסו אותנו לתוך קרונות ונעלו אותנו בתוכם ונסעו. היינו בדרך ארבעה שבועות, בתנאים סניטריים גרועים וכמעט בלי אוכל, עד שהגענו למחוז וולוגדה. שם עבדנו ביערות וחיינו בתנאים קשים מאוד. למזלנו לא ארכה שהותנו שם. כעבור שנה שיחררו אותנו והרשו לנו לנסוע לרוסיה, ומשם עברנו לאסיה התיכונה, לקירגיזטאן.

כתום המלחמה העמידו לרשות הפליטים קרונות ונסענו חזרה לפולין. עברנו באיזורים שהיו כבושים בידי הגרמנים. ליד אוֹשווייִנצים עצרו את הרכבת והובילו אותנו לבקר במחנה ההשמדה. אימה תקפה אותנו למראה החפצים שהתגוללו שם בערימות, שערות ונעליים של

ילדים, ולמראה התנורים ותאי־הגאזים. יצאתי משם רצוץ ושבור. הבנתי כי חיינו לעומת המחנה היו גן־עדן.

הגענו לשצ׳צ׳ין ומצאנו דירה בקלות, שכן היו שם הרבה דירות פנויות. היה פחד לצאת לרחוב, כי הפולנים התאנו לכל יהודי והיכו ואף רצחו. במקרה פגשתי ברחוב את **מאיר רושיניאק**, שהיה מעביר אנשים אל האיזור האמריקאי. למחרת באתי עם משפחתי לנקודה שהוא הועיד לי, הוא נתן לי מאתים זלוטי לקניית אוכל — לעולם לא אשכח לו זאת! — והעביר אותנו אל האמריקאים, לעיירה בשם אסליכטנאו. בלילה הכניסו אותנו לאולם־אוכל גדול, שמו על השולחנות לחם לבן וריבה וקפה והזמינו אותנו לסעוד לבנו. אני זוכר היטב, איך הילדים שאלו אותי, בתמיהה גדולה ובחוסר בטחון, האם מותר לאכול כמה שרוצים...

במחנה זה שהינו שנה ואז נרשמתי לעלייה לארץ־ישראל, אף כי רבים נסעו משם לאמריקה. העבירו אותנו לצרפת ושם העלו אותנו על האונייה ״אקזודוס״, שקראו לה גם ״יציאת אירופה״. חמשת אלפים ושש מאות (5600!) נפשות נדחסו לתוך האונייה, כמו דגים מלוחים, אבל קיבלנו זאת באהבה.

רק עזבנו את הנמל, וכבר ליוו אותנו אוירונים אנגליים. כעבור מסע של ימים אחדים התקרבו אלינו אוניות־מלחמה בריטיות וניסו להשתלט עלינו. פרץ קרב בין בחורינו לבין החיילים האנגלים. הנשק שלנו היה קופסאות שימורים, ואילו הם היו מצוידים במיטב הנשק. נפלו קרבנות אחדים משני הצדדים, אך הם ניצחו. גררו אותנו עד חיפה ושם העבירו אותנו לשלוש אוניות־משא, תוך שהם נוטלים מאיתנו את כל חפצינו, שקיבלנו מהאמריקאים במחנה.

לא ידענו לאן מובילים אותנו. היו שמועות, שמובילים אותנו לקפריסין. היינו על הים שלושה שבועות, עד שהגענו חזרה לצרפת. שם עלו על אונייתנו פקידים צרפתים והציעו לנו לרדת בצרפת ולקבל את הנתינות הצרפתית. סירבנו להם ועניבו, כי מגמת־פנינו אך ורק לארץ־ישראל. עמדנו בנמל שלושה שבועות ומשם העבירו אותנו להאמבורג, הזרה לגרמניה. שם ציוו עלינו האנגלים, ברמקולים, לרדת מן האוניות, אולם איש לא זז. באו האנגלים וגררו אותנו בכוח, ארבעה חיילים נשאו אחד מאיתנו, והגרמנים עומדים מהצד ונהנים.

הכניסו אותנו למחנה סגור והציבו עלינו שמירה חזקה. כל יום ערכנו הפגנות, שאנו רוצים אך ורק לארץ־ישראל. עד שבאה משלחת מאונר״א וערכו רישום לאן כל אחד רוצה לנסוע. כולם כאיש אחד ענו, שרוצים לנסוע לארץ־ישראל. ואונר״א התחילה לטפל בנו. מהם קיבלנו בגדים ואוכל. ולבסוף הגענו לישראל. לא קיבלנו אז שיכונים. כל אחד הסתדר בכוחות עצמו. אינני מצטער אפילו רגע על כל העמל והסבל כאן — העיקר שאנו אנשים חופשים במדינה שלנו!

**שלמה פולטוסקער**

## דערינערונגען פון יענע טעג...

### די דייטשן קומען

רוזשאן, סעפטעמבער 1939. אין דער פרי פון 1טן סעפטעמבער. די פוילישע ראדיאָ אנאָנסירט, דאָס די דייטשן אטאקירן אין אלע פראָנטן און אז דאָס גאנצע לאנד געפינט זיך אין מלחמה־צושטאַנד. די שטאָטישע מאַכט צעלויפט זיך. **פסח בורשטין** גייט ארום מיט

אינסטרוקציעס, ווי אזוי צוגרייטן שוץ־אָקאָפּעס. ס׳באַווייזן זיך דייטשע עראָפּלאַנען, אָבער באָמבאַרדירן נישט. די לאַגע ווערט ערנסטער פון טאָג צו טאָג. יידן פּאַקן זיך. יעדער וויל לויפן, און אין יעדן איינעמס געדאַנק עגבערט די פראַגע: וווהין ?

מענטשן מיט פּעקלעך אין זייערע הענט ציען זיך צום בריק, אויפן וועג קיין גאַרוואָלין — מען וויל זיין אויפן צווייטן זייט פון נארעוו... אנדערע מאכן זייער וועג קיין מאַקאָוו אָדער פולטוסק. און ווער ס׳האָט די מעגליכקייט, לויפט קיין ווארשע גלויבנדיק, אז דאָרט איז דאָס זיכערסטע פּלאַץ. איך און מיין פאמיליע האָבן באַשלאָסן פאָרן קיין פולטוסק. מיט א געדונגענעם פערד־און־וואָגן, נאָך א שווערער נאַכט וואנדערונג, האָבן מיר דערגרייכט פולטוסק.

אָבער דאָ האָט דער דייטש אונדז אָנגעיאָגט. נאָכן שטילמאכן די פּוילישע ארטילעריע האָבן די דייטשן אריינמארשירט אין שטאָט מיט א געטראַסק פון הארמאטן, מיט לאסט־אויטאָס און מאָטאָציקלען און טאנקען — א לאנגע קייט, וואָס האָט זיך געצויגן אין דער ריכטונג פון ווארשע. עס הערט זיך פון צייט צו צייט א טעמפּער קלאנג פון קאַנאָנען, וועלכע שיסן אויף דער הויפּט־שטאָט.

א נאצישע אָפּטיילונג נעמט איבער פולטוסק. אין געציילטע שעהען האָבן אָנגעהויבן ארומגיין אין קליינע גרופּעס אֶס־אֶס לייט מיט אָנגעלאָדענע ביקסן, און א טאָג שפּעטער מעלדן זיך פּאָליאקן פרייוויליג צו דער פּאָליציי־דינסט. עס שיטן זיך פאַראָרדנונגען און גזרות. די לאגע ווערט שווערער מיט יעדן טאָג. איוב׳ס בשורות פון אלע זייטן. עס גייען ארום שמועות, אז די דייטשן זאמלען צענויף יידן און דערשיסן זיי. די לאגע ווערט אַנגעשטרענגטער פון טאָג צו טאָג. מען האָט אָנגעפאנגען כאפּן יידן צו דער ארבעט, מיינסטנס צו רייניקן די גאסן. ס׳ווערן ארגאַנזשירט באזונדערע שורות פאר יידן ביים באקומען ברויט. יידיש האָב־און־גוטס ווערט הפקר. יידישע קראָמען ווערן אויפגעבראָכן און פּאָליאקן לאָזן זיך ווילגיין.

טויטשטראָף פאר נישט אָפּגעבן ראַווערן און ראַדיאָס. איך און לייבל פּיעקאַרז, אן אקטיווער טוער אין ״פּועלי־ציון״ אין פולטוסק, האָבן א ראדיאָ אין א קעלער. פון יעדן נייעס־ביולעטין ווערט קאלט אויפן הארצן.

איך ווער געכאַפּט צו דער ארבעט אין א שפּיטאָל, ווו עס ליגן דייטשע פארוווּנדעטע (אין דעם בנין פון דער גימנאזיע). מיין ארבעט איז צו ברענגען וואסער. פארבייגייענדיק מיט די עמערס קריג איך יעדעס מאָל א שמיץ מיט א נאהייקע פון א נאַצי, וועלכער שרייט: ״לאופן, לאופן, יודע!״

אין נאָוועמבער (די גענויע דאַטע געדענק איך נישט), אָן שום פריערדיקער וואָרנונג האָבן די אֶס־אֶס לייט צוזאמען מיט פּאָליאקן זיך אריינגעריסן אין די יידישע הייזער מיט ווילדע געשרייען: ״יודן, ראוס!״ נאצישע אָפיצירן זיינען געלאָפן איבער די הויפן און געשמיסן און געשלאָגן מען זאָל וואָס גיכער ארויס אויפן הויף. מיטנעמען מעג מען נאָר א האנט־פּעקל, ווער עס וועט נישט ארויסקומען, וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט!

צו אונדז אין דער וווינונג זיינען ארויף א פּאָליאק און א נאצי און אונדז ארויסגעטריבן אויפן הויף, ווו אנדערע יידישע פאמיליעס זיינען שוין דאָרט געווען פארזאמלט. מיין פּאָטער האָט באוויזן צו כאפּן דאָס טייערסטע פאר אים — דעם טלית־זעקל. מיין מוטער האָט שנעל־רירעוודיק, הענדום פּענדום, אריינגעשטעקט יעדן אַ פּעקל אין דער האנט. מיין שוועסטער עמא האָט געכאַפּט דעם קאָפּ פון דער ניי־מאשין און העלדיש דערטראָגן

אים אזש ביז ... רוסלאנד. ווי ס'האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, די מאַשין איז פאַר א לאנגער צייט געווען דער ברויט־געבער פון דער משפחה.

אין יענער צייט דערגייט צו אונדז די ידיעה, אז ראובן געלטשינסקי, א רוזשאנער וועלכער האָט געוווינט אין פּולטוסק, איז אויפן ווארשאווער שאָסיי דערהרגעט געוואָרן. מיר ווערן געוואָר וועגן א שחיטה אין סעראָצק. דאָרטן זיינען אויך געווען רוזשאנער. דאָ איז דערהרגעט געוואָרן מאָטל מאַסטעק, א רוזשאנער. אין פּולטוסק זיינען אויך געווען די פאַמיליע כויניאַק פון רוזשאַן.

מיר ווערן געטריבן אויפן זאמלונגס־פּלאַץ. דאָ זיינען שוין דאָ טויזנטער אנדערע יידן, אויך פון די ארומיקע שטעטלעך און דערפער. די אֶס־אֶס לייט האָבן ביי אונדז צוגענומען אלע ווערטפולע זאכן: געלט, זייגערס, שרייבפעדערס און אויך פּריוואַטע דאָקומענטן. ערשט אין אָוונט ווערן מיר געטריבן דורך דער בריק מיט דעם אויסגעשריי: "גייט צו די רוסן!"

מיר זיינען געטראָגן געוואָרן מיטן מענטשן־שטראָם. די דייטשן האָבן אונדז נאָכגעשאָסן. מיר מאכן דעם וועג אין דער ריכטונג פון דער נייער ריבנטראָפּ־מאָלאָטאָוו גרענעץ. מיר גייען דעם וועג צופוס און זיינען אָנגעוויזן אויפן חסד פון גורל. דער וועג איז א שווערער. די פּאָליאַקן אין די דערפער טרייבן אונדז פון זיך. דורך וועגן און אומוועגן דערגרייכן מיר די גרענעץ, וועלכע ציט זיך אין דער ריכטונג פון אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק. פון דאָרט ווערן מיר געבראכט אויף סאָוויעטישע לאַסט־אויטאָמאָבילן קיין ביאַליסטאָק.

## ביי די רוסן

מיר זיינען אין ביאַליסטאָק. עס שטראָמען טויזנטער יידן פון די שטחים פון פּוילן, וועלכע זיינען פאַרנומען דורך די דייטשן. די ביאַליסטאָקער יידן עפענען זייערע הייזער פאַר די אָנגעלאָפענע יידן. אין ביאַליסטאָק געפינען שוין פילע רוזשאנער. אין דער שטאָט עקזיסטירט א "צייטווייליקער אויספיר קאָמיטעט" (וורעמעני איספּאָלניטעלני קאָמיטעט), וועמענס אויפגאבע איז אויפצופּאסן אויף דער אָרדנונג אין שטאָט. עס קומען פאָר וואלן אונטער דער סאָוויעטישער אויפזיכט. ס'ווערט באַשטימט, אז ביאַליסטאָק און די אומגעגנט איז "באפרייט" און אָנגעשלאָסן אָן דער ווייס־רוסישער רעפּובליק. מען סאָוויעטיזירט דעם עולם. מען לערנט די סאָוויעטישע קאָנסטיטוציע. מען דיסקוטירט און מען לייענט צייטונגען. נאָך די וואלן עפנט די סאָוויעטישע מאַכט די טויערן פון ווייס־רוסלאנד און דערלויבט יעדן איינעם, וואָס וויל אהין פאָרן, דאָרט וווינען און ארבעטן.

מיין פאַמיליע איז פון די ערשטע זיך צו רעגיסטרירן. (מיין מוטערס ברודער, אלטער, איז דאַן אויך געווען מיט אונדז.) נאָך עטליכע טעג רייזן שטייגן מיר אויס אין פּאָלאָצק צוזאמען מיט נאָך עטליכע פאַמיליעס. פּאָלאָצק איז א שטעטל ביי דער אלטער פּויליש־רוסישער גרענעץ. מיר, די גאנצע פאַמיליע, ווערן איינקוואַרטירט צוזאמען מיט נאָך א פאַמיליע אין א צוויי־צימערדיקן הויז, וואָס באלאנגט צו א גרויסער בעקעריי, אין וועלכער מיר געפינען ארבעט פאַר כמעט אלע פון אונדז. עס באזוכט אונדז א פּאָליטרוק, וועלכער דערציילט אונדז, ווי גוט אונדז וועט זיין אין רוסלאנד.

אגב, זאָל דאָ געזאָגט ווערן לשם דעם היסטאָרישן אמת, אז אין יענער צייט האָט די רוסישע מאַכט געטאָן אלץ וואָס מעגליך צו העלפן די נייע געקומענע. אויך די באציאונג פון דער אָרטיקער באפעלקערונג איז געווען א הומאניטארע, כאָטש אָפט האָבן זיי געקוקט

אויף אונדז מיט קנאה צוליב די שפייז־פּראָדוקטן, וואָס מיר האָבן באַקומען און זיי נישט.

רוסישע יידן, נאָך פינף־און־צוואַנציק יאָר זיין אָפּגעריסן פון דער וועלט, זיינען געווען דורשטיק צו הערן, וואָס עס טוט זיך אויף דער אַנדערער זייט, און האָבן זיך באַמיט אין צו מאַכן קאָנטאַקט מיט אונדז. א ייד א ווילצלער, מיט א שמייכלענדן פּנים, גריסט אונדז אין א זאַפטיקן יידיש און זאָגט: "יידן, זאָרגט נישט. איר זייט דאָ אין א שמאָלץ־גרוב. נאָר וואָס," גיט ער צו, "די גרוב איז דאָ, אָבער די שמאַלץ איז אויסגערונען." און א צווייטער ייד גיט א זאָג: "פרייט אייך נאָך נישט, יידעלעך, משיח איז נאָך אלץ נישט געקומען!"

איך שרייב זיך דורך מיט **שמואליק בוכנער**, וועלכער האָט זיך אין יענער צייט געפונען אין סלאָנים. ער דערציילט מיר וועגן די שווערקייטן אונטערן סאָוויעטישן רעזשים. אין א פרייען וואָך־ענד פאָר איך קיין אָרשע, א שטעטל אין ווייס־רוסלאַנד, זען זיך מיט **גנענדל פּאַזשיצקאַ**, וועלכע האָט זיך שוין אין צווישנצייט אַרויפגעאַרבעט צו זיין א לייטערין אין א צעך פון א גרויסע טריקאָטאַזש פאַבריק אין אָרשע. גנענדל האָט אויך געלערנט פלייסיק אין די אָוונטן און געפּלאַנט צו דערגיין צום אוניווערסיטעט. עס שרייבט צו מיר **אהרון־הלל אלבעק**, דער זון פון איטשע־מאיר דעם שוחט, דאָס ער קלייבט זיך מיט זיין פרוי צוריקצוגיין קיין פּוילן, כאָטש ס'איז אים נישט שלעכט געגאַנגען אין רוסלאַנד. שווער געווען אים אָפּצורעדן דערפון. אין פּאָלאָצק האָט אויך געלעבט א רוזשאַנער מיטן נאָמען **יחזקאל ליבאָוויטש** (געהאַט א שניט־קראָם אין רוזשאַן). ביים עוואַקואירן זיך פון פּאָלאָצק איז ער אַראָפּגענומען געוואָרן פון באַן און מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי. וואַרשיינליך אומגעקומען.

### קיין טיף רוסלאַנד

מיטן אויסברוך פון דער דייטשער־רוסישער מלחמה האָבן זיך פיל יידישע פאַמיליעס שנעל פאַרפּאַקט און זיך געלאָזט צו דעם באַנהויף פאַר עוואַקואַציע. איך האָב דאַן געאַרבעט, אלס מאָביליזירטער, אין דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג אויף דער פּאָלאָצקער אייזנבאַן. פּאָלאָצק איז דאַן געשטאַנען אונטערן צייכן פון די מיליטערישע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן זיך צוריקגעצויגן אין גרויס אומאָרדנונג פון די מערב געביטן קיין טיף רוסלאַנד. איך שטיי אויף דער וואַך אין דער סטאַציע און העלף אַראָפּנעמען פאַרוווּנדעטע זעלנער און געבן זיי ערשטע הילף. אין מערסטע פאַלן, זיי ברענגען אין נאָענטסטן שפּיטאָל. טאָג און נאַכט פאָרן דורך עשאַלאָנען מיט "ביעזשענצעס" (פליטים), וועלכע האָבן נאָך באַוויזן זיך צו עוואַקואירן פון די אַרומיקע שטעטלעך און פון די מערב געביטן. איך שריי אַריין אין יעדן וואַגאָן: "רוזשאַנער?" און דאָ באַווייזט זיך **העניך פרענקעל** מיט זיין פאַמיליע, וועלכע עוואַקואירן זיך אין טיף רוסלאַנד. ס'זיינען דורך פּאָלאָצק דורכגעפאָרן נאָך רוזשאַנער, אָבער זייערע נעמען, לײַדער, געדענק איך נישט.

איך און מיין פאַמיליע זיינען פון די לעצטע צו עוואַקואירן זיך פון פּאָלאָצק. און דער בלינדער גורל האָט געוואָלט, אז אין וויטעבסק, ווו כ'בין אַראָפּ אויף א פּאָר מינוט זיך פאַרבינדן מיט מיין פעטער אלטער, איז דער עוואַקואיר־צוג אָפּגעפאָרן. דאָרט זיינען געווען מיינע עלטערן. האָב איך איינגעשטיגן אין א שפּעטערדיקן צוג — אליין.

ביים עוואַקואירן זיך פון וויטעבסק האָב איך באַגעגנט **ראובן שעלונטשיק**, פון רוזשאַן, וועלכער איז דאָרט געווען מיט זיין קראַנקער מוטער.

אונטער א האָגל פון קוילן און שראַפּנעלן פאָרן מיר אַרויס פון וויטעבסק, און נאָך

וואָכן קומען מיר אָן קיין טשקאלאָוו. ווען מיר זיינען ענדליך ארויס פון די וואגאָנען, זיינען שוין ארום געשטאַנען גרופּעס פון רוסישע פויערים (אָנגעטאָן אין וואטענע הויזן און וואטאָווקעס, קופייקעס). מען האָט אונדז ארויפגעזעצט אויף לאסט־אויטאָס און געפירט ערגעץ־וווהין. נאָך א פּאָר שטונדן פאָרן האָט זיך דער אויטאָ אָפּגעשטעלט און מיר האָבן זיך געפונען אין א דאָרף טשאָרני־אוטראק, ביי 200 ק"מ פון א שטאָט.

ס'איז געווען א גרויס דאָרף מיט פיל קליינע הייזקעלעך געבויט פון ליים־און־שטרוי. דער פאָרזיצער צעטיילט אונדז אין די וווינונגען. איך ווער צוגעטיילט צו וווינען מיט א פרוי מיט פינף קליינע קינדער, וועמענס מאן איז אין קריג. דאָס הויז האָט איין צימער מיט א קליינעם אריינגאנג, אין וועלכן איך וווין. דאָס הויז איז אָן א פּאָדלאָגע. אין א ווינקל א הילצערן בעט. קיין קיך נאָר א באק־אויוון, אויף וועלכן מיר האָבן געקאָכט און אויך געבאקן (ווען ס'איז געווען וואָס) און אויף וועלכן די קינדער זיינען געשלאָפן.

מיין "כאזייקע" (בעל־הביתע) האָט געהאַט פארקריפּלטע פאָראורטיילן וועגן יידן. זי האָט געגלויבט, אז די יידן האָבן אויסגעקריצט אויף זייערע לייבער פארשידענע מיסטישע צייכנס, וועלכע ראַטעווען זיי פון אלע געפארן. אויך האָט זי געגלויבט, אז די פּראַוואָסלאַוון קענען נישט קומען אין גן־עדן אריין, אויב זיי האָבן נישט געהרגעט א ייד אין זייער לעבן. (זי אליין איז געווען א פרומע פּראַוואָסלאַווין.) נאָך דריי מאָנאַטן וווינען אין איר שטוב בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי. ביי דער געזעגנונג האָב איך איר דערציילט דעם סוד, אז זי האָט געהאַט א "לעבנס־געלעגנהייט": א ייד האָט געוווינט אונטער איר נאָז...


שלמה פולטוסקער אין
ווינטערדיקע "בגדי מלכות"

איך ווער באַשטימט קיין סאראטאָוו. דאָרט מאכן מיר דורך שווערע מיליטערישע איבונגען. באזונדערס שווער איז געווען מיטן רויטן אנטיסעמיטיזם, וועלכער האָט זיך איינגעגעסן אין מיין זכרון נישט צו פארגעסן. מיין קאָמאנדיר, א דיקער רוס מיט א פּאָר פּיש אויגן, איז געווען א קרענקליכער אנטיסעמיט און איז אונדז דערגאנגען די יאָרן. ער האָט פּאָר אונדז (4־5 יידן) קיין אנדער נאָמען נישט געהאַט ווי זשיד. ער האָט נישט דערלויבט צו באגריסן אים מיטן נאָמען "טאָווארישטש", און צו אונדז, ווען ער איז געווען אין אגוטער שטימונג, האָט ער זיך געווענדעט מיטן טיטל "גראזשדאנין" (בירגער).

ער האָט נישט געוואָלט געבן אונדז קוילן ביים פּראַק־טיצירן די שיס־איבונגען. ער האָט געטענעט, אַז עס איז אַ שאָד, ווייל יידן וועלן סיי־ווי־סיי אנטלויפן פון פראָנט. פאר די געציילטע יידישע זעלנער האָט ער שטענדיק געפונען פארשידענע רייניקונגס־ארבעט. ספּעציעל אונדז געגעבן וואשן און רייניקן די ווילדע, נישט־געאיבטע פערד. און איינמאָל ווען ס'איז אויסגע־בראָכן צווישן מיר און אים א הייסע דעבאַטע אויף דעם געביט, האָב איך אים געזאָגט: "קאָמאַנדיר זאבאָרסקי,

ווען מיר וועלן קומען צום פראָנט, די ערשטע קויל וועל איך אין אייך אריינשיסן!״ די לאַגע איז שפּעטער בעסער געוואָרן, ווען אויף זיין פּלאַץ איז באַשטימט געוואָרן אַן אנדער רוסישער אָפיציר.

א חיהשע פיינטשאַפט איז אויך געווען צווישן די סאָלדאַטן. איינמאָל, ווען מיר זיינען געגאַנגען אין באָד, האָט איינער א כאַכאָל (אַן אוקראַינער) מיר אונטערגעשטעלט א פוס און איך האָב מיך אויסגעצויגן אויף דער גאַנצער לענג. די רוסן האָבן זיך געקייכט פון געלעכטער. און איך, כאָטש כ׳האָב אין לעבן זיך נישט געשלאָגן, האָב זיך אויפגעשטעלט און דערלאַנגט אים אין פּיסק אריין, באַגלייט מיט א הויכער רוסישער קללה, ביז בלוט האָט גערונען פון זיין רילע (פּרצוף). דאָס מאָל האָט א גוי, נישט איך, דערלאַנגט אַן אַנקלאַגע.

אין דער לאָקאַלער מיליטערישער צייטונג האָט זיך באַוויזן א קאַריקאַטור: יידן לויפן מיט פּעק צו דער באַן, וואָס גייט קיין טאַשקענט, און אונטערגעשריבן ״נאָך לאַנגע קאַמפן האָבן יידן באַהערשט די שטאָט אלמא־אטא״.

א באַפעל פון מאָסקווע, אז די וואָס קומען פון די מערב־געביטן ווערן אריינגעצויגן אין בוי באַטאַליאָנען. מען נעמט פון אונדז צו די ביקסן, מונדירן, רימענס, און מיר קריגן אַרבעטס־מונדירן. מען טראַנספּאָרטירט אונדז קיין קוּיבישעוו, וווּ איך ווער באַשטימט פאַר אַרבייט אין א גרויסן מיליטערישן זאַוואָד (אין בעזימיאַנקע), וועלכער פּראָדוצירט טיילן פאַר אעראָפּלאַנען. די באַדינגונגען זיינען ווי אין א לאַגער פאַר אַרעסטירטע, פּאָליטישע אָדער קרימינעלע. דאָ באַקומסטו דיין באַשפּייזונג אַנטשפּרעכנדיק צו דער אויסגעאַרבייטער נאָרמע. דאָ לערן איך ווי צו ״אָרגאַניזירן״ דאָס לעבן: שלאָפן אין די שיך (אויב דו ווילסט זיי האָבן צו מאָרגנס); פאַרהאַנדלען דיינע זאַכן — רובאַשקע, שינעל און אפילו וועש — אויפן מאַרק פאַר פּראָדוקטן, און דערנאָך ״איינשאַפן״ זיך אנדערע דורך פאַרשידענע וועגן.

איינמאָל אין בעזימיאַנקע, ביים דורכגיין די גאַס און באַקוקנדיק די דורכגייער, פאַרהאַלט מיך א יונגערמאַן אין מיליטערישער קליידונג, און ווענדעט זיך צו מיר אין יידיש:

״זענט איר נישט שלמה פּולטוסקער פון רוזשאַן?״

״ווער בינסטו?״ פרעג איך.

״איך בין דער זון פון שמואלקע פלאַטקע, וועלכער האָט געהאַלטן אויפן מאַקאָווער שאָסיי א בענזין סטאַציע.״

און נאָך דערציילט ער מיר, אז ער געפינט זיך אין א מיליטערישער אָפּטיילונג נישט ווייט פון מיר. מיר באַשטימען זיך צו טרעפן, אָבער אין דער באַשטימטער שעה איז ער נישט געקומען. וויי‌זט אויס אוועק פון דאָרט. מער האָב איך פון אים נישט געהערט.

## איבערלעבונגען

איך ווער א סטאַכאַנאָוויעץ. דער צופאַל האָט געוואָלט, אז איך זאָל צוגעטיילט ווערן צו אַרבעטן אויף א גרויסער נייער טאָקאַר־מאַשין, וועלכע איז אָנגעקומען פון אמעריקע. צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער מאַשינען, וואָס אמעריקע האָט געגעבן די רוסן אין דער צייט וואָס זי איז אריינגעטראָטן אין קריג. די רוסן האָבן געגלאָצט די אויגן אויף די נייע מאָדערנע מאַשינען און אויף מיר, סעמיאָן פּאַוולאָוויטש (שלמה דער זון פון פייבל: שלמה — סעמיאָן, און פייבל — פּאַוול; וואָס איז דער וווּנדער, אז מיין פאָטער ע״ה האָט מיך געזוכט איבער גאַנץ רוסלאַנד און נישט געפונען). מיין אַרבעט איז געווען אריינצורוקן א שטאַבע פון מעטאַל און אַרויס פון דאָרט זיינען פאַרטיקע טיילן, פּינקטליך צו א צען־טויזנטל פון

א מילימעטער. דער גרעסטער ווונדער איז געווען, דאָס איך האָב פאַרגרעסערט די געוויינליכע נאָרמע דריי און פיר פאַכיק. ווירקליך האָט עס די מאשין געטאָן, אָבער איך בין באַרימט געוואָרן, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע, וועלכע האָבן געאַרבעט אויף אַמעריקאַנער מאשינען און מיין בילד ווערט אַרויסגעהאַנגען צוזאַמען מיט אַלע גרויסע "פּאַטריאָטן פון פאָטערלאַנד". איך ווער באַלוינט מיט א נייער קופּייקע, נייע וואָליקעס און א נייע ווינטער־הוט, וואָס נאָר סטאַכאַנאָווצעס באַקומען. און עס איז מיר טאַקע גוט צונויץ געקומען אין דעם סיבירער ווינטער.

מיין שמחה האָט לאַנג נישט געדויערט. נאָך א געוויסער צייט בין איך, אָן שום סיבה, אוועקגענומען געוואָרן פון דעם אַמעריקאַנער "סטאַנאָק" און איבערגעפירט געוואָרן צו א רעגולערן רוסישן, ווו כ'האָב ווייטער געמוזט אַרבעטן שווער צו מאַכן די נאָרמע און באַקומען די 700 גראַם ברויט.

דער גורל טראָגט מיך ווייטער. אונדזער באַטאַליאָן ווערט אַריבערגעפירט צו דער וואָלגע, אויף אַן אינדזל וואָס הייסט "פּיעשצאַנני אָסטראָוו". די וווינונגס־באַדינגונגען זיינען שווערע — זעמליאַנקעס איינגעגראָבן אין דער ערד. באָרוועס און אָפּגעריסן אַרבעט איך ביים אַרויסציען קלעצער פון דער וואָלגע. און ס'איז ווינטער. הענט און פיס אָפּגעפראָרן. ווונדן שלאָגן זיך אַרויס אויפן קערפּער. כ'ווער קראַנק און גענומען אין שפּיטאָל. איך האָב א לונגען־אָנצינדונג. אין שפּיטאָל קריג איך א נישטיקע דאָזע פון מעדיקאַמענטן. א טערמאָמעטער פאַר 30 קראַנקע. איך ווער געהאָלפן דורך די הענט פון א רוסיש מיידל, א קראַנקן־שוועסטער, **גאַליא דובאָווסקאַ** (און שפּעטער אויך דורך איר מוטער). גאַליא ברענגט פון קאָלכאָז פאַרשידענע שפּייז, שטריקט און נייט פאַר מיר, און וויל פון מיר דעם צוזאָג, אַז איך וועל זי הייראַטן. נאָך א פּאָר מאָנאַטן שטעל איך זיך אויף די פיס צוריק. מיין באַטאַליאָן פאָרט אַריבער קיין סווערדלאָווסק אויף אַרבעט, און גאַליא אין צווישנצייט ווערט מאָביליזירט אין דער אַרמיי. אַלץ וואָס איז מיר געבליבן פון דער שיינער, נאָבעלער נשמה איז א נאָטיצבל מיט איר נאָמען אויסגעבייט.

איך ווער א "סטאַרשינאַ" אויף א מאָדנעם אופן. איינמאָל אין א קאַלטן סיבירער ווינטער־טאָג האָט אונדזער קאָמאַנדיר אויסגעשטעלט זיין גאַנצן זאַוואָד און געפרעגט יעדן איינעם, פון וואַנעט ער קומט. די גרעסטע טייל, וועלכע האָבן אין זייערע אויגן קיין שטאָט נישט געזען, האָבן געענטפערט מיט גרויס שטאָלץ, אַז זיי זיינען פון מאָסקווע, לענינגראַד, כאַרקאָוו אאז"וו. איך האָב געענטפערט פּראָסט און פּשוט: "יאַ ס'רוזשאַנאַ!" דער נאָמען איז געפאַלן ווי א כישוף און שפּעטער בין איך געקרוינט געוואָרן אַלס "סטאַרשינאַ", מיט א צייכן אויפן אַקסל און אָרעם. איך ווער אויך דער פאַראַנטוואָרטליכער פאַר די צושטעלונג פון פּראָדוקטן פאַרן גאַרניזאָן. די וויכטיקסטע פאַראַנטוואָרטליכקייט איז געווען, דאָס איך האָב געהאַט די פעסער וואָדקאַ, וועלכע זיינען אָנגעקומען פאַרן גאַרניזאָן אַלס מתנה פאַר זייער שווערער אַרבייט.

די נאַטשאַלסטוואַ בויגט זיך כורעים פאַר מיר, ווייסנדיק אַז נאָר איך קען קאָנטראָלירן זייער מאָס וויפל זיי וועלן טרינקען. ווען דער קאָמאַנדיר פלעגט קומען אין מיין מאַגאַזין, פלעגט ער מיר שמעקן דעם מויל, און נישט פילנדיק קיין וואָדקאַ, פלעגט ער זאָגן:

"איר, יידן, קענט אפילו דעם טייוול אָפּנאַרן! ווי אַזוי מאַכסטו דאָס? שטייסט גאַנצע טעג איבער פעסער וואָדקאַ און בינסט נישט שיכור?"

דערווייל ווער איך א דייטש־קענער. מיין קאָמאַנדיר סאָלאָדניקאָוו באַראַט זיך מיט מיר

אין פאַרשידענע געלעגנהייטן, ער האָלט מיך פאַר א געלערנטן מענטשן (אוטשאָני טשעלאָוויעק). ער רופט מיך ארויס צו פאָרן מיט אים אין א דערבייאיקן דאָרף, ווו ס'געפינען זיך הונדערטער דייטשע געפאנגענע, דורכצופירן "דאפראַסן" (אויספאַרשונגען). מיין יידיש קלינגט דאָרט ווי אויסגעצייכנטעס דייטש. מיט גרויס הנאה פלעג איך זיך צוקוקן, ווי די יונקערס פון דער ריינער אַרישער ראסע ממיתן זיך איינער דעם אנדערן צוליב א פאַרציע ברויט.

איך, זייענדיק דער "טאבעלשטשיק", האָב געדאַרפט צושטעלן יעדן טאָג א חשבון, וויפל דייטשן זיינען ארויס ארבעטן, וויפל קראַנק און וויפל איבערגעפירט אויף אַן אנדער פלאַץ. מאנכעס מאָל האָב איך געמאַכט א "טעות"... און אָנגעגעבן 75 פאַרציעס ווייניקער אין דער רשימה. ביים פאַרטיילן דאָס ברויט האָבן זיך אין זיי צעשפּילט די חיהשע אינסטינקטן און זיי האָבן זיך געריסן פאַר די נעז, וויסנדיק אז עס איז נישטאָ גענוג ברויט פאַר אלעמען.

אין יענער צייט האָב איך זיך דערוווּסט, דורך דעם "ביוראָ פאַר אינפאָרמאַציע" אין מאָסקווע, דאָס מיינע עלטערן און די רעשט פון דער פאַמיליע לעבן אין קאזאכסטאַן.

## דער וועג צוריק

אין 1943, ווען ס'האָט זיך אָנגעפאַנגען שאַפן די ערשטע דיוויזיע פון פּוילישן מיליטער אויפן נאָמען פון קאָשטשיושקאָ, האָב איך זיך רעגיסטרירט. איך גיי דורך א ספּעציעלע קאָמיסיע, איך פאָר צו א באַשטימטן פּלאַץ נעבן מאָסקווע, אָבער דאָרט באַפרייט מען מיך ביז מען וועט מיך רופן...

עס דערגייען צו אונדז ידיעות, דורך די סאָוויעטישע פּרעסע און ראַדיאָ, וועגן שוידער־ליכע פייניקונגען, וואָס די דייטשע הארדעס באַגייען לגבי דער פּרידליכער באַפעלקערונג. די פּרעסע שטרייכט אונטער, אז די יידן ווערן אַמשטאַרקסטן געפּייניקט.

צוזאַמען מיט טויזנטער רעפּאַטריאַנטן פאָר איך צוריק קיין פּוילן, פּאָליאַקן זיינען איבערראַשט פון דעם יידישן צוריקקער, פון דער גרויסער צאָל יידן וואָס זיינען לעבן געבליבן. דער אַנטיסעמיטיזם איז שטאַרק ווי אימער. איצט באַזירט זיך עס אויף דעם פאַקט, דאָס יידן שפּילן א פּראָמינענטע ראָלע אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער רעגירונג. פלי־בלעטלעך ווערן פאַרשפּרייט אין נידערשלעזיע: "די יידן האָבן אונטערגעצונדן די וועלט — זאָלן זיי ביידע ברענען!" איך פיל א דראָענדיקן פינגער פאַר די אויגן.

איך באַזעץ זיך אין קאַמיענאַ־גוראַ, איינקוואַרטירט אין א הויז מיט זיבן צימערן פון א געוועזענעם דייטשן מיליטער־מאַן, אָבער דאָס הויז איז שוין אויסגערויבט דורך די פּאָליאַקן. איך באַקום א שטעלע אלס טעכנישער פאַרוואַלטער פון "טאָז" (טאָוואַרישסטוואָ אָכראַני זדראָוויאַ). מיין ארבעט איז צו פאַרזיכערן מעדיצינישע הילף פאַר די גויטבאַ־דערפטיקע אָנקומענדע יידישע באַפעלקערונג. דער "טאָז" איז דאָ געשטאַנען אין פאַר־בינדונג מיט דער סאַנאַטאָריע פאַר געוועזענע קאַצעטלער, מערסטנס פרויען, אויף וועלכע די נאַצישע דאָקטוירים האָבן געמאַכט פאַרשידענע עקספּערימענטן.

מיין ארבעט איז פאַרבונדן מיט ארומפאָרן, אין דערבייאיקן רייכנבאַך (ברעסלאַו) און אנדערע טיילן פון נידערשלעזיע. מיר קומט אויס צו פאָרן מיט דער באַן, זיצן מיט פּאָליאַקן אין די וואַגאָנעס, הערן דעם שפּעטן און לאַכן פון יידן. דאָס האַרץ פּלאַצט. איך

האָב אָפּט געמוזט אוועקדרייען דעם קאָפּ האַבנדיק דעם געפיל, אז די אויגן וואָס שפּיזן מיר דורך קענען נאָך דערקענען, אז איך בין א ייד.

דאָ און דאָרט זאמלען זיך צענויף קליינע גרופּן רוזשאנער. איך הער פון א רוזשאנער קאָמיטעט אין רייכנבאך, א צווייטן אין לאָדזש. אין קאַמיענאַ־גורא טרעף איך **אלטער** **ראָזנפעלד** (היינט אין ישראל). אין רייכנבאך באגעגן איך **חאצקל געלטשינסקי, שלמה גאָטליב, פּסח בורשטין** ע״ה און אנדערע — אלע געראטעוועט אין רוסלאנד.

**פּסח מלינעק** לאדט מיך איין צו קומען קיין ליגניצע. דערווייל געפין איך אויס, אז מיינע עלטערן וווינען אין שטשעטשין, און איך פאָר אריבער אהין. אין שטשעטשין ארבעט איך אין דער פאָלקס־שולע. צווישן די לערער זיינען פאראן ווילנער, וועלכע האָבן געארבעט צוזאמען מיט **מלכה לעוואנדע** פון רוזשאן. מלכה איז דאָרט געווען אַ שעפערישע און איבערגעגעבענע לערערין. אירע לידער זיינען געדרוקט געוואָרן אין אן אמעריקאנער יידישער קינדער־צייטונג. ווארשיינליך אומגעקומען אין ווילנער געטאָ.

אין שטשעטשין באגעגן איך **יעקב רושיניאק**, וועלכער איז טעטיק אין דער ״בריחה״ באוועגונג. כ׳טרעף אין שטשעטשין פּאַליאַקן פון רוזשאן, וועלכע זיינען, ווייזט אויס, געקומען געניסן פון דעם רויב פון די ארויסגעטריבענע דייטשן. יעדער איינער פון זיי באדויערט, כלומרשט, דאָס וואָס עס איז געשען די יידן.

מיינע עלטערן פארלאָזן שטשעטשין מיט דער רעשט פון דער פאמיליע און מאכן זייער וועג קיין מינכען, ווו זיי האָפן ווייטער צו פאָרן. אין שטשעטשין בין איך פאר א געוויסער צייט טעטיק אין די ״לינקע פועלי־ציון״. דורך דער צענטראלע בין איך, צוזאמען מיט נאָך לערער, געשיקט געוואָרן אָנצופירן א קינדער־קעמפּ אין באלקענאו (בולקאָוו).

## כ׳פארלאָז פּוילן

א קורצע צייט פאר מיין פארלאָזן פּוילן האָב איך פארבראכט דריי טעג אין ווארשע, אין פּראגע. אליין געמאכט דעם וועג צום געטאָ. די גאסן פּוסט ארום. גראָז וואקסט אויפן אָרט, ווו ס׳איז אמאָל געשטאַנען די טלאָמאצקער סינאַגאָגע. לאמטערנעס, וואָס האָבן אמאָל באלויכטן די געגנט אין שבתים און יום־טובים, ליגן אויף דער ערד צעבראָכענע. איך בין אין ווארשעווער געטאָ. א שוידער גייט דורך די ביינער. אָפּגעשטאָרבענע רעשטלעך פון טויטע גאסן. עס דוכט זיך מיר, אז איך הער א געמורמל וואָס דערציילט וועגן שרעקליכע זאכן...

איך קום פון דער סענאטאָרסקי גאס. דאָ האָט אמאָל געוווינט און געארבעט מיין פריינד **שמואליק בוכנער**. דאָ איז טעאטראלני פּלאַץ, ווו מיר פלעגן אָפט באזוכן די אָפּערע פאָרשטעלונגען. שמואליק האָט געהאט א וועג, ווי אריינצוגיין דורך א הינטער־טיר, באַ־צאָלנדיק א וועכטער און דערנאָך געזעסן אין א ליידיקער לאָזשע...

כ׳גיי ווייטער. סימאָנס פּאסאזש. ״קולטור ליגע״. אָפט געקומען צו קולטור אונטערנע־מונגען. קראשינסקיס גאָרטן. איך זע די אָפּגעברענטע בוימער און טראכט: אונטער זיי פלעג איך אָוונטן שפּאצירן מיט דער תמיד־שמייכלענדער, שיין, ווייס־ראָז פּנים און הימל בלויע אויגן — **מלכה מארגולים**.

שוויענטאָיורסקא־וואלאָווע — דאָ האָט זיינער צייט געוווינט א רוזשאנער פאמיליע ביי דעם נאָמען **שטאָק**. נישט ווייט פון דאנען — א רוזשאנער, וועלכער האָט געלעבט אין ווארשע און געפירט א ציגל־פאבריק: **פישל רייטשיק**.

איך מאך מיין וועג ווייטער, צו אלט־שטאָט. פראנציסקאנער 11, נעוואַרדיקער ישיבה, זארבראכט דאָ עטליכע פון מיינע יוגנט־יאָרן. לאנג שטיי איך און שווייג. א טויטע שטילקייט. פוסט און וויסט ארום. קיין לעבעדיקער נפש.

כ׳מאך מיין וועג צוריק, דורך געגשא. געגשא 9 — דער יידישער לערער־סעמינאר, א חורבה, נישט צו דערקענען. לאנגזאם דערגיי איך ביז צום געגשער בית־עולם. איך קוק אויף די לאנגע רייען פון מצבות, אויף די מארמאָר טאָוולען, אויף וועלכע ס׳זיינען אויסגעקריצט אויף פויליש און יידיש די נעמען פון די געפאלענע יידישע העלדן אין געטאָ.

עס ווערט טונקל. די זון פארגייט. איך וואנדער אליין צו פוס ביז מיין האָטעל אין פראגע. אזוי האָב איך מיך געזעגנט מיט דער בלוטיקער ערד פון ווארשע, און צוגלייך מיט פוילן, אויף אייביק.

## פ ר א נ ק ר י י ך, א מ ע ר י ק ע, י ש ר א ל

מיט א גרופע יידישע קינדער פאָר איך מיין וועג קיין פראנקרייך און דאָ ווער איך איינגעאָרדנט אלס לערער. די שולע איז געשטאַנען אונטער דער השגחה פון דער יידישער אגענטור און די ״לינקע פועלי־ציון״. מערסטנס פון די קינדער זיינען געראטעוועטע פון די היטלערס־הענט, צוריקגעקומענע פון רוסלאנד און אָנגעקומענע פון אנדערע אייראָפּיי־אישע לענדער.

אין פראנקרייך באגעגן איך די שיעלאנטשיקס, יאהעט מיט איר מאן און איר ברודער הערשל. איך זע זיך אויך מיט חנהטשע וויגאָדע, א יוגנט פריינד פון מיין שוועסטער טויבטשע, וועלכע איז געשטאָרבן אין ישראל. צופעליק באגעגן איך אין פאריז איטשע גלאָוואַטש, וועלכער איז נאָכן איבעררייסן זיין לערנען אין ווארשעווער לערער־סעמינאר אוועק קיין פראנקרייך. ער האָט מיר דערציילט וועגן די שבעה מדורי־גיהינום וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין צייט פון קריג. ער איז געווען אין מיליטער און שפּעטער אין דער מאקי (די אונטערגרונט ווידערשטאנדס באוועגונג).

אין פאריז האָב איך אויך באגעגנט יאָסל באַרמאַן פון רוזשאן, וועלכער האָט דאן געמאכט זיין וועג קיין קאָלאָמביא, לאטין־אמעריקע. די זעלבע צייט איז אויך געווען אין פאריז די פאמיליע ביילים, וועלוול און זין, וועלכע האָבן געמאַכט זייער וועג קיין קאנאדע אָדער אמעריקע. כ׳האָב געטראָפן נאָך רוזשאנער, אָבער זייערע נעמען געדענק איך שוין נישט, צו מיין באדויערן.

מיט דער הילף פון ״יידישן קאָמיטעט אין ניו־יאָרק״ און ״ועד ההצלה״ אין פראנקרייך דערשלאָג איך זיך אין 1948 צו די ברעגעס פון אמעריקע. איך ארבעט ביי פארשידענע מלאכות און לערן ביינאכט, ביז כ׳באקום מיין לערער דיפּלאָם. איך העלף מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער צו קומען פון די קעמפּס אין מינכען קיין אמעריקע. און דאָ זאָל מיר ערלויבט זיין צו זאָגן אָ פּאָר ווערטער, פון באשיידנקייט און כבוד, וועגן מיינע עלטערן, ביידע געשטאָרבן אין אמעריקע.

מיין פאָטער פייבל בן נחמיה ע״ה איז געווען א טיף רעליגיעזער ייד, א יושב אוהל, קיינמאָל נישט געפריידיקט און נישט געצוווּנגען זיין מיינונג אויף קיינעם. א קלוגער ייד, א משכיל, באהאלטן אין זיינע ד׳ אמות פון תורה און דאָך וואך און עמפּפינדלעך צו אלץ וואָס טוט זיך ארום, און געגנוג אינטעלעקטועל צו פארשטיין די מאָדערנע וועלט. געווען

